# ערב חורבן

מיכאל בורשטין

## ביי די טײַכן פון מאזאוויע

און

לידער פֿון 14 פּאָעטן

## ערבן חורבן



יוסף ליפּשיץ-פֿאָנד
פון דער ליטעראַטור-געזעלשאַפט ביים ייווא

דער 2טער פֿון די 4 בענד
ביידע וועלט־מלחמות אין דער יִדישער ליטעראַטור

# ערב חורבן

מיכאל בורשטין

# ביי די טייכן פון מאזאוויע

און

לידער פֿון 14 פּאָעטן

## ערבן חורבן

אונטער דער רעדאַקציע
פֿון
שמואל ראָזשאַנסקי



40סטער באַנד פֿון ציקל

# מוסטערווערק פֿון דער יידישער ליטעראַטור

אַרויסגעגעבן פֿון

**י ו ס ף  ל י פּ ש י ץ ־ פֿ אַ נ ד**

פֿון דער

**ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט ביים יִווֹאָ**
**אין אַרגענטינע**

אונטער דער רעדאַקציע
פֿון
שמואל ראָזשאַנסקי


קאָרעקטור
יעקבֿ יהושע לערמאַן

טיראַזש: 1.500 עקז׳

יאָר ה׳תש״ל — 1970
ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט ביים ייוואָ אין אַרגענטינע

# תוכן

זײַט

## ביבליאָגראַפיע:

**מלך ראַוויטש** — מײַן לעקסיקאָן, **מאָנטרעאָל 1945.**
**א. מוקדוני — מ. בורשטין, אין** זאַמלביכער, **ב"י, ז' 7.**
**י. י. טרונק** — די יידישע פּראָזע אין פוילן, **ב"א 1949.**
**שלמה שווייצער** — יאָרבוך, **ב' 2, ת"אָ 1967.**

# ביאָגראַפֿישע שטריכן

מיכאל בורשטין האָט ערשט צו די 34 יאָר זיך באַוויזן ווי אַ יידישער שרײַבער.

געבוירן 17 יולי 1897 אין בלוינע, בײַ וואַרשע, איז ער פרי אַוועק פון חדר און פון טאַטן דעם למדן, אַוועק קיין וואַרשע, צו אַרבעטן און לערנען. צו ערשט געווען אויטאָדידאַקט. געענדיקט גימנאַזיע ווי אַן עקסטערן און זיך אָפּגעגעבן צו געשיכטע, פי־



מיכאל בורשטין, געצייכנט י. פרידמאַן

לאָסאָפיע און ליטעראַטור. שפּעטער געענדיקט לערער־קורסן, געוואָרן לערער און זיך אויסגעפּרוווט אין פּויליש. דאָך געוואָרן אַ שרײַבער — אין ייִדיש.

בענוג געווען, עס זאָל זיך באַווײַזן אין 1931. אין ווילנע, זײַן ערשטער ראָמאַן, איבער די חורבות פון פּלוינע, וואָס שילדערט דעם געראַנגל צווישן קאַמף אויפן אָרט און עליה, אַז הן די קריטיק, הן דער לייענער־עולם זאָל אים וואַרעם אויפנעמען. נאָכן חורבן, אין 1949, איז אין ב״א, אין פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום“, דערשינען דאָס בוך אין דער 2טער אויפלאַגע, מיט אַן אַרײַנפיר פון יעקב באָטאָשאַנסקי.

אין 1936 איז אין וואַרשע דערשינען בורשטינס צווייט בוך, דער ראָמאַן גורל, וועלכער האָט באַדאַרפט אַרויספאַרן ערשטן, ווײַל די האַנדלונג באַציט זיך צו אַ פריערדיקן פּעריאָד פון דער ייִדישער דראַמע אין פּוילן, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָ ווערן געשילדערט אַסימילאַטאָרן, גבירים, וועלכע ס׳פּאַסט נישט זיך אויסצומישן מיט די פּשוטע ייִדן, ווײַל זיי לויפן צו די גויִים, בייגן זיך אין דרײַען, זייערע ווײַבער וואַרפן זיך אין די אָרעמס פון ערשטן־בעסטן פּאָסטאָקראַט, אַ פּריץ, און סוף־כל־סוף ווערן די ייִדישע יחסנים אַרויסגעשלײַדערט פון די אַנטיסעמיטן גלײַך מיט די „פּראָסטע ייִדן“...

אין 1937 דערשײַנט אין וואַרשע, מיט דער הילף פון פּ.ע.נ.־קלוב, בורשטינס 3טער ראָמאַן, בײַ די טײַכן פון מאַזאָוויע, וואָס שילדערט די פּאָגראָם־אַטמאָספער אין פּוילן נאָך פאַר היטלערס אינוואַזיע, ווען עס זײַנען קליינע מעגלעכקייטן געבליבן צו עמיגרירן און עולה זײַן. דאָס בוך דערשײַנט אין אַ 2טער אויפלאַגע אין מאָסקווע, אין 1941, און אין אַ 3טער אויפלאַגע, אין 1951, אין קאָמוניסטישן וואַרשע, ווו עס זײַנען אויסגעמעקט פאַרשיידענע „באַלעבאַטישע“ שטעלן און צוגעשריבן, ערטערווײַז, גאַנצע זײַטלעך, וואָס ווײַזן אַז נאָר די קאָמוניסטן האָבן געקעמפט קעגן די פּריצים און זייערע סטודענטלעך...

מ. ב. האָט נאָך באַוויזן אין 1938 אַרויסצוגעבן אַ בוך דערציילונגען, ברויט מיט זאַלץ, בעת ער איז שוין געווען אַן אָנגענומענער מיטאַרבעטער אין פאַרשיידענע צײַטונגען און ליטעראַרישע זשורנאַלן, אין פּוילן און אַמעריקע.

ב. איז נאָכן אויסבראָך פון קריג אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק, אונטער די סאָוועטן. איז אין 1941 געווען אין מאָסקווע, וואַרעם אויפגענומען פון די ייִדישע שרײַבערס. ער פאַלט אָבער אַרײַן אין קאָוונע צו די נאַציס. אַ צײַט געלינגט אים זיך אויסצובאַהאַלטן און רופן צו ווידערשטאַנד. געטריבן פון איין געטאָ צום צווייטן, שרײַבט ער און פאַרמעסט זיך אַפילו אויף אַ גרויסן ווערק. ער ווערט אָבער געפאַנגען און געבראַכט אין דאַכאַו, ווו ער ווערט נאָך שווערן פּײַן אומגעבראַכט סוף מאַרץ 1945.

# דער אָנזאָג פֿון חורבן אייראָפּע
# אין דער יידישער פֿאַרמלחמהדיקער ליטעראַטור

## די שטאַפּעטן פֿון דער צײַט

זעלטן ווען האָט אַ ליטעראַטור אַזוי פּינקטלעך איבערגעגעבן די דראַמאַטישע קאָנפֿליקטן פֿון לעבן, פֿון יחיד ווי פֿון כלל, ווי דאָס איז געשען אין דער ייִדישער ליטעראַטור אין פּוילן, ערבֿ דעם אויסבראָך פֿון דער 2טער וועלט־מלחמה. הגם עס האָט געלויערט און גערויערט איבער פּוילן דאָס געשפּענסט פֿון סאָלדאַטעסקאַ, דיקטאַטור, רדיפֿות און צענזור מכל המינים, נאָך פֿרײַער מיט יאָרן פֿאַרן אָנקום פֿון די נאַציס אין פּוילן, פֿון דעסט וועגן איז די צונג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור נישט געווען געבונדן. פֿאַרקערט, אַפֿילו ווען זי האָט גערעדט פֿאַרשטעלט, האָט זי געזוכט צו ווײַזן „אַלץ, אומעטום אין דער באַוועגונג" [1]. אַזוי אַרום געפֿינען מיר אין דער פֿאַרמלחמהדיקער ייִדישער ליטעראַטור דעם אָנזאָג פֿון חורבן אייראָפּע. אַפֿילו דורך אַ גרויסער צאָל כאַאָטישע שטימונגען און בילדער דערשפּירן מיר די פֿאָרגעפֿילן און דערזעען די געשעענישן, וואָס האָבן מיט שוואַרצע פֿליגלען געפֿאָכעט איבערן ייִדישן לעבן, צוגענומען דעם שלאָף און פֿאַרביטערט די וואָר. אין דעם זעט מען, „ווי ווײַט בעלעטריסטיק קען באַטראַכט ווערן ווי אַ קוואַל פֿון געשיכטע" [2].

ווי די שנעלסטע און טרײַסטע שטאַפֿעטן פֿון דער צײַט האָבן

---

[1] י.־ל. פּרץ — „וואָס פֿעלט אונדזער ליטעראַטור", מוסטערווערק ב׳ 12, אין 20סטן יאָרהונדערט, ז׳ 235.

[2] William M. Glicksman - **In the Mirror of Literature**, New York (1957?), pp. 79-80.

זיך אַרויסגעוויזן ייִדישע פּאָעטן. ווי אַ טרויעריקע נבֿואה קלינגען די פּערזן, וואָס דער דיכטער האָט אויפֿגעשריבן נאָך אין 1933:

אונדז וועלן גאַזן אויסוועדגן. מיר וועלן ליגן אונטער אַשן.
און ס׳גרינע דאָרף וועט ירשענען די טויטע כרכן.
אַ יונגער רעגן וועט די ערד, די אַלטע, וואַשן
און זאַכן וועלן ריידן נײַע שפּראַכן —
און גאָט וועט נידערן, און קינדער וועלן לאַכן [3].

שוין אין 1939 האָט דער דיכטער געזען קלאָר און שאַרף אין די גרעסטע פֿינצטערנישן גלײַך ווי אין 1946, נאָך די גיהנום־יאָרן, ווי:

דורך רציחה, גנבה, גזילה — אין שווינדל פון פאַראַטן
געשען דער גרויל איז אומדערזען און אומדערהערט:
מען האָט די זון פאַרוואַנדלט אין אַ געלע לאַטע
פאַר פיל מיליאָנען מענטשן אויף דער טרויעריקער ערד!

די געלע לאַטע האָט געפלאַמט פון הינטן און פון פאָרנט,
דאָס האַרץ און מאַרך געברענט און אויסגעברענט,
די זון — די געלע לאַטע האָט געגרימט, געצאָרנט,
די זון האָט יעדן אונדזער טאָג מיט ליכט געשענדט! [4]

די שאַרפֿע וואַכזאַמקייט און שפּירעוודיקייט פֿאַר די געשעענישן פֿון דער צעשטורעמטער וועלט האָט די ייִדישע ליטעראַטור אַרויסגעוויזן שוין אין די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און רעוואָלוציע, ווען די ייִדישע פּאָעזיע האָט סינקראָניזירט דעם טרויער, צאָרן און דראַנג פֿון צעמיתטן ייִדישן לעבן. די יונגע זײַנען עס געוועזן די שטאַפּעטן, וועלכע זײַנען צעכראַסטעטע אָנגעלאָפֿן

---

[3] אַהרן צייטלין — „פּיר סטראָפֿן״, גלאָבוס נ׳ 18, ז׳ 60, וואַרשע 1933. מסתמא „צוליב״ צענזור־טעמים האָט דער דיכטער קאַמופלאַזשירט זײַנע שאַרף־שנײַדיקע פּערזן אונטער דעם גאָרניט־זאָגנדיקן טיטל „פּיר סטראָפֿן״. מיט די דאָזיקע סטראָפֿן ווערט אָפּגעשלאָסן דער אָ באַנד, ערב חורבן.

[4] משה בראָדערזאָן — „י״ (50 לידער), לאָדזש 1939, מוסטערווערק ב׳ 8, ז׳ 127.

פֿון אַלע זײַטן און געבראַכט די נײַסן, דער עיקר דורך פֿערזן פֿון דיכטערס, וואָס האָבן שפּעטער זיך אַרויסגעוויזן ווי גרויסמײַסטערס אין אונדזער וואָרטקונסט. אין פּוילן איז צווישן ביידע וועלט־מלחמות פֿאַרשאַרפֿט געוואָרן די דאָזיקע וואַכזאַמקייט און שפּירעוודיקייט און זי קומט צום אויסדרוק נישט בלויז אין דער קורץ־אָטעמדיקער ליטע־ראַטור, אין ליד, נאָר אויך אין לאַנג־אָטעמדיקן וואָרט, אין פּראָזע, אמת, ניט אין שטאַרק פֿאַרטיפֿטע ראָמאַנען און נאָוועלן, אָבער דאָך אין פּראָזע, אויף ברייטע לײַוונטן, מיט בילדער פֿון דער רויער און גרויערווירקלעכקייט.

דאָ זעט מען, אַז „די קונסט — דאָס איז איין גרויסע בענקשאַפֿט, די בענקשאַפֿט צו געשטאַלטיקן. אָט די בענקשאַפֿט — זי איז דאָס דער ראָמאַנטיזם, אַפֿילו ווען זי איז רעאַליסטיש געקליידט, צי אַפֿילו ווען זי איז סימבאָליסטיש פֿאַרקליידט"[5].

אין זכות פֿון אָט דער בענקשאַפֿט — „אַפֿילו ווען זי איז רעאַ־ליסטיש געקליידט" — דערשײַנען אין דער היסטאָרישער פּערספּעק־טיוו מיט העלן ליכט צו מאָל מיטלמעסיקע שרײַבערס. זייער קלאָר־זעעוודיקייט און זייער חוש פֿאַר דער ווירקלעכקייט הייבט זיי אַרויס. דורך דעם, וואָס זיי האָבן געשילדערט די ווירקלעכקייט, דאָס לעבן וואָס איז דערנאָך פֿאַרברענט געוואָרן, זײַנען זייערע ליטעראַרישע בײַטראָגן געוואָרן וויכטיקער, ווי אַ זכר פֿון דער פֿאַרברענטער היים...

די פֿאַרמלחמהדיקע ייִדישע ליטעראַטור האָט דערפֿאַר אַ צוויי־פֿאַכן ווערט פֿאַר אונדז: ווי וואָרטקונסט און ווי היסטאָרישע דאָקו־מענטאַציע פֿון דער אומגעהײַער צערודערטער עפּאָכע, וואָס טרינקט זיך אין בלוט און אין טרערן.

---

[5] יחיאל האָפּער — „יוסף אָפּאַטאָשו, דער פּוילישער ייִד", מיט יענעם און מיט זיך, תל־אָביב 1964, ז' 210.

## אין קעסלגרוב צווישן ביידע וועלט־מלחמות

דאָס קאַפּיטל ייִדיש לעבן אין פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות דאַרף אייגנטלעך באַטראַכט ווערן ווי אַ פּראָלאָג צו די טראַגישע געשעענישן אונטער דער נאַצישער ממשלה.

באַגלײַך מיט דער אומאָפּהענגיקייט, וואָס פּוילן האָט געקראָגן אין 1918, האָט זיך טאַקע צעבליט דער ייִדישער ישוב קולטורעל און נאַציאָנאַל־פּאָליטיש און סאָציאַל, אָבער די דאָזיקע דערפֿרייענדיקע פּראָצעסן אינעם ייִדישן לעבן זײַנען באַגלייט געוואָרן דורך פּערמאַנענטע עקספּלאָזיעס פֿון אַנטיסעמיטיזם און שטיקנדיקן דלות, וואָס איז אין גאָר אַ סך פֿאַלן געווען אַ רעזולטאַט פֿון אָט דעם וואַקסנדיקן ייִדנהאַס, אין אַ גרויסן טייל אימפּאָרטירט דורך דײַטשישע פּאָליאַקן, דאָס רובֿ אַראָפּגעקומענע לעגיאָנערן פֿון פֿראַנקרײַך, „האַלערטשיקעס” (פֿון האַלערס אַרמיי). עמיגרירן איז דערפֿאַר געוואָרן אַ גאולה־אילוזיע, אַפֿילו ווען דער אויסקוק איז געווען געווענדט צו אַן אַמעריקאַנער לאַנד... די עמיגראַציע־מעגלעכקייטן זײַנען אָבער פֿון חודש צו חודש געוואָרן קלענערע, סײַ ווײַל כמעט אַלע לענדער האָבן געשלאָסן זייערע טויערן אָדער באַשווערט די דערלויבענישן, סײַ מחמתן פֿעלן פֿון דעם ביסל געלט אויף הצאות.

אונדזער אַרבעטזאַמסטער פֿאָרשער־סטאַטיסטיקער פֿון דער אָ תּקופֿה ווײַזט מיט ציפֿערן, אַז בעת די ייִדישע באַפֿעלקערונג האָט אין 1921 באַטראָפֿן 10,5 פּראָצענט פֿון דער באַפֿעלקערונג, איז זי אין 1931 געווען 9,8 % און אין 1938 נאָך וויניקער, 9,4 פּראָצענט. די אַלגעמיינע באַפֿעלקערונג פֿון פּוילן איז אין 1921 געווען פֿון 27,201,300 נפֿשות און אין 1931 האָט זי געציילט 32,132,900 נפֿשות. דער צוווּקס, הייסט עס, איז געווען פֿון 4,931,600 נפֿשות, וואָס מיינט 18,1 %. נעמט מען אָבער די ציפֿערן פֿון יעדער רעליגיעזער גרופּע אין פּוילן אין די אָ 10 יאָר, פֿון 1921 ביז 1931, זעט מען, אַז בעת בײַ רוימיש־קאַטוילישע (פּאָליאַקן) זײַנען צוגעקומען 21,8 פּראָצענט, בײַ די גריכיש־קאַטוילישע (אוקראַיִנישע א״אַ) 18,1 % און בײַ

עוואַנגעליקערס (דײַטשן) 17,4 % — איז בײַ די ייִדן דער צוװוּקס געװען נישט מער װי 10,2 פּראָצענט. אין די זעלביקע 10 יאָר איז די שטאָטישע באַפעלקערונג געשטיגן מיט פּוילישער באַפעלקערונג אַזש 82,1 %, אָבער בײַ ייִדן בלויז — 13,7 פּראָצענט![6]

דער דאָזיקער פאָרשער, װעלכער האָט אַליין דעמאָלט נאָך געהערט צו די ענטוזיאַסטן פון דאָזיקייט, איז נאָכן פאַרטיפן זיך אין די ציפערן און פּראָבלעמען פון אָרעמקייט אין פּוילן צװישן ביידע װעלט־מלחמות געקומען צום אויספיר, אַז „מיר האָבן פאַר זיך אַ פּראָבלעם פון װײַזן אַ װעג, געפינען אַן אויסװעג פאַר 200,000 ייִדישע יונגע מענטשן אין עלטער פון 15 ביז 24 יאָר, אַרויסרײַסן פון תהום פון דלות און נויט, פון יאוש און מרה־שחורה כמעט אַ העלפט פון אונדזער יוגנט". און דער ציפערן־מײַסטער האָט זיך דערשראָקן פאַר זײַנע אייגענע ציפערן און אויסגערופן: „אַ פּראָבלעם אַ באַרג — קאָן מען גאָר חלומען צו פאַרענטפערן אַזאַ פּראַגע מיט פּריװאַטע געזעלשאַפטלעכע מיטלען? מעג מען גאָר שאַפן אַן אילוזיע, אַז מען קאָן אַזאַ געזעלשאַפטלעכע משׂא אויפהייבן?"... און נאָכן אָװעקשטעלן אַזוי שאַרף די פראַגע האָט ער אַליין געענטפערט, װאָס מיט דעם האָט ער זיך אָנגעהויבן װענדן צו אַ גאַנץ נײַעם (פאַר אים) געדאַנקען־גאַנג: „װעגן פאַרענטפערן חלומט טאַקע קיינער נישט — האָט ער זיך אָראָפּגערעדט פון האַרצן — און קיין שום קאָנסטרוקטיװער פּלאַן און קיין שום געזעלשאַפטלעכע אַרבעט קאָן זיך נישט אונטערנעמען ראַדיקאַל צו פאַרענטפערן די באַרג־פּראָבלעמען, װאָס שטייען פאַר אונדז. דאָס זײַנען מלוכה־פּראָבלעמען און נאָר אין מלוכה־מאַסשטאַב און מיט מלוכה־מיטלען קאָנען זיי פאַרענטפערט װערן"[7].

פאַרענטפערן! דאָס איז געװאָרן איינע פון די באַליבטסטע קלינג־

---

[6] יעקב לעשטשינסקי — „די ייִדישע באַפעלקערונג אין פּוילן", די יודישע עקאָנאָמיק נג' 2—3, װילנע 1937.

[7] יעקב לעשטשינסקי — „װעגן אַ קאָנסטרוקטיװן פּלאַן פאַר די פּוילישע ייִדן", די יודישע עקאָנאָמיק נג' 1—2, יאַנואַר־פעברואַר 1938, ז' 17.

ווערטער. פֿון אַלע זײַטן האָבן זיך דערהערט ווידוים און על חטא. נאָך היטלערס ווערן הערשער אין דײַטשלאַנד איז טאַקע געקומען דער באָיקאָט, אָבער „מען האָט זיך פֿאַר דעם יאָר צוגעשווינט צו דעם געשעענעם אומגליק... די גרויסע כּנסת־ישׂראל האָט זיך צוגע־כאַפּט צו די דרכים, מיט וועלכע מען איז געגאַנגען אין די פֿריִער־דיקע צײַטן. פֿון איין זײַט צדקה־הילף צו די גערודפֿטע און געיאָגטע; פֿון דער אַנדערער זײַט — הנותן־תּשועה... „הנותן תּשועה שרײַען, זינגען און שעפּטשען כּמעט אַלע ייִדישע פּאָליטישע און קהלשע מחנות, באַלעבאַטישע און פּראָלעטאַרישע גאַנץ גלײַך"[8]...

עס ווערט אַ גערעטעניש אויף ליטעראַטור פֿון זעלבסטקריטיק און מאַזאָכיזם. עס באַווײַזט זיך אַפֿילו אַזאַ אַכסניה מיטן טרעפֿלעכן נאָמען, ווו אַלע מיטאַרבעטערס באַגרינדן דעם געדאַנק, אַז דאָס ייִדישע לעבן שטייט על פּרשת דרכים מער ווי ווען עס איז פֿריִער. „די שוואַרצזעערס צווישן אונדז — און ווער קען איצט זען העל? — באַשטייען מיט עקשנות דערויף, אַז אַזעלכע רדיפֿות ווי די איצטי־קע האָט נאָך דאָס ייִדישע פֿאָלק קיין מאָל אין זײַן געשיכטע ניט איבערגעלעבט"[9]. אַנטקעגן די וואָס האָבן רעקאָמענדירט שנעלע עוואַקואַציע פֿון „אַ מיליאָן ייִדן" פֿון פּוילן לפּחות איז געקומען דער ענטפֿער, אַז „דער חורבן פֿון פּוילן — דאָס מוז בײַ אונדז כּסדר איבערגעחזרט ווערן — איז דער חורבן פֿון ייִדישן פֿאָלק. עס איז ניטאָ קיין יציאת גלות, ווען 16 מיליאָן מענטשן ווילן צונויפֿפּאַקן זייער באַגאַזש און זיך אַ לאָז טאָן אין וועג צום ייִדישן לאַנד. מיר זײַנען געווען און מיר בלײַבן נאָך אויף אַ לאַנגער צײַט אַ גלות־פֿאָלק. דאָס איז אונדזער גורל, און קיין אויסוועג פֿון גלות איז, לפּחות פֿאַר די נאָענטסטע דורות, ניט צו זען"[10]. אַלע זוכן אָבער

[8] י. נ. שטיינבערג — „אַ גרויסע צײַט — אַ קליינער דור", פּרײַע שריפֿטן, באַנד 16, וואַרשע 1934, זז' 4—6.

[9] א. טשעריקאָווער — „די טראַגעדיע פֿון אַ שוואַכן דור", אויפֿן שייד־וועג, זאַמלבוך נ' 1, פּאַריז 1939, ז' 5.

[10] א. מענעס — „אונדזער וועג און אונדזער גורל", ד"ז, ז' 72.

פֿאָרט אַן אויסוועג. אמת, „ייִדן האָבן איבערגעלעבט אַזוי פֿיל צורים, וועלן זיי די איצטיקע ביטערע צײַט אויך איבערקומען", אָבער דאָס אומגליק האָט געטראָפֿן דאָס ייִדישע וועלטפֿאָלק צעריסן און צעברעקלט — נו, איז וואָס זשע „זײַנען זיי, אָט די בראָכשטיקער פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק: זײַנען זיי גלאָז אָדער זײַנען זיי שטאָל? צי וועלן די קלעפּ פֿון שווערן האַמער זיי צעברעקלען אויף לעצט אָדער זיי צונויפֿשמידן אין אַ נײַער איינהייט?" [11]... איז וואָס שײַך צו דער צוקונפֿט, זײַנען נאָך געווען אָפּטימיסטן. די זעלביקע האָבן דאָס אָבער נישט געזען אין דער קעגנוואַרט. אַזוי אַרום — איז געווען דער אויספֿיר — קען געמאָלט זײַן, אַז „ווען ישׂראל וועט אַרויס פֿון זײַנע איצטיקע צרות און שווערע נסיונות געשטאַרקט, געריייניקט, געלײַטערט, אויפֿגעהויבן, דורכגעלויכטן, וועט ער צוקומען צו זײַן פֿולער שלימות, סײַ אינעם „ברית עם" און סײַ אַלס טרעגער פֿון העלן ליכט פֿאַר אַלע פֿעלקער; דערווײַלע אָבער איז — לא הא ולא הא; ניט מיר דערפֿילן די מיסיע פֿון „אור לגויִם" אין איר ריכטיקער שלימות, און ניט מיר שאַפֿן דעם „ברית עם" לויטן רייִנעם ווונטש פֿון דער נבֿואה" [12].

אַן אמתער דור הפּלגה, דער דור צווישןביידע וועלט־מלחמות.

נאָר אין אָט דעם כאַאָס האָט געקאָנט קומען צו אַזאַ מאַדיר־אַבעראַציע, אַז אַ סך ייִדן אין פּוילן, פֿאַרבענקטע נאָך פֿרײַהייט, זאָלן אַרײַנפֿאַלן אין די אָרעמס פֿון אַ באַוועגונג, וואָס איר מוסטערלאַנד האָט יעדן אַנדערש דענקענדיקן מענטשן געגעבן — טורמע, סיביר אָדער אַ קויל אין קאָפּ...

אין דעם זעלביקן יאָר 1937, ווען די מאָסקווער פּראָצעסן האָבן געגעבן אַ הכשר אויף מאַסן־עקזעקוציעס, האָבן פֿרײַהייט ליבנדיקע ייִדן אין פּוילן געהאָלפֿן אין פּאַריז די אָנהענגערס פֿון דער בלוטיק־

---

[11] ז. קלמנאָוויטש — „אונטערן האַמער פון דער געשיכטע", ד"ז, ז' 46.

[12] הלל צייטלין — „צי האָבן מיר אויסגעפירט אונדזער שליחות?", ד"ז, ז' 88.

סטער דיקטאַטור צו שאַפֿן אַ „קולטור־פֿאַרבאַנד“, ייִקוף, קעגן דער „כוואַליע פֿון קולטור־רעאַקציע... כּדי צו שיצן די דעראָבערונגען פֿון פֿרײַען מענטשלעכן גײַסט און אירע קולטור־דערגרייכונגען“[13]...

אָט די פֿילזײַטיקע מאַסן־צעטומלונג קומט צום אויסדרוק אין דער ייִדישער בעלעטריסטיק אין פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

בעת די פּאָעזיע האָט גלײַך נאָכן ערשטן וועלטקריג געלאָזט הערן די צערודערונג און דעם צאָרן, וואָס עס האָבן געבראַכט די רעוואָלוציע און די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, איז אין דער פּראָזע געקומען דער שאַרפֿער און קאָלירפֿולער ראָמאַן, עוזר וואַרשאַווסקיס שמוגלאַרס, וועלכער ווײַזט די דעמאָראַליזאַציע און הפֿקרות, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אויך די ייִדן אין שטעטל אונטער דער דײַטשישער אָקופּאַציע אין פּוילן, אַ קאַפּיטל צו וועלכן עס קומט אויך שפּעטער, אין 1935, לייב ראַשקין אין זײַן ברייטלײַוונטיקן ראָמאַן די ייִדן פֿון גאָדלבאָזשיץ, כּדי צו ווײַזן אַז די שפּעטערדיקע קריזיסן אין דעם ייִדישן לעבן אין פּוילן האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך אין דעם ערשטן וועלטקריג.

כאַראַקטעריסטיש, אַז ביידע מײַסטערווערק פֿון י. י. זינגער און יצחק באַשעוויס זײַנען די ראָמאַנען ברידער אַשכּנזי און פֿאַמיליע מושקאַט, וועלכע שטעלן־פֿאָר די צעפֿאַלונג פֿון ייִדישן יחוס אין פּוילן, פֿון דער משפּחה אין דער גרויסשטאָט, ווו די פֿאַרמעגנס האָבן בלויז געדינט אויף אַראָפּצושטופּן אין זומפּ...

צווישן די דאָזיקע בעלעטריסטן איז מיכאל בורשטין אַ דער־ציילער מיט ווייניקער קראַפֿט צו שילדערן איינצלנע געשטאַלטן און מיט נאָך ווייניקער דערצייל־אָטעם. דערפֿאַר אָבער האָט ער די מעלה געהאַט, וואָס ער האָט שאַרפֿער געזען און געוויזן דעם כּלל, די צײַט, אומדרו פֿון כּלל און צײַט־אידייען, מענטשן אין פֿלאַטער פֿון דער תּקופֿה. מיכאל בורשטין איז אַזאַ קורץ־אָטעמדיקער ראָמאַניסט.

---

[13] ש. לעוו — „וועגן אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס“, שריפֿטן ב׳ 2, וואַרשע 1937, ז׳ 39.

## דרײַ ראָמאַנען — דרײַ זײַטן פון ייִדישן לעבן אין פוילן

מיכאל בורשטין, וועלכער איז טראַגיש אויסגעגאַנגען אין די נאַצישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, „איז אפֿשר דער פּויליש־סטער שרײַבער אין דער ייִדישער ליטעראַטור אין פוילן" — כאַראַקטעריזירט אויך דורך די טיטלען פֿון זײַנע וויכטיקסטע ווערק — „זײַנע ביכער טראָגן טאַקע די נעמען פֿון פוילישע שטעט און פוילישע לאַנדשאַפֿטן"[14]. להיפּוך צו די רויע טאַלאַנטן, וואָס איטשע־מאיר ווײַסנבערג איז זייער העכסטער אויסדרוק, איז מיכאל בורשטין אַ שרײַבער מיט שול, מיט דרך־ארץ פֿאַר גראַמאַטיק און באַהערשונג אין סינטאַקסיס. ער פֿירט דאָס וואָרט, נישט ער לאָזט זיך פֿירן. איז אַ שרײַבער מיט דיסציפּלין און מאָס, שפּאָרזאַם און אויסגערעכנט. דערפֿאַר פֿעלט בײַ אים שרײַבערישע לײַדנשאַפֿט און אַפֿילו די שטורמישסטע סצענעס האָבן ווייניק טעמפּעראַמענט און קיין סימן נישט פֿון פּאַסיע, כאָטש אין אַלע זײַנע דרײַ ראָמאַנען שילדערט ער סבֿיבֿות און געשעענישן, וועלכע וואָלטן בײַ טייל שרײַבערס געווען — ווולקאַנען...

מיכאל בורשטין איז מיושבֿדיק אין זײַן שרײַבמאַניר. אַנשטאָט צו זאָגן אַ זאַץ מער זאָגט ער אַ זײַט ווייניקער. שפּאָרזאַם. טייל מאָל קאַרג. נעמט זיך עס דערפֿון, וואָס ער איז אַריבער פֿון פויליש צו ייִדיש? האָט ער מורא געהאַט צו שרײַבן וועגן שטעטל, נאָך דעם ווי אונדזערע גרעסטע מײַסטערס האָבן געוויזן זייער וואָרט־מײַסטערשאַפֿט שילדערנדיק דאָס שטעטל? אפֿשר איז דאָס די סיבה, וואָס ער האָט געהאַמעוועט זײַן אימפּעט אין די טעמעס, וואָס ער האָט אַנטוויקלט אין זײַנע ווערק, וועלכע קענען באַטראַכט ווערן „ווי דרײַ אַגאָניע־מאָמענטן, ווי אַ פּראָלאָג צו אונדזער גרויסער טראַגעדיע"[15]. גורל שטעלט־פֿאַר ייִדישע אַריסטאָקראַטן, וואָס קריכן צו די פּאָליאַקן אַזש אין די שלאָפֿצימערן, אָבער דער סוף איז, אַז די פּאָליאַקן נע־

---

[14] י. י. טרונק — די ייִדישע פּראָזע אין פוילן, ב"א 1949, ז' 88.

[15] א. מוקדוני — „מ. בורשטין", זאמלביכער ב' 7, נ"י 1948, ז' 368.

מען זיי באַריקאַטירן און פֿאַרפֿאָלגן פּונקט ווי אָרעמע ייִדעלעך... דאָס איז פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין איבער די חורבֿות פֿון פּלוי־נע ווײַזט בורשטין, ווי ייִדן זוכן זיך צו ראַטעווען צווישן ביידע וועלט־מלחמות, ווער דורך חלוציזם, דורך אַנטלויפֿן קיין ארץ־ישׂראל, און ווער דורכן „קאַמף אויף די ערטער", אָבער אַלע ראַנגלען זיך און קיינער וויל זיך נישט אונטערגעבן. בײַ די טײַכן פֿון מאַזאָוויע, „דער דריטער אַגאָניע־מאָמענט", ווײַזט אָבער, ווי פּאָליאַקן אַליין הייבן־אָן פּראַקטיצירן היטלעריזם, ביז עס ווערט דורכגעפֿירט אַ פּאָגראָם, נאָר עס זײַנען דאָ ערלעכע ייִדן, וועלכע דערשפּירן דאָס געבאָט פֿון דער צײַט און שטעלן זיך אײַן פֿאַר טובֿת הכּלל, שווערנדיק צו־ריק אויפֿצובויען דאָס חרובֿ געוואָרענע לעבן.

הגם די דאָזיקע דרײַ קליינע ראָמאַנען אויף גאָר גרויסע טעמעס זײַנען פֿון פֿאַרשיידענע ליטעראַרישע ווערטן — מיכאל בורשטין איז געשטיגן פֿון ווערק צו ווערק און „דאָס בעסטע ווערק זײַנס איז בײַ די טײַכן פֿון מאַזאָוויע" [16] — בילדן זיי אַ טרילאָגיע, וואָס איז אַ ווערטפֿולער צושטײַער צו דער געשיכטע פֿון דער גרויסער ייִדישער טראַגעדיע אין פּוילן פֿאַר היטלערס אָנקום. „דער קינסטלערישער ווערט פֿון בורשטינס ווערק ליגט אין זײַן געבן אַ טרײַ בילד פֿון דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן לעבן פֿון פּוילישן ייִדנטום, ספּעציעל אין דער גראַבסקי־ערע... בורשטין מאָלט דאָס לעבן אין פּוילן במשך פֿון דעם יאָרצענדלינג פֿון דעם באַנײַטן פּאָליטישן אַנטיסעמיטיזם. דאָס איז געווען די צײַט פֿון די בלוטיקע פּאָגראָמען אין פּשיטיק, ביעלסק, מינסק און טשענסטאָכאָוו, וועלכע זײַנען געווען אַ מין פּראָלאָג צו דער שוידערלעכער היטלער־ערע" [17]. דאָס גייט צו פֿאַרשטיין, הלמאי דער חורבן אין פּוילן איז געווען גרעסער ווי אין אַנדערע לענדער. אמת, ייִדן אין פּוילן האָבן אויך געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. עס איז אָבער נישט געווען „קיין האָפֿענונג, אַז עס זאָל עפּעס וואָס באַשאַפֿן

[16] ד״ז, ז׳ 369.
[17] William M. Glicksman, **In the Mirror of Literature**, pp. 79-80.

ווערן, וואָס זאָל קענען האָבן אויטאָריטעט אין די אויגן פֿון ייִדן אָדער נישט־ייִדן. די דעמאָראַליזאַציע, די הפֿקרות האָט טיף צעפֿרעסן די ייִדישע בורזשואַזע געזעלשאַפֿט. דער קאַריעריזם טאַנצט אַ שדים־טאַנץ, וואָס שטעלט זיך נישט אָפּ פֿאַר די מיאוסע מעשׂים. מסרן און לעקן די שטיוול פֿון פּריץ איז געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשײַנונג אין אַלע ייִדישע קהילות"[18]. די אינדזלען פֿון מוטיקע און דערהויבענע מענטשן זײַנען אומעטום גאַנץ קליינע... „די ציוויליזאַציע בליט און דאָס ייִדישקייט ווערט חרובֿ"[19]. דערפֿאַר זײַנען בײַ אונדז אַזוי אָנגעלייגט יענע עדות פֿון קולטור־הונגער, וואָס זײַנען געקומען צום אויסדרוק אין פֿאַרמלחמהדיקן פּוילן אויף אַ רירנדיקן אופֿן. מיר האָבן געזוכט אַ טרייסט. מיר זוכן אַ טרייסט. מײַדן מיר אויס צו ריידן וועגן די פֿעלערן און ס'איז אונדז ליבער צו ריידן וועגן די מעלות... און עס זײַנען געווען ווונדערלעכע ליכטפּונקטן אין דעם ייִדישן לעבן אין פּוילן: געווען קרײַזן, וואָס האָבן זיך מקריבֿ געווען פֿאַר ייִדישע שולן. אין הונגער־יאָרן איז רעכט געווען, אַז אין ווילנע איז אַ ייִדישע ביבליאָטעק באַזוכט געוואָרן טעגלעך דורך „בערך 230 פּערזאָן (75% מענער און 25% פֿרויען); דער געדראַנג פֿון די לעזער איז זייער גרויס און, אַזוי ווי דער לייענזאַל נעמט־אַרײַן ניט מער ווי 100 פּערזאָן, קומט־אויס די לעזער צו זיצן 2 אויף איין שטול, וואַרטן אויף דער ריי און אָפֿט מוז מען מיט גרויס צער שליסן אַפֿילו די טירן, צוליב מאַנגל אין פּלאַץ"[20]. ייִדישע קולטור בכלל און ייִדישע ליטעראַטור בפֿרט האָבן פֿאַרכישופֿט. ווײַל אין איר האָט מען געקאָנט בעסער זען און גיכער דערשפּירן דאָס לעבן און זײַנע סכּנות ווי אינעם לעבן גופֿא...

---

[18] יעקב לעשטשינסקי — „ייִדישע זעלבשוץ", 1934, אין בוך ערב חורבן, ב"א 1951, ז' 117.

[19] לייב ראַשקין — די מענטשן פון גאָדלבאָזשיץ, וואַרשע 1935, בוך 1, ז' 56.

[20] חײַקל לונסקי — „די שטראַשון־ביבליאָטעק", ווילנע, זאַמלבוך, ניו־יאָרק 1935, ז' 283.

## קרייצפֿאַרהער אין דער ייִדישער פּאָעזיע

די ייִדישע פּאָעזיע ערבֿ דער 2טער וועלט־מלחמה מאַכט דעם איינדרוק פֿון אַ קרייצפֿאַרהער און קרייצפֿייער מיט דער צייט.

די ייִדישע געשיכטע פֿון אָט דער שוידערצייט וועט מען טרעפֿלעכער קענען כאַראַקטעריזירן מיט פֿערזן פֿון ייִדיש־דיכטערס אײדער מיט ציפֿערן, דאַטעס און פֿאַקטן. די פֿערזן וועלן אַוודאי מערער דורכדרינגען נישט בלויז הערצער, נאָר אויך די מוחות.

אמת, שוין אין צווייטן יאָרצענדלינג נאָכן 2טן וועלטקריג איז שווער געווען צו פֿאַרשטיין, איבער הויפּט פֿאַרן יונגן דור, ווי אַזוי אַן אַמעריקאַנער הויך אינטעלעקטועלער ייִדישער דיכטער האָט געקאָנט רעקאָמענדירן ייִדן — „צוריק צו די ד׳ אַמות" — פֿאַרהאַקן די טיר פֿאַר דער וועלט און צוריקקערן זיך „צום שטילן געטאָ־ליכט"[21]. נאָך ווייניקער רעאַל קלינגען די ווערטער פֿון דעם פּויליש־ייִדישן דיכטער נאָכן פּאָגראָם אין פּשיטיק, אין 1936 — „זאָלן זיי סטראַשען מיט מעסערס, זאָלן זיי שלאָגן און רויבן! מיר׳ן פֿאַרריכטן די טישן, מיר וועלן אַריינשטעלן די שויבן, איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל, ביז אין דעם לעצטן מאָל, דעם געגאַרטן — מיר האָבן געדולד, מיר קענען וואַרטן"[22]... היינט קלינגען די דאָזיקע רייד אַזוי ווייט און אַזוי „איבערגעטריבן".

אין אמתן אָבער זיינען די דאָזיקע פֿערזן די וואָרהאַפֿטיקסטע רייד און עדות פֿון יענער שוידערצייט — פֿאַר דער געשיכטע. די דאָזיקע פּאָעטישע שורות געהערן צו די באַגלייבטסטע דאָקומענטן, אָן וועלכע מ׳וועט די ייִדישע געשיכטע נישט קענען שרייבן: אַפֿילו ווען זיי רעגיסטרירן צייטווייַליקע און פֿאַרבייַגייענדיקע שטימונגען פֿון יחידים, שפּיגלען זיי אָפּ דעם ייִדן און דאָס ייִדנטום פֿון דער עפּאָכע.

שמואל ראָזשאַנסקי

---

[21] יעקב גלאַטשטיין — „אַ גוטע נאַכט, וועלט!", אין דעם בוך, ז׳ 243.
[22] משה שימעל — „עס קומען לויטערע טעג", ד״ז, ז׳ 241.

## 1
# ס׳איז נאָך נישט אַזוי שלעכט

שטיל איז אויפֿן זעלנערישן בית־עולם.

צווישן שורות שטיינערנע טאָוולען ליגן אויסגעהוילענע הילצערנע צלמים פֿאַרוואַקסן מיט שטעכיקע גראָזן. זיי וויקלען זיך אַרום די ברודער־קבֿרים אין משונהדיקע געפֿלעכטן, וואָס שרעקן פֿאַרבײַגייערס אין לבֿנה־נעכט. עס רוען דאָ כאָכלעס, ווײַסרוסישע פויערים, אין איינעם מיט דיק בײַכיקע, געל וואָנסיקע פרײַסן; ייִדישע אידעמס פֿון אויסגעוואַרעמטע היימען אין בשותּפֿותדיקע גריבער צוזאַמען מיט לוסטיקע יונגען פֿון ווינער פראַטער. דאָס גאַנצע זאַמדיקע בערגל איז פֿאַרזונקען אין טיפֿן שווײַגן. בלויז אין האַרבסט, ווען עס כאַפּן זיך אויף רײַסנדיקע ווינטן, וואַלגערן זיך אויף די אָפּגעשניטענע פֿעלדער אויסגעטריקנטע מענטשלעכע ביינער. פויערים קלײַבן זיי צונויף אין זעק, מאָלן אויף האַנטשטיינער און מיסטיקן מיט זיי די ערד. טייל מאָל פֿאַרפֿאָרט דאָ אַן אַלטע קאָטש. עס שטײַגט־אויס אַ דאַמע אין טרויער־קליידער. ווייסן דעמאָלט די סמאָלינער, אַז דאָס איז אַ פֿאַראַליזירטע גרעפֿין געקומען באַווײַנען איר איינציקן זון.

*

קעגנאיבער דעם זעלנערישן בית־עולם ציט זיך לענגויס דעם וועג דער סאָד פֿון דײַטשישן קאָלאָניסט וויטבראָט. אינעווייניק, אין סאָד, וווינט הערש לוסטיק פֿון סמאָלין. ער האָט חזקה אויף דעם דאָזיקן סאָד פֿעליקע [1] אַכט און צוואַנציק יאָר. איצט, צום נײַעם זומער, זיצט ער און מאַכט צו רעכט די בויד. ס׳איז אַ נעפּלדיקער, דושנער פֿאַרמיטאָג. פֿון די סטאַוון [2] טראָגט זיך אַ פלעטשערײַ פֿון ווילדע גענדז. אויף טרוקענע לאָנקעס פאַשען זיך ייִדישע ציגן און

---

[1] פולע, גאַנצע. — [2] אָזיערעס, פאַרק־וואַסערן.

צופן פֿאַראַיאָריקן גראָז. די פֿריש צעאַקערטע ערד שמעקט מיט וואַרעמען קו־מיסט. פֿון דער סמאָלינער זייט, פֿון דער פּאַרעוווער מיל, ציִען זיך אין דער הייסער זון פֿורלעך מעל. דער ווייסער שטויב זעצט זיך אָפּ ווייך און געדיכט איבער דעם פּלויט פֿון סאָד און מאַכט שווער דאָס אָטעמען. הערש לוסטיק גייט־אַרום צווישן די נאַסע ראָוועס [3], שאָקלט־אָפּ די ביימער פֿון די ווערעם און שאַצט־אָפּ אויפֿן אויג דאָס אויפּס. באַרנעס און עפּל בליִען שוין. די ווייס־ראָזע בלימעלעך, דאָס בליִעכץ, בעט זיך צו זיינע פֿיס און זאָגט־אָן שפֿע און גערעטעניש. מיד נאָך אַ גאַנצער נאַכט האַלטן שמירה אין סאָד, פֿאַלט ער אַנידער אונטער אַ באַרנעבוים און דרימלט־איין מיטן זיסן שלאָף, וואָס קומט נאָך אָפּגעטועגער אַרבעט. ווען ער כאַפּט זיך אויף, האַלט שוין די זון ביים זעצן זיך.

— צייט אַהיימצוגיין. די ייִדענע מוז איבערקלערן... — זאָגט הערש לוסטיק מיט אַ פֿאַרזאָרגט קול.

ער נעמט־אַראָפּ דעם כאַלאַט, וואָס הענגט ווי אַ סטראַשידלע [4] צווישן די צווייגן, וויקלט־איין אין אַ רויט טיכל אַ מענדל [5] אייער, פֿאַרשטעקט אונטערן אָרעם אַ יונג הענדל, אַן עוף אויף שבת. זאָל ראַצע, זיין ווייב, אויפֿהערן זיך אַ מאָל צו קרימען און אויפֿנעמען אים מיט אַ ליכטיק פּנים.

איידער וואָס־ווען איז ער שוין ביי דער גרינער קרעטשמע. ער שפּאַנט מיטן לאַנגן שטעקן איבער די שמאָלע געסלעך אַ הויכער, מיט אַן אָפּגעברענט, אָליוו פּנים, מיט שוואַרצע, לעבעדיקע אויגן אונטער צעשויבערטע, קשאַקעדיקע [6] ברעמען. די שוואַרץ־גרוילעכע באָרד איז געקרייזלט אין לעקעלעך און לאָזט זיך געלאַסן אַראָפּ אויף דער ברוסט. ער גייט מיט געזעצטע, מיושבֿדיקע טריט. פֿון די אָפֿענע פֿענצטער טראָגט זיך אַ זויערלעכער ריח פֿון באָרשטש און ראַזאָווע [7] ברויט. די סמאָלינער קומען מיט דעם אויס אין די

---

[3] גריבער, קאַנאַלן (אויף אָפּציִען וואַסער). — [4] אָפּשרעקער, פּאַרזעעניש. — [5] פּופּצן. — [6] ווי פֿאַרצווייגטע, פֿאַרפּלאָנטערטע. — [7] שוואַרצברויט.

ספירה־טעג אָדער ווען מען דאַרף איבערוואַרטן אַ שווערע צײַט. פֿאַר די טירן זיצן אויסגעצוואָגענע מיידלעך, שטריקערינס, וואָס אַרבעטן אויף האַנטשפּיזלען סוועטערס און בעטן פֿאַר די גרויסע שטעט.

עס שמעקט מיט גרינס. פֿון די ווײַס געקאַלכטע שטיבלעך טראָגט מען אַרויס ערדענע טעפּ זויערמילך מיט פֿריש געבאַקן ברויט פֿאַר די סמאָלינער באַרשטן־מאַכער־געזעלן, וואָס שטייען אָנגעלענט בײַ די פּלויטן. טייל פֿון זיי קנאַקן באַניעקערן[8], אַנדערע שמועסן וועגן קוילנשטרײַק אין ענגלאַנד, וועגן כינע... איינער, אַ יונג מיט אַ שוואַרצער גזשיווע, נעמט גרימפּלען אויף אַ מאַנדאָלינע. די מיידלעך האָרכן זיך צו מיט ווײַבלעכער בענקשאַפֿט. פֿון הינטער די אַקאַציע־ביימער טראָגט זיך אַ צוגעדושעט געלעכטער. ס'איז אַ זאָרגלאָזער וואַרעמער אָוונט, וואָס באַרויִקט דאָס געמיט.

אָפּגערוקט פֿון אַנדערע, אַ זײַטיקער און אַ פֿרעמדער, שפּאַצירט אויף דער לינקער זײַט גאַס גבֿריאל פּריווער. ער איז אָנגעטאָן אין אַ לײַוונטענעם אָנצוג און טראָגט אַ שטרויענע הוט אויפֿן קאָפּ. אין דער האַנט האַלט ער אַ פּאָר צעקנייטשטע הענטשקעלעך. די סמאָלינער באַגרײַפֿן נישט, צו וואָס מען טראָגט הענטשקעלעך אין זומער. לעבן גבֿריאלן גייט מיט לײַכטע טריטעלעך גאָלדע, אַ הויכע ברונעטין. אירע שוואַרצע האָר זײַנען אַרומגענומען מיט אַ ברייטער, רויטער באַנד. גבֿריאל זעט־אויס אויף אַ יאָר פֿיר־פֿינף און דרײַסיק. ער האָט אַ לענגלעך, בראָנדז פּנים מיט אַ הויכן שטערן און טיף פֿאַרזעצטע, בלויע אויגן. ער קוקט פֿאַר זיך ווי אַ מענטש, וואָס פֿילט זײַן אייגענעם ווערט און רעכנט זיך נישט מיט קיינעם. ער רעדט עפּעס, קלײַבט־צו ווערטער. אויף גאָלדעס טונקל פּנים פֿלאַטערט אַ צופֿרידענער שמייכל. זי פֿאַרשטייט אָבער גאָר נישט פֿון דעם אַלעם, וואָס גבֿריאל רעדט. זי ווייס נאָר איינס: גבֿריאל איז אירס אַ קוזין און אַ געענדיקטער דאָקטער. קיינער קאָן איר נישט פֿאַרהאַלטן, פֿאַר וואָס זי שפּאַצירט פֿראַנק און פֿרײַ מיט אַ יונגן

---

[8] קערלעך, סעמעטשקעס.

מאַן איבער די סמאָלינער געסלעך. אַפֿילו דער זײדע אירער, ישראלטשע בלימעלעס, רעדט אויך גאָר נישט. דאָס ווייל קלינגעדיקע וואָרט קוזין באַהיט זי פֿון בייזע, מענטשלעכע צינגער. די סמאָלינער דרייען מיט די נעז, אַז זיי זעען גאָלדען שפּאַצירן מיט גבֿריאלן און שאָקלען ביטולדיק מיט די קעפּ. זיי ווייסן, אַז לאַנג וועט דאָס אַזוי נישט אָנהאַלטן. וואָרעם גבֿריאל פּריוועד, דער דאָקטער אָן פּראַקטיק, איז געקומען קיין סמאָלין בלויז איבערזומערן. ער איז הימיש מיט אַלע, גבֿריאל. צום מײנסטן איז ער אויסגעקאָכט מיט הערש לוסטיקן. ער שטעלט זיך אַוועק מיט אים כאַפּן אַ שמועס.

— גוטנ׳אָוונט, ר׳ הערש. ווען זאָל מען אַרויסקומען אין סאָד אַרײַן נאָך פֿלוימען?

הערש לוסטיק קוקט זיך אַרום איבערן געסל. פֿאַר די טירן זיצן יונגע לײַט און ווײַלן די סמאָלינער שטריקערינס, וואָס פּונקט הײַנט, דאָנערשטיק, איז געוועזן זייער „וויפּלאַטע“[9]. דאָס יונגוואַרג איז אויפֿגערוימט. הערש לוסטיק טוט עס הנאה. ער טײַטלט מיט די פֿינגער און וואָרנט זיי, מיינענדיק אין איין וועגס גבֿריאלן, וואָס גייט מיט סטאַטעטשנע, אינטעליגענטישע טריט לעבן גאָלדען.

— פֿלוימען? כ׳זע דאָך, קינדער, אַז עך האָט נישט קיין געדולד צו וואַרטן ביז יעשן[10]־צײַט, ווען די פֿלוימען וועלן צײַטיק ווערן. איר נאָגט דאָך שוין די פֿלוימען־בעקלעך. טוט׳ס אַכטונג, ליבע קינדערלעך, נישט קרעקן זיך[11] מיט די קערלעך.

פֿאַלן אין זײַן זײַט הייסע, מיידלשע בליקן. געזעגן אין שוואַרצע בליוזעס ווינקען זיך איבער, קוקן־נאָך לוסטיקן מיט ווילעריש מענערישע בליקן, ביז וואַנען ער ווערט פֿאַרשווונדן אין מאַרק.

וואָס אַזוינס האָט געקאָנט פּאַסירן אין סמאָלין? אויפֿן פּלעצל, צווישן דער אַפּטייק און דעם ראָטהויז, זאַמלען זיך קרענצלעך באַלעבאַטישע ייִדן. ריידן מיט אַ שעפּטש, קוקן זיך אַרום מיט חשד איבער אַלע זײַטן און שאָקלען מיט די קעפּ, ווי וועגן אַן אָפּגערעדטע

[9] אויסצאָלונג. — [10] האַרבסט. — [11] שטיקן זיך.

זאַך. קעגנאיבער, לעבן דעם פּלומפּ[12], שטייט דער פּראָסטער עולם: לייזער קורניק, דער עופֿות־הענדלער מיט זײַן קאָמפּאַניע, וואָס מען רופֿט זיי אין סמאָלין „חבֿרה נאָדל־קאָפּיטע־דראַטווע־בײַטש". זיי שטייען, דרייסטע יונגען, מיט פֿאַרריסענע קעפּ און ריידן הויך אויפֿן קול. לייזער קורניק, דער עלטסטער פֿון זיי, קײַט געלאַסן דאָס שפּיצל פֿון דעם שטרויענעם בערדל. ער הייבט מיט די פּלייצעס:

— יעך האָב נישט קיין מורא. וואָס האָב יעך מורא צו האָבן? מײַנע מאַיאָנטקעס, וואָס מ׳וועט בײַ מיר צונעמען? און ווידער וועגן אַ קלאַפּ, איז אויך נישט סכּנת־נפֿשות. מ׳האָט געדינט אַ מאָל בײַ פּאָניען און פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון אַ נאַגײַקע[13]. די וועלט גייט נישט אונטער פֿון אַ קלאַפּ...

בערטשיק שמאָטע און אַבֿרהמל „טריפֿענע יאַטקע" שטייען אָנגעטאָן אין הויכע שטיוול. די לעדערנע דאַשקעס גלאַנצן איבער די רויטע פּנימער, וואָס זײַנען אָנגעגאָסן מיט פֿרישקייט און גבֿורה. די הענט זײַנען טיף פֿאַררוקט אין די קעשענעס. אַבֿרהמל טריפֿענע יאַטקע האָט הײַנט געהאַט אַ טועכץ אין שעכטהויז איבער אַ וואָרט, וואָס ער האָט געלאָזט פֿאַלן, און פֿון דעם איז אַרויסגעקומען אַ גאַנץ עסק... איצט סווענדזשעט[14] אים די צונג און ער קאָן נישט אײַנשטיין אויף אָן אָרט. אָבער בערטשיק שמאָטע איז בילכער. אַז מ׳דאַרף ריידן, איז ער קודמער[15]. צוועטל, די שענסטע שטריקערין אין סמאָלין, שפּאַצירט איבערן טראָטואַר מיט אירע חבֿרטאָרינס הין־און־צוריק. ער לאָזט פֿון איר נישט אַראָפּ די אויגן, בערטשיק. אַן אינעווייניקסטער כּוח צעטראָגט אים און ער פֿײַערט מענעריש.

— זאָלן זיי נאָר פּרוּוון, די אינדיקעס, מאַכן אַ גראַטשקע[16]...

שמואל לויוויטשער, גאָלדעס טאַטע, דער סמאָלינער ראש־הקהל און גרויסער שניט־סוחר, זיצט אויף דער שוועל פֿון זײַן געוועלב מיט אַ צוקערל אין מויל און לייענט די צײַטונג. הינטער

[12] וואַסער־פּאָמפּע. — [13] קאַנטשיק. — [14] בײַסט. — [15] פֿריִער. — [16] געפּאַיל מיט אַ טומל.

זײַנע פּלייצעס אָנגעשפּאַרט בײַ דער טיר, שטייט דאָס ווײַב זײַנס, שבֿע, אַ שוואַרץ באַחנטע ייִדענע מיט אַ קליין באַטעמט מײַלעכל, די האָר פֿאַרנומען מיט אַ באַבלימלט טיכל. אירע מאַנדל־אויגן בלאָנדזשען אומרויִקע איבערן מאַרק, טאָמער וועט זי אין דער טונקלקייט פֿאַרזען אַ קונה און איר שכנטע, אויך אַ שניט־סוחרטע, וועט אים אויסכאַפּן. צוולייטנס, וויל זי טאַקע וויסן, ווו איז גאָלדע פֿאַרפֿאַלן געוואָרן מיטן קוזין. דעם קוזינס קומען קיין סמאָלין איז איר נישט ניחא, שבֿען. ס׳איז צו גרויסאַרטיק פֿאַר איר אַ קוזין אַ דאָקטער. ני האָצע, ני פּלאָצע [17] דערמאָנט זיך אין דער משפּחה! ניין, דאָס האַרץ זאָגט איר אָן נישט קיין גוטס, שבֿען. זי דאַרף נישט האָבן קיין קוזינען דאָקטוירים.

שפּײַזהענדלערס און אײַזן־סוחרים שטייען אײַנגעמעליקטע אין לופּטיקע כאַלאַטלעך, פֿאַרשמירט מיט אייל און נאַפּט, מידע פֿון שווערער אַרבעט און קורצן אָטעם, און בייגן־צו אַן אויער. שמואל לוויוויטשער זאָטלט־אָן די ברילן, וואָס גליטשן זיך אים איבער דער לאַנגער, קאַנטיק פֿאַרענדיקטער נאָז, און לייענט בקול רם די באַשרײַבונג פֿון דעם, וואָס ס׳איז פֿאָרגעקומען אין ציִנציִמין. ייִדן האַלטן די קעפּ אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, האָרכן און שווײַגן. ס׳זײַנען ספֿירה־טעג. מען ציילט שוין דעם זיבעצנטן עומר און אַ טרויער הענגט איבער סמאָלין.

ישׂראלטשע בלימעלעס, שמואלס שווער, אַ הויכער, ברייטפּלייציקער זקן מיט אַ שטערן געפֿאַלדעוועט, ווי אַ מאַגלברעט [18], מיט קײַלעכדיקע, שוואַכע אויגן — אַמאָל אַ גרויסער אײַנרײַסער, הײַנט אַרבעט ער בלויז אויף עולם־הבא — האָרכט די נײַסן מיט גרויס באַנומענקייט. זײַנע דאַרע, שטעקלדיקע פֿינגער ציטערן. ער פֿאַרגלאָצט די פֿאַראָפּיעיטע [19] אויגן און קרעכצט הייזעריק:

— אײַ, פֿאָטער אין הימל, טאַטע דערבאַרעמדיקער, האָב

[17] פּלוצעם, מיצקע דערינען. — [18] אַלטע פֿאָרעם פֿון פּרעסן צווישן וואָליקעס. — [19] פֿאַרגאָסענע ווי מיט מאַטעריע.

רחמנות אויף דײַן ביסל ייִדן, וואָרעם זיי ווערן צו שאַנד און צו שפּאָט. ס׳איז ב״י־ש־ט ג־ו־ט. ס׳אַ... מי־אוסע מעשׂה. עס גרייכט שוין אַזוי ווײַט! — קניפּט ער אויף די רויטע פּאַטשיילע אויפֿן האַלדז.

גרונם „מײַנע צרות“, ישׂראלטשעס צוויי און דרײַסיק יעריקער אײדעם, וואָס האָט שוין געהאַט אַלערליי מסחרים און צום סוף גע־בליבן בײַ אַ ווײַב מיט זעקס קינדער און אַ צעבראָכן קאַשע־מילכל, שטייט אַ בלאַסער מיט אַ גלאַטיקער גאָמבע, אין גאַנצן אָן האָר. אויף זײַן אײַנגעפֿאַלן פּנים צעלייגט זיך אַ זויערע מינע גלײַך שיפֿן וואָלטן אים אונטערגעגאַנגען. יעדעס וואָרט זײַנס פֿאַלט צווישן דער מחנה ייִדן, ווי אַ שטיין אין שוואַרצן וואַסער אַרײַן.

— שלעכט, ייִדן, שלעכט. מען דאַרף נעמען די פֿאַרמעגנס — קוקט ער זיך אַרום איבער זײַנע זעקס קינדערלעך, וואָס לויפֿן באָר־וועסע איבערן מאַרק — און אַוועק, ווו די אויגן טראָגן. אויף וואָס וואַרט מען נאָך?

הערש לוסטיק קומט־אָן פֿון סאָד. ער שנײַדט זיך אַרײַן אין מאַרק מיט זײַן הויכער פֿיגור, ווי אַ פֿויגל, וואָס לאָזט זיך שיף און דרייסט אַראָפּ פֿון דער נעסט. ער קלאַפּט פֿריילעך מיטן שטעקן אי־בער דעם שטיינערנעם ברוק, וויגט מיטן לאַנגן קאָפּ. אַ חוזק־שמייכל שוועבט איבער זײַן שוואַרץ גרוילעכער באָרד.

— זעט׳ס נאָר „מײַנע צרות“, ווי דאָס קראַקעט, ווי דאָס יאָגט־אָן אַ מורא אויף מענטשן. ס׳איז נאָך נישט אַזוי שלעכט מיט ייִדן...

די פֿאַרזאָרגטע פּנימער ווערן אויף אַ מינוט ליכטיקער. ס׳איז טאָקע אפֿשר בלויז אַ פֿאַרבלענדעניש, אַן אונטערגאַנג אַזעלכער. לאַנג וועט דאָס נישט אָנהאַלטן. אָבער שמואל לוויוויטשער מאַכט זיי ווידער קאַליע דאָס געמיט. ער איז ראש־הקהל און שטאָט־גבֿיר. זײַן דעה האָט עפּעס אַ ווערט.

— ר׳ הערש! — זאָגט ער מיט תּקיפֿות, ווײַל ער האָט בטבֿע פֿײַנט, ווען מען שטעלט זיך אים אַנטקעגן — ס׳שטייט דאָך אָבער

פֿאָרט אין בלאָטע... לייענט, וואָס ס'איז געווען אין באָזשע וואָליע אויפֿן יאַריד.

צוויי לאַנגע צונויפֿגעקוועטשטע פֿינגער, הערש לוסטיקס, פֿאַר־קריכן אין ישׂראַלטשע בלימעלעס אָפֿענער טאַבאַק־פּושקע, ווי אַ האָן אין אַ פֿרעמדער שטײַג. ער שטויבט־אָפּ די באָרד.

— פֿאַר וואָס פֿאַרשטייט עץ נישט, מײַנע ליבע לײַט? די וואָס שרײַבן אין די בלעטער זײַנען דאָך אויכעט ייִדן וואָס דאַרפֿן האָבן פּרנסה. וואָס מער צרות אויף ייִדן, אַלץ מער בלעטער לייענט מען.

בײַ גרונם „מײַנע צרות״ קלאַפּט איין צאָן אין אַנדערן. ער כאַפּט־אָן לוסטיקן פֿאַרן לאַץ.

— אָבער ר' הערש, מ'שלאָגט צי מ'שלאָגט נישט? דערויף זאָלט איר מיר ענטפֿערן, אָן אויסריידעלעך...

הערש מרוזשעט מיט די אויגן:

— מ'שלאָגט נאָך נישט אַזוי שטאַרק. צווישן אונדז גערעדט, ווען האָט מען נישט געשלאָגן? אַ מאָל ווייניקער, אַ מאָל מער. ס'גלײַכט זיך אויס... כ'וועל ענק זאָגן די ריינע „וואָרעד״[20], ייִדן זײַנען ווערט קלעפּ. וואָס דאַרפֿט איר מער, מיך אַליין סווענדזשען טייל מאָל די הענט. כ'מיין טאָקע אײַך, ר' שמואל. איר זײַט דאָך עפּעס, ווי זאָגט מען דאָס, אונדזער פֿירשפּרעכער. אוי, וואָלט איך אײַך אַראָפּגעלאָזט די מכנסים און אַרײַנגעציילט אַ נײַן און דרײַסיק שמיצלעך! ייִדן — קרעכצט ער, ר' שמואל — איז שלעכט. ייִדן איז ביטער. צי וועט ער אָבער אַראָפּלאָזן צען גראָשן פֿון אַרשין סחורה דעם געמיינעם מאַן? אָדער ער האָט גענומען, דער אייגענער ר' שמואל און געלאָזט פֿאַר־מאַכן דעם הכנסת־אורחים, אָפּצושפּאָרן פֿאַר דער קהילה נאָך אַ צוויי מאות אַ יאָר. גוט, וואָס עס איז דאָ אין סמאָלין אַ הערש סעדער, וואָס האָט אַ קאָמער מיט שטרוי, אַנישט — וואָלטן די מדינה־גייערס גע־מוזט שלאָפֿן מיט ווײַב־און־קינד אונטערן פֿרײַען הימל. פֿרעגט שוין

---

[20] וואָרהייט, אמת.

גאָר נישט: יידן זיינען אַ שיין אומהלע... צעלאָזט זיי נאָר די הענט, וועט עץ זען, וואָס זיי קאָנען...

גרונם „מײַנע צרות" וויל נישט אָפּטרעטן. די גאַנצע זויערקייט פֿון די פֿינצטערע טעג ליגט אויסגעגאָסן אויף זײַן פּנים. די אויגן, זשעדנע נאָך דעם שלעכטן, זעען בילדער, וואָס קיינער זעט זיי נישט. דאָס שלעכטס האַלט אין איין וואַקסן. די פֿאַנטאַזיע שפּילט אים צו און גרונם קאָן זי שוין נישט דעריאָגן און אָפּשטעלן...

— לאַנג לעבן זאָלט איר, ר' הערש! געזונט און שטאַרק זאָלט איר מיר זײַן, ר' הערש! וואָס וואָלט איר געטאָן, ר' הערש, ווען איר גייט אַזוי ערגעץ און עס באַפֿאַלט אײַך אַ מחנה לאָבוזעס מיט שטעקנס, מיט דרענגער, מיט קלאָניצעס, מיט נאָך אַזוינס. ווי הייסט עס דאָרטן... האָ, וואָס וואָלט איר געטאָן? אויך געוויצלט זיך?

גרונמס אויגן גליִען מיט קרענקלעכער שרעק, גלײַך די גאַנצע אויסגעטראַכטע מחנה וואָלט שוין געשטאַנען פֿאַר זײַנע אויגן. אָבער הערש לוסטיק ווערט נישט נתפּעל. זײַנע קשאַקישע, צעשויבערטע ברעמען הייבן זיך און לאָזן זיך אַראָפּ ווי גאָר נישט.

— וואָס כ'וואָלט געטאָן? לאָז ענק[21] דאַכטן, יידן, אַז כ'האָב שוין געטאָן. דאָס קליינע בײַטעלכל, דאָ אויפֿן שטערן, איז מיר אויפֿגעלאָפֿן מיט אַ שעה צוריק.

דאָס רעדל ווערט ענגער. הערש לוסטיק שטייט אין דער מיט און עולם באַקוקט דעם בלויען צייכן זײַנעם איבער דער שלייף. גרונם „מײַנע צרות" רוקט זיך אָפּ מיט דרך־ארץ. אַלע שפּיצן־אויף מויל און אויערן. הערש לוסטיק דערציילט:

— מײַן זיידע, ניסן דער באָזשע־וואָליער קרעטשמער, אונדז אַלעמען צו לענגערע יאָר, האָט דרײַ מאָל אין וואָך געקראָגן געשמיסן פֿון פּריץ און שאַ, שטיל, פֿאַרביסן מיט אַ פֿערטל קעלבערנס, אויסגעטרונקען אַ קוואַרטירעלע אָקעוויט און ווײַטער געפֿירט דעם פּריצס געשעפֿטן... נישט געווען דעמאָלט קיין צײַטונג־בלעטער, האָט ער

[21] זאָל אײַך.

אַלץ געקאָנט פֿאַר ליב נעמען שטילערהייט... היינט איז אַן אַנדערע צייט. טאָמער האַקט מען עמעצן אויס אַ פּאָר אַלטע פֿאַרפֿוילטע ציין... צי מ׳רייסט־אַראָפּ דעם געלאַטעטן שינדלדאַך, וואָס מ׳דאַרף אים סיי ווי אַראָפּרייסן... איז עק וועלט!... אָבער אויס קרעטשמער היינט, טאָ איז אויס פּריצים... כ׳גיי מיר אַזוי אַרויס פֿון סאָד און פֿאַרנעם זיך אויפֿן לוויוויטשער וועג. דער דייטש וויטבראָדט שרייט מיר נאָך: „פּאַסן זי אַוף, הער לוסטיק, אין דיזעם דאָרפֿע זינד שלעגער דאַ!"... ענטפֿער איך אים גאָר נישט, דעם דייטש. גיי ווייטער מיין וועג און טראַכט ביי זיך: איך אַליין וויס ווער דער שלעגער איז, דער אמתער שלעגער, דער גרעסטער המן, דער עלטסטער פֿון אַלע שלעגערס, וואָס האָט אָנגעמאַכט דאָס גאַנצע פֿייער. כ׳קום־אַרויס אויפֿן שאָסיי, לעבן דער בייער, געמויערטער שקאָלע[22], אַזוי גיבן זיך אַ לאָז־אַרויס אַ מחנה צעיאַכמערטע[23] יונגען אויפֿן הויף און נעמען זיך אַרומשלאָגן. ווי זיי דערזעען מיך, הייבן זיי אָן צילעווען מיט שטיינער פֿון הינטערן פּלויט גלאַט אַזוי, צוליב הנאה... טראַכט איך מיר: עך האָט געטראָפֿן דאָס אָרט. כ׳הייב־אויף דעם שטעקן און לאָז זיך אַריין דורכן טירל אין הויף צו דער חבֿרה. דערלאַנג איינעם אַ גלעט איבערן געזעס, אַ צווייטן, אַזוי זיך געלאַסן, אַז ס׳זאָל נישט ווייטאָן. זיי ווערן צעטומלט און מאַכן אַ ויבֿרח. פֿויל איך זיך נישט און גיי זיי נאָך גלייך אין שקאָלע אַריין צו די לערערס. דאָס בלוט אויפֿן פּנים רינט. נישט אָפּגעווישט. עשׂו, מוזט איר וויסן, איז אַ שלעגער, אָבער אַז ער דערזעט בלוט, ווערט ער צעחושט. הקיצור, איך זאָג זיי אַריין, די לערערס. איר ווייסט נישט, זאָג איך, ווי אַזוי צו לערנען די תּלמידים אייערע, די תּנא־באַרטעקס[24], דרך־ארץ!

— ווי אוטשיטשעלע[25]? — זאָג איך — איר לערנט דאָך טשעלאַקעס, קעלבער! זעט: זיי זיינען באַפֿאַלן אַן אָרנטלעכן ייִדן און געמאַכט אים אַ ביי̆ל אויפֿן שטערן. אַזוי פֿיינערט איר זיי אויס? איר

---

[22] שול. — [23] צעקאָכטע. — [24] (שפּאַטיש) אַנשטאָט תּנא ברא (געלערנט גאָר באַרטעק (אַ כלאָפּ). — [25] לערערס.

זײַט דאָך עפּעס אײדעלע פּאַנעס מיט האָנער[26]... שמייכלען זיי, די לערערס, לעקישעוואַטע. זײַנען מיך מכבד מיט פּאַפּיראָסן, גיבן וואַסער אָפּצוואַשן די ראַנע[27]. מוחל, זאָג איך, זעט בעסער אַז חבֿרה יונגען זאָלן נישט בײַסן. רופֿט זיך אָן דער פֿירער זייערער, דער קעראָווניק[28]:

— אַט אַ קלוגער ייִד און נישט קיין פּחדן! דו געפֿעלסט מיר, יאַנקל. קאָנסט אפֿשר שפּילן אויף צימבלען?

— דו פֿאַררייד מיר נאָר נישט די ציין! — ענטפֿער איך — איך הייס נישט יאַנקל, נאָר הערש, און בין נישט קיין קלעזמער, נאָר אַ סעדער. דו נעם בעסער אויפֿן צימבל דײַנע תּלמידים.

גיט ער, דער קעראָווניק, אַ פֿײַף און הייסט אַרײַנרופֿן די קונ־דייסים, שטעלט זיי אויס אין איין שורה, איך זאָל דערקענען די שלעגערס. פֿרעגט שוין בעסער נישט. כ׳בין זיי נישט מקנא די קרויטקעפּלעך. נאָך אַ מאָל וועלן זיי שוין מיך מײַדן און אַנטלויפֿן ווי דער שוואַרצער פֿעפֿער וואַקסט.

— ס׳מוז זײַן שפּעט, ייִדן. די ייִדענע מײַנע, דאָס שווערע געמיט, קאָן זיך אויף מיר נישט דערוואַרטן. אַזוי, אַזוי, גרונם: מ׳האָט שוין געשלאָגן אויך. איך זאָג ענק: ס׳איז שוין נאָך אַלעמען... מ׳האָט אויסגעשאָסן דאָס לעצטע ביסל פּולווער. די וואָס קרעכצן און קראַקען זײַנען ערגער פֿון די שלעגערס... גרונם, נעם עס דיר גוט אין זינען אַרײַן. גייטס אַהיים, ייִדן, לייגטס׳ ענק שלאָפֿן, וועט עס אײַך אַרי־בערגיין... אויף יעדער זאַך קומט איר צײַט, וואָרעם ווי שטייט עס דאָרט, אין פּסוק? והארץ לעולם עומדת...

ער נעמט דעם שטעקן און לאָזט זיך גיין מיט האָפֿערדיקע טריט, אַ הויכער, אַ לוסטיקער, צו דעם קרענצל מענטשן, וואָס שטייט מיט לייזער קורניק נעבן דער פּלומפּ.

[26] האָרן מיט חשיבות. — [27] וווּנד. — [28] פירער.

## 2 גאָלדעס זאָרגן

אַז עס ווערט גוט טונקל, דער עולם צעגייט זיך אויף וועטשערע און דער מאַרק איז ליידיק, קומט גאָלדע אַרויס פֿאַר דער טיר. זי איז הויך, גאָלדע, און גערעדט איז גאַנצן אַרײַן אין דער מאַמע שבֿע. נאָר אויגן האָט זי בלויע, שמואל לוויוויטשעס אויגן. דאָס מילדע פּנים, אַרומגענומען מיט געדיכטע פּאַסמעס האָר, איז באַשאָטן מיט דראָבנע קרעצעלעך.

— הייס בלוט... — זאָגט די מאַמע שבֿע — מיר צו אַכצן יאָר איז אויך דאָס בלוט קאַליע געוואָרן.

די לאָדנס זײַנען פֿאַרמאַכט. סמאָלין דרימלט־אײַן פֿאַמעלעך. בלויז אין דער אַפּטייק בלישטשעט אַן עלעקטריש לעמפּל מיט אַ טונקל, אײַנשלעפֿנדיק ליכט. הינטער דער שטאָט רוישט די מיל: ציק, ציק, ציק, ציק.

ס׳איז שוין גוט שפּעט. גאָלדעס בליקן בלאָנדזשען פֿאַרבענקטע איבערן פֿינצטערן מאַרק. טאָמער ווײַזט זיך ערגעץ ווו אַ חבֿרטאָרין. זי פֿילט אַ שטאַרקע באַדערפֿעניש איבערצושמועסן דאָס, וואָס גבֿריאל פּריווער, דער דאָקטער, איר קוזין, האָט גערעדט דאָרטן בײַ דער גרינער קרעטשמע. פֿון אַלע זײַנע רייד איז איר געבליבן אַ יאַריד אין מוח. קיינעם זעט מען נישט. גאָלדע ווערט אין כּעס אויפֿן קוזין פֿאַר זײַן שיין ריידן, אויף באַלטשע, דעם רבֿס טאָכטער, וואָס האָט זיך פֿאַרמאַכט מיט אירע ביכער אין דער ווײַבערשול און טײַטשט זיך אויס חלומות, אויף דער שטאָלצער רוזשקע, בער פּײַטאַלאָוויטשעס, דעם סמאָלינער דיסקאָנטערס טאָכטער, וואָס שפּילט פּיאַנע בײַ אַ ליכט. אין טויער, קעגנאיבער דער שול, לאָדעוועט לייזער קורניק עופֿות אַוועקצופֿירן בײַ נאַכט קיין וואַרשע. אַבֿרהמל טריפֿענע יאַטקע פֿירט אַ בהמה אין שעכטהויז אַרײַן און קוקט זיך אַרום איבער אַלע זײַטן. חנא בעקער שטייט פֿאַר דער טיר פֿון זײַן בעקערײַ אַרומ־

גענומען מיט אַ ווײַסן זאַק און סדרט־אויס די ברויטלעך מיט די זעמעלעך, זיי זאָלן שפּאָר יערן אויף דער קילער לופֿט. דער בירגערמײַסטער, מיט אַ שוואַרצן באַנד אויפֿן אָרעם — דאָס טרויערט ער נאָך זײַן יונג ווײַב — גייט אַהיים שלאָפֿן אין זײַן ליידיקן הויז. ער שטעלט זיך אָפּ בײַ די רויע ברויטלעך, קלאַפּט בייז מיטן שטעקעלע אין שטיינערנעם ברוק, דראָעט חנאן מיטן פֿינגער, אַז ער וועט צו אים שיקן אַ סאַניטאַרע קאָמיסיע, און גייט ווײַטער, אַן אײַנגעבויגענער, מיטן שוואַרצן באַנד אויפֿן אָרעם. גאָלדע קוקט זיך אַרום איבערן מאַרק. הילצערנע הײַזער שטייען מיט קוימענס, ווי אײַנגעשפּאַרטע ציגן, אויסגעשטעלט אַרום דעם מאַגיסטראַט, און ווערן צערונען אין זײַנע שאָטנס. אַ ליאַדע מינוט וועט דער מאַגיסטראַט זיך צעבריקעווען און צעטרעטן די הײַזקעס. די ווענט וועלן פּלאַצן, די דעכער אײַנפֿאַלן און באַגראָבן אונטער זיך לעבעדיקע מענטשן...

פֿון אַלע הײַזער איז בלויז דער רעסטאָראַן פֿון דײַטש שולץ זיכער בײַ זיך. ער שטייט חוצפּהדיק מיט אַ פֿאַרריסענעם געלן פֿראָנט. אינעווייניק סקריפּעט אַ הייזעריקער פּאַטעפֿאָן און שפּילט־אויס אַ נײַעם שלאָגער [29], וואָס שולץ האָט געלאָזט ברענגען פֿון דײַטשלאַנד. פֿון אַלקערל בײַם שניטגעוועלב הערט זיך שבֿעס קול:

— גאָלדע, גאָלדע, צײַט שלאָפֿן גיין. נעם־אַרײַן אַ קובל [30] וואַסער!

גאָלדע שפּאַצירט זיך דורך דאָס לעצטע מאָל איבערן מאַרק מיטן עמער צו דעם פּלומפּ. הערש לוסטיק מיט זײַן ווײַב, ראַצע „שוועער געמיט”, קומען איר אַנטקעגן. זיי טראָגן אַ קויש צוגעדעקט מיט היי.

— נאַ, לייזער — זאָגט הערש לוסטיק צו קורניקן — די ערשטע קאַרשן דאָס יאָר. שקלאַנקעס [31]! שטעל עס אָפּ צום מעקלער מײַנעם אין וואַרשע, אין מיראָווסקע געסל.

ער דערזעט גאָלדען בײַ דעם פּלומפּ און מעסט זי אָפּ מיט אַ שאַרפֿן בליק:

— האַ גאָלדעלע, אַזוי שפּעט נאָך וואַסער. כ'האָב געזען, גאָל־

---

[29] אַ לידל וואָס האָט אַ גרויסן דערפֿאָלג. — [30] עמער. — [31] טייגלעזער.

דעלע, ווו דו ביסט געגאַנגען, מיט וועמען דו ביסט געגאַנגען פֿאַר נאַכט. כ׳וועל דיר צושטעלן אַ בענקעלע בײַם זיידן. ישׂראלטשע בלימעלעס אייניקל! נע, נע, ווער וואָלט זיך דאָס רעכטן [32] אויף אַזאַ זאַך!

גאָלדע פּאָמפּעוועט מיט אימפּעט דאָס וואַסער. דאָס וואַסער גיסט זיך ראַשיק. זי כאַפּט דעם עמער און לויפֿט האַסטיק איבערן פֿינצטערן מאַרק. עס דאַכט זיך איר, אַז מען יאָגט זי נאָך. זי פֿאַלט־אַרײַן אין איר אַלקערל, טוט־אויס דעם סטאַניק [33] און באַטראַכט דאָס ווײַסע לײַב בײַם שפּיגל. ס׳איז ריין, אין גאַנצן אָן קרעצלעך. גבֿריאל מיינט אַוודאי, אַז אויב זי האָט אַ פּאָר פּרישטשיקעס אויפֿן פּנים, מוז שוין דאָס לײַב אויך אַזוי זײַן. ניין, זי וועט אים אויפֿווײַזן, אַז ער האָט אַ טעות. אָבער ווי אַזוי? ווי אַזוי קאָן זי אים אויפֿווײַזן, אַז זי האָט אַ ווײַס לײַב? גאָלדע איז אין פֿאַרלעגנהייט. זי צעלאָזט אירע האָר, פֿאַרלעשט דאָס ליכט און דעקט זיך איבער מיט דער קאָלדרע.

## 3 גבריאל בענקט נאָך משפּחה

וואָס טוט גבֿריאל פּריווער, דער דאָקטער אָן פּראַקטיק, אין סמאָלין? הערש לוסטיק ווייסט נישט פֿון קיין חכמות, אַז מען פֿרעגט אים, ענטפֿערט ער:

— גבֿריאל פּריוועער איז געקומען טאָן אַ שידוך. עס קאָן זיך מאַכן, אַז מ׳זאָל אים דאַרפֿן האָבן אויך. ביז איצט איז געגנוג געווען לינע פֿעלדשער. געשטעלט באַנקעס, פּיאַווקעס און געשפּילט אויף אַ פֿידעלע. הײַנט אָבער, אַז מ׳האָט אויפֿגעשטעלט אַ פּאַרעווע מיל מיט עלעקטרי, זײַנען די מענטשן געוואָרן אויסגעאיידלט און דאַרפֿן האָבן אַ דאָקטער. אין וואַרשע וואַלגערט זיך אַזוינס אַרום ווי מיסט, אָבער פֿאַר סמאָלין איז עס אַ נאָווינע.

---

[32] דערוואַרטן. — [33] ברוסטהאַלטער.

אַזוי טײַטשט־אויס הערש לוסטיק גבֿריאלס אויפֿהאַלטן זיך אין סמאָלין. אָבער, וואָס איז נאָסטאַלגיע, דאָס ווייס ער נישט. ווי קומט אַזאַ ייִד ווי הערש לוסטיק דאָס צו וויסן? אַז גבֿריאלס חבֿרים אין דער גרויסער שטאָט (די עסטעטיזירנדיקע, אויסגעוואָרצלטע מענטשן) ווייסן דאָס נישט. דאָס דאַרף מען פֿילן. זיצן יענע אין די קאַפֿעען, אין רויך פֿון ציגאַרן, מיט מינעס פֿון אָפּשפּעטערס און טענהן: אויס קליין־מאַזורקע, אויס באָזשע־וואָליע, אויס סמאָלין. ריידן — ווי בלינדע פֿון קאָלירן. ער וועט זיי ווײַזן אויס סמאָלין!...

נאָך צוועלף יאָר אַרומוואַלגערן זיך אין דער גרויסער שטאָט, האָט גבֿריאל פּריוועד גענומען זײַן האַרט קישן, פֿאַרפּאַקט דעם דאָקטער־דיפּלאָם אין דער לײַוונטענער וואַליזע און צוריקגעקומען קיין סמאָלין. דאָ האָט ער געטראָפֿן אַ גרויען פֿעטער, ישׂראלטשע בלימעלעס, אַ קוזינע שבֿע, וואָס האָט אַ שניטקראָם און אַ מאַן, דעם סמאָלינער ראש־הקהל. די אַנדערע קוזינע, כאַשע, איז בלינד אויף איין אויג און דער מאַן אירער הייסט גרונם „מײַנע צרות“. ער האָט אַ פֿאַרזשאַווערט האַנטמילכל אויף קאַשע און זעקס קינדער. איצט דאַרף מען נאָך צורעכענען גאָלדען, שבֿעס טאָכטער.

צוועלף יאָר האָט גבֿריאל געלעבט אין אַקאַדעמישע הײַזער, געגעסן אין סטודענטן־קיכן. ביבליאָטעקן, קאָנדיציעס, קלובן, בעלער, סטודענטינס. אַ מאָל האָט ער זיך אויסגעקליבן אַ פֿרײַנדין, אַן אַנדערש מאָל האָט מען אים אויסגעקליבן. אַלץ איז אַריבער ווי אַ חלום אין אַ זומערנאַכט. איצט איז ער אַן אַרבעטסלאָזער דאָקטער, וואָס איז געקומען צו משפּחה. בײַ נאַכט שטעלט מען פֿאַר אים אַוועק אַ שיסל מיט אַ שעפּ אויף נעגל־וואַסער. אין דער פֿרי שיקט דער פֿעטער ישׂראלטשע בלימעלעס אַרײַן צוויי פּאָר תּפֿילין: רשיס און רבינו תּמס. ער קאָן זיך אויסקלײַבן, וועלכע ער וויל. גבֿריאל נעמט די געוויינלעכע תּפֿילין. (אַזוי פֿאַרלאַנגט דעם פֿעטער ישׂראלטשע בלימעלעס שטוב). שבת אַן עליה אין שול, אַ ווייכער שלום עליכם פֿון רבֿ. פֿון אַלע זײַטן פֿאַלן דרך־ארץ־בליקן. אי ער

איז דאָקטער, אי ישׂראלטשע בלימעלעס משפּחה, דאָס משפּחה־געפֿיל, וואָס איז בײַ גבֿריאלן געווען שוין אײַנגעשלאָפֿן, האָט אויפֿגעטאַיעט אונטער דער סמאָלינער זון. ער זאַפּט אין זיך אײַן די פֿאַמיליאַרישקייט. אַ גאַנצן טאָג האַלט ער אין איין אָפּשטאַטן וויזיטן.

אַ וויזיט בײַ דער קוזינע שבֿע. אירע ווערטער האָבן אין זיך דעם מוזיקאַלישן ריטעם פֿון גאַנצע דורות מאַמעס. ווען ער שעמט זיך נישט, וואָלט ער זיך צוגעטוליעט צו איר ברייט, מוטערלעך פֿאַרטעך. שבֿע זיפֿצט כסדר.

— פלאָצק איז אַ שטאָט. כ'זאָל נאָר פּטור ווערן פֿון סמאָלין און צוריק וווינען אין פלאָצק. כ'וויל דאָרטן בעסער זײַן בײַ נאַכט אײדער דאָ, אין דעם העק, בײַ טאָג.

פֿאַרשטייט נישט גבֿריאל, פֿאַר וואָס שבֿע וואַרפֿט אַזאַ אומחן אויף סמאָלין. ער פֿילט זיך אין סמאָלין זייער גוט. ערגער איז ווען ער קומט צו דער קוזינע כאַשע. דאָ ווערט אָפּגעווישט די גאַנצע היגיענע, וואָס גבֿריאל האָט געלערנט אויף אַ הונגעריקן מאָגן. פֿון יענער צײַט, ווען ער האָט גענעכטיקט אויף די וואָקזאַלן. דער רויך שטשיפּיעט[34] אים אין האַלדז. כאַשעס הייזעריק קול רײַסט זיך אויף די קינדער. גרונם האַלט אין איין פלאַנעווען: זאָל ער מאַרינירן אייער, טריקענען שוואָמען, צי גאָר צוריק נעמען זיך מאָלן קאַשע אויפֿן פֿאַרזשאַווערטן האַנט־מילעכל, ווען ס'איז דאָ אין סמאָלין אַ פאַרעווע מיל, וואָס לייגט־אַוועק די האַנט־מילעכלעך...

ער האָט אַ סך זאַכן צו לערנען אין סמאָלין, גבֿריאל. די פֿינף און זיבעציק יאָר פֿון פֿעטער ישׂראלטשע בלימעלעס זאָגן אים זייער פֿיל. און דער רבֿ, וואָס קומט־אָפּ מיט אַן אוגערקע און אַ שטיקל שוואַרץ ברויט (די קאָמאָדע איז פֿאַרלייגט מיט פֿופֿצן הונדערט העפֿטן, געשריבענע חיבורים) איז אויך אַ רעטעניש. דעם רבֿס

[34] בײַסט, דראַפּעט, קראַצט,

טאָכטער, באַלטשע, האָט קנייטשן אויפֿן יונגן שטערן און קאָן פֿון אויסנווייניק גאַנץ פֿרוידן. זי ווייסט אָבער נישט ווי אַזוי זיך אומ־צוגיין מיט דעם פּסיכאָאַנאַליז. איצט קומט נאָך צו דאָס ווונדער־לעכע פּאָרפֿאָלק פֿון סעדער־הייפֿל. אים רופֿט מען הערש לוסטיק און זײַן ווײַב הייסט ראַצע „שווער געמיט". ווי קלוג עס זײַנען די סמאָלינער! זיי ווייסן נישט פֿון קאָמפּלעקסן. „שווער געמיט", גרונם „מײַנע צרות", און פּטור. אים, גבֿריאלן, רופֿט הערש לוסטיק בײַם נאָמען.

— גוט מאָרגן, דאָקטער גבֿריאל. איר זענט בלויז רופֿא. איך בין סעדער, שנײַדער, זאָג תּהילים און האָב נישט קיין קינדער. כ'בין כהן, לוי און סטאַנגרעט [35].

זאָרגלאָז זײַנען גבֿריאלס טעג אין סמאָלין. אַלץ איז פּשוט און תּמימותדיק, ווי אַ קינדערישע טרער. דאָס שלעכטע איז מיט אַ כּיוון אויפֿגעבלאָזן און פּאַסט זיך נישט אַהער. (ס'וועט אײַנגיין פֿון זיך אַליין, זאָגט הערש לוסטיק). ער ליגט אין וואַלד, קוקט אין בלויען הימל אַרײַן און הערט זיך צו צו די מעשׂיות פֿון אַלטן גאַיאָווע [36] וועגן קאָזאַקן, וועגן געהאָנגענע ייִדישע „שפּיאָנען", וועגן מתים, וואָס פֿאַרשטעלן זיך פֿאַר שדים. דאָס געוויסן, דעם גאַיאָוועס, איז באַלאָדן מיט זינד. עס פּײַניקן אים קאָשמאַרן.

פֿאַר נאַכט שפּאַצירט גבֿריאל אויפֿן זעלנערישן בית־עולם. „היער רוען דרײַסיק דויטשע קריגער, 1915". „דרײַ אונד אַכציק רוסישע סאָלדאַטן געפֿאַלן אין 1916". „יאָסל שמאַראַגד, זעלנער פֿון מאָדלינער פּולק". און אין מיטן — דער גרויסער ברודער־קבֿר אַרומגעצוימט מיט דראָט: „זעקס הונדערט דרײַ אונד פֿינפֿציק גע־פֿאַלענע, 1917".

ווי קלוג מוז שוין זײַן סמאָלין, אַז מ'האָט דאָס אַלץ דאָ געזען און איבערגעלעבט. איצט איז שטיל אויפֿן זעלנערישן בית־עולם. צלמים און מגן־דודס שטייען איינע נעבן די אַנדערע אָרומגענומען

[35] קוטשער, פורמאַן. — [36] וואַלדוועכטער.

מיט זאַמדיקע געוויקסן. רויטע מאַלינעס וועלקן אויפֿן דאָזיקן בית־עולם. קיינער וויל זיי נישט נעמען אין מויל אַרײַן. צו פֿיל דערמאָנט זייער רויטקייט אין בלוט. גבֿריאל שטעלט־אויף דעם הילצערנעם צלם, וואָס דער ווינט האָט אומגעוואָרפֿן, פֿאַרריכט דעם דראָטענעם פּלויט, אַז חזירים זאָלן דאָ נישט אַרומהוליען.

ער פֿלעכט צונויף אַ קרענצל פֿעלדבלומען און לאָזט זיך גיין צוריק אין שטאָט אַרײַן. ס'איז פּונקט אַזאַ ווײַסע נאַכט ווי יענעם פֿרײַטיק, ווען ער איז געקומען קיין סמאָלין, מיד פֿון אומזיסטן אַרומזוכן דאָקטאָרישע פּראַקטיק אין וואַרשע. ס'איז געווען נאָך ליכטצינדן, ווען דער אויטאָבוס איז פֿאַרפֿאָרן אין מאַרק אַרײַן. מען האָט אים אַרײַנגעפֿירט צו דער קוזינע שבֿע. גאָלדע איז דעמאָלט געשטאַנען אויף דער שוועל. אירע האָר האָבן געגלאַנצט מיט אַ שוואַרץ־פֿײַערדיקן שימער. זײַן אַרײַנקומען האָט אויסגעפּרעסט אויף איר פּנים אַ פּערלדיקן שמייכל. אַזאַ שמייכל באַווײַזט זיך נאָר איין מאָל אין לעבן. זײַן האַרץ האָט אַ צאַפּל געטאָן און מיטגעריסן אין דעם בלוטלויף דעם דאָזיקן שמייכל. דעמאָלט איז אים שוין פֿון פֿאָרויס קלאָר געוואָרן, וואָס ער, גבֿריאל פּריווער, אַ דאָקטער אָן פּראַקטיק, וועט טאָן אין סמאָלין.

## 4 „גרונם מיינע צרות" פֿאַרריכט דאָס קאַשע־מילעכל

נישט אמת, אַז גרונם האָט נאָכן אָפּלעבן דרײַ און דרײַסיק יאָר אויף דער סמאָלינער ערד גענומען פֿאַרלויפֿן די צרות דעם וועג און קראַקען אויף שלעכטס. אַז מ'ווײַזט גרונמען אַ שמייכל, אַ פּנים שוחקות, ווי נאָר ער הערט אַ גוט וואָרט, אַזוי שטראַלט־אויף דאָס זויערע פּנים זײַנס און די אויגן זאָגן: אַ ישר־כּוח, איר האָט מיך געטרייסט. נאָך דעם, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט הערש לוסטיקן און יענער איז אַרויס גאַנץ, איז גרונמען אַראָפּ אַ שטיין פֿון האַרץ. דאַכט זיך, וואָס קאָן זײַן ערגער פֿון שלאָגן? פֿון דעסט

וועגן איז סמאָלין ווײַטער סמאָלין. ס'איז ווי איינער קוקט אויף די זאַכן. אַלץ איז אין מענטשן אָנבאַלאַנגט... וויל מען, קאָן מען זאָגן, אַז ס'איז נישט אַריבערצוטראָגן דאָס שלעכטס. וויל מען פֿאַרקערט — איז נאָך נישט צו דערלײַדן. ער וואָלט געוועזן אַ שלעכטער מאַן, ווען ער דערציילט נישט כאַשען, זײַן ווײַב, אַז ס'איז נאָך נישט אַלץ פֿאַרפֿאַלן, אַז ייִדן זײַנען נאָך נישט פֿאַרלוירן. אָבער ווי נאָר ער טרעט־איבער די שוועל, אַזוי שעפּט זיך אויס דער קוואַל פֿון זיינע טרייסטווערטער. כאַשע וויל פֿון גאָר נישט וויסן. זי איז פֿאַרטאָן אין שטובזאַכן. פֿירט מלחמה מיט די קינדער. שלמהלע און זלאַטקע רײַסן זיך אַרום איבער אַ פּאָר זויערע ווײַנפּערלעך, וואָס זיי האָבן אָפּגעריסן אין זיידנס גאָרטן אונטערן וויסן פֿון ישׂראלטשע בלימעלעס און אונטערן וויסן פֿון דער אַלטער זיסל. כאַשע ווישט זיך דאָס פּנים מיטן פֿאַרטעך. די בריסטן הענגען איר נאָך בײַם אײַנבייגן זיך ווי צוויי ליידיקע בלאָזזעק. זי באַלייגט שלמהלען מיט פֿויסטן:

— מערדער, רוצח, וואָס ווילסטו האָבן פֿון זלאַטקען? גיב איר די ווײַנפּערלעך. אָט איז דער טאַטע. דערלעבט שוין צו קומען. זע, ווי דער בנאָק[37] דײַנער האָט מיך צעגראַטשעט[38]. גרונם, גרונם, האָסט מיך פֿאַרזאָרגט מיט אַ שטוב קינדער. אַ לויב צו גאָט דער־פֿאַר. אָבער די הערצלעך גייען זיי איבער, עסן זיי גרינע ווײַנפּער־לעך. וואָס האָסטו אויפֿגעטאָן, געשפּאַן[39] מײַנער?

גרונם שטייט אַ צעמישטער. ער קוקט אויף כאַשעס פֿאַר־קאָפּטשעט פּנים. אויף די נאַקעטע שטיקער לײַב, וואָס ווײַסן זיך אַרויס פֿון דער בליוזקעלע און עס באַפֿאַלן אים שוין ווידער ספֿקות. און אַז מען שלאָגט נישט, איז שוין גוט?... נייך, ס'איז פֿאַראַן נאָך ערגערע זאַכן פֿון שלאָגן...

— כאַשע... — שאָקלט ער מיטן גלאַטן, אָנהאָריקן פּנים — האָסט דיר אַרײַנגענומען אַ מאַניקאָליע אין קאָפּ. דו מיינסט טאַקע,

---

[37] יונגאַטש. — [38] געדראַפּעט. — [39] (שפּעט־לשון) אַנשטאָט מאַן... גע־שפּאַן.

אַז ס׳איז נישטאָ קאַ׳ העכערע זאַכן ווי דער בויך. קום אַהער, וועל איך דיר דערציילן, וואָס עס איז פֿאַרלאָפֿן אין צינצימין.

ביי כאַשען איז איין אויג, דאָס שוואַכע, פֿאַרטרערט. עס קוקט אויף דער וואַנט, אָבער מיינען מיינט עס גרונמען.

— און וואָס טויג מיר צו האָבן קהלס דאגות אויפֿן קאָפּ, אַז דו ביסט מײַן פֿאַרזאָרגער? ס׳איז דאָך, חס ושלום, אַ פֿאַל, אַז כ׳זאָל לעבן פֿון קצבה. אַן אַנדערער, זעסט ווי מ׳האַלט, לויף אין דאָרף אַרײַן, ברענג אַ ביסל טאַטערקע [40] אויף קאַשע. בעט הערש לוסטיקן, ער זאָל צוגיין צום בורמישטש, אפֿשר וועט ער עפּעס פועלן. זאָל ער זאָגן אַזוי און אַזוי: פּאַניע בורמישטש, ס׳איז אַ שווערע צײַט, שענק גרונמען דעם שטײַער און זאָל ער ווײַטער לעבן און מאָלן קאַשע אויפֿן האַנט־מילעכל. און אַלץ מיט אַ גע־לעכטערל, אַזוי ווי הערש לוסטיק קאָן. ער איז דאָך אויסגעקאָכט מיטן בורמישטש. פֿרעג שוין נישט. ס׳איז מיר שוין איין מאָל ווויל מיט אַזאַ מאַן. ווי אײַנער איז ווערט, אַזוי ליגט ער אין דר׳ערד.

גרונם ציפּט זיך די נאַקעטע גאָמבע. ער קוקט זיך אײַן אין כאַשעס פּנים. אירע קנייטשן זײַנען נישט מער ווי אַ פֿאַרבלענדע־ניש. אונטער די קנייטשן איז די הויט פֿריש און גלאַטיק. איצט, אין דעם פֿרי־זומערדיקן פֿאַרנאַכט, פֿילט גרונם, ווי עס באַפֿאַלט אים אַ בענקעניש צו כאַשעס הייס לײַב, אַ בענקעניש ווי פֿאַר צען יאָר צוריק, איידער כאַשע האָט פֿון זיך אויסגעטיילט די זעקס קינדער. ער קוקט אויף איר מיט לעכצנדיקע בליקן.

— זעסט, כאַשע, ווי מיר האָבן איין געדאַנק! דאָס אייגענע געטראַכט וואָס דו. די וועלט גייט נאָך נישט אונטער, כאַשע. מ׳עט ברענגען טאַטערקע פֿון דאָרף, מ׳עט מאָלן קאַשע. און מיר, מיינסטו, איז ליב צו נעמען ביי דער שוועסטער דײַנער וואָכנגעלט. זי זאָל אונדז שפּעטער מאַכן אַ מענטליק [41]. מישטיינס געזאָגט, וואָס מ׳האָט פֿון מענטשנס גאָב! זיי האָבן אַ מיידל, זאָגט זי, שבֿע

[40] גרויפּן. — [41] אַ טובה, מיט וועלכער מ׳באַרימט זיך אויס.

חתונה צו מאַכן, טאָר זי נישט אָנרירן גאָלדעס נדן. זאָלן אָפּגע־דאַרט ווערן די הענט, וואָס וועלן נעמען בײַ איר כאַטש איין גראָשן! כאַשע, ווי אַזוי שעמסטו זיך נישט פֿאַר קינדער? מ׳זעט דאָך דיר אַרויס דאָס נאַקעטע לײַב. שפּילעווע דיר צו די בליוזקע, כאַשע!
— גיט איר גרונם אַ גלעט איבערן בוזעם.
כאַשע צינדט זיך אָן:
— גרינגער קאָפּ! הייבסט שוין אָן צו נאַרעצן[42]. דאָס קאָן ער...
גרונמען ווערט וואַרעם אין די גלידער. ער רײַבט זיך די הענט, פֿאַרקאַטשעט די אַרבל און שאַרט־צונויף די מכשירים.
— נעם־אָפּער, שלמהלע, די זעג מיטן האַמער פֿון אונטערן בעט. קום־אַרויס אין פֿעדערהויז, וועט מען זיך נעמען צו דער אַרבעט. פֿלינקער, שלמהלע, פֿלינקער. ס׳ווערט שפּעט...

# 5 הערש לוסטיק איז מנחם־אָבל דעם בירגער־מייסטער

זונטיק, נאָכן גיין פֿון דער קירך, פֿאַרדעקט הערש לוסטיק די מאַשין, טוט־אָן די גרינלעך גלאַנציקע, יום־טובֿדיקע, געהאַקטע קאַפּאָטע און גייט אָפּשטאַטן אַ וויזיט דעם סמאָלינער בירגער־מײַסטער. ס׳איז אַדפּוסט[43] אין סמאָלין. דער מאַרק איז פֿול מיט דאָרפֿישע גאַיעס. אַרום דעם פּלומפּ שטייען אויסגעבעטע פֿורלעך מיט קאָלירטע דעקן. יונגע לײַטלעך אין ווײַסע היטעלעך, צוגע־רײַזטע פֿון דער פֿרעמד, דרייען זיך אַרום מיט ערנסטע מינעס און טיילן קוויטעס. זיי ריידן גאָר נישט, האַלטן זיך איידל ווי פּאַנעס, ווינקען זיך בלויז איבער מיט די אויגן. די פּויערים באַטראַכטן די קוויטעס, מיט די קאָמישע צייכענונגען און פֿאַרשטעקן זיי אין די כאָלעוועס. אויף ביידע זײַטן מאַרק שטייען בײַדלעך, גאָר וואָס צו־

[42] צוגרייטן זיך (מיט באַהאַלטענע כוונות). [43] חגא פון מחילה.

נויפֿגעקלאַפּטע פֿון נישט געהובלטע ברעטער. פֿרישע קליענטן פֿון סמאָלינער שטײַעראַמט... — טראַכט הערש לוסטיק — בײַ זיי וועט זײַן וואָס צו נעמען. אַלע באַהאַלטענע געלטער זײַנען קאַפּויער געקומען פֿון די זאָקן און פֿאַרטאָן געוואָרן אין די נײַע געשעפֿטן... דער מאַרק ברעכט זיך פֿון סחורה, אָבער קיין קונים זעט מען נישט... הערש לוסטיק מאַכט זיך אַ וועג צווישן דעם דאָרפֿישן עולם. ער איז מיט אַ קאָפּ העכער פֿון די קליינוווקסיקע פּויערלעך. שקצים פֿון שוסטער־געסל, שיכּורע ציגעלניקעס און דעם פֿערדשינדערס זין, וואָס טוען־אָפּ פֿאַרשיידענע שפּיצלעך די סמאָלינער, פֿאַרטשעפּען אים, חוזק־אָפּ פֿון זײַן געהאַקטער קאַפּאָטע, מאַכן חזיר־אויערן פֿון די פּאָלעס. הערש לוסטיק שפּיזט זיי דורך מיט זיינע שטיפֿערישע אויגן. ער שעפּטשעט אין דער שטיל:

אָמר ה׳ ליעקבֿ: אל תּירא עבֿדי יעקבֿ.

די ציגעלניקעס בלײַבן שטיין מיט נאַריש פֿאַרריסענע נעז, צע־טומלטע, און הערש לוסטיק גייט זיך ווײַטער זײַן וועג. ער שאָקלט מיטן קאָפּ צו באַקאַנטע גאַיעס, פֿרעגט זיך אויס וועגן ווינטער־זריעה, וועגן פֿאַרגאָסענע לאָנקעס היי, וועגן קי, וואָס דאַרפֿן זיך קעלבן. אַזוי גייענדיק, קומט ער אַרײַן מיט שפּילעוודיקע טריט אין באָזשע־וואָליער געסל. דאָ שטייען ייִדן מיט בײַדלעך, אָפּגערוקט פֿון דער קירך, אויף דער לינקער זײַט. ווײַטער אַ ביסל, אַרויפֿצוצו, צווישן ברייט צעוואָקסענע קליאָנביימער, רויטלט זיך דאָס לאַנגע ציגלהויז פֿון בירגער־מײַסטער. הערש לוסטיק בלײַבט שטיין אויף די האַלב קײַלעכיקע, שטיינערנע שוועלן און ווייס נישט, וואָס צו טאָן. וואָרעם די פֿענצטער זײַנען פֿון אינעווייניק פֿאַרמאַכט מיט ווײַסע לאָדנס. פֿאַרשטייט הערש לוסטיק, אַז דאָס איז מחמת זשאַלאָבע[44]. דער בירגער־מײַסטער טרויערט נאָך זײַן ווײַב, וואָס איז אין אַ קימפּעט יונגערהייט געגאַנגען פֿון דער וועלט. דעם ווײַבס טויט האָט אים אין גאַנצן צענומען און ער וועט שוין מער נישט

[44] טרויער (שוואַרץ געקליידט).

חתונה האָבן, דער בירגער־מײַסטער. כאָטש אַן ערל, איז אים דאָך אַ מצווה צו טרייסטן. ער טוט ייִדן טובֿות און איז סתּם אַן אָ־נטלע־כער גוי. ווען בײַ אים וואָלט געווען די גאַנצע דעה, וואָלט ער מאָש־קען, שׂרה־גיטלס ייִנגל, נישט געלאָזט אַוועקפֿירן אין תּפֿיסה, וואָלט ער גרונמען אַראָפּגענומען די פֿאַרלעגענע שטײַערן.

ער קלאַפּט־אָן. ער קלאַפּט שטיל, גלײַך ווי דעם בירגער־מײַסטערס ווײַב וואָלט נאָך געלעגן קראַנק און מען טאָר זי נישט איבערוועקן. פֿון אינעווייניק הערן זיך ווייכע פּאַנטאָפֿל־טריט. דער בירגער־מײַסטער אַליין עפֿנט. אין דעם טירשפּאַלט באַווײַזט זיך זײַן ברייטער קאָפּ, וואָס איז באַוואַקסן מיט קורצע הערעלעך, ווײַס ווי שניי. די אויגן זײַנען רויט און אָנגעשוואָלן. פֿאַר די לעצטע טעג איז דער בירגער־מײַסטער פֿאַרעלטערט געוואָרן. אַ צעבראָכענער מענטש. הערש לוסטיק שטרעקט צו אים אויס אַ וואַרעמע האַנט. דעם בירגער־מײַסטערס פֿאַרשטיינערט פּנים באַקומט לעבן.

— דאָס ביסטו גאָר, הערשעק. אַבי איך האָב געמיינט... וואָס האָב איך געמיינט? עס שווינדלט מיר הײַנט פֿאַר די אויגן. קום־אַרײַן, הערשעק! נאָך נישט צוגערוימט בײַ מיר. אָפּגעשאַפֿט די דינסטמיידן, פֿאַרשטייסטו מיך, הערשעק: צו וואָס דאַרף איך זיי האָבן? אַז פֿראַנטשיסקאַ לעבט נישט מער. זאָל אַלץ גיין צום טײַוול, דאָ כאָלערי[45]...

בײַ לוסטיקן גייט־איבער דאָס האַרץ. אַ גוייִשע נשמה טונקט זיך אין צער. ער קוקט דעם בירגער־מײַסטער טיף אַרײַן אין די אויגן.

— מען טאָר נישט אַזוי, וויטוש. דו זינדיקסט. אַ מענטש, וויטוש, דאַרף זײַן גרייט אַלץ אויפֿצונעמען און נישט אַרײַנפֿאַלן אין יאוש. לערן זיך אָפּ פֿון אונדז. כ'בין דאָס טאַקע אַצינד געקומען, וויטוש. אַ מנהג אַזאַ בײַ ייִדן. ער הייסט מנחם־אָבֿל זײַן. לאָז דיך טרייסטן, וויטוש. מיר קענען זיך דאָך נישט פֿון הײַנט. צוזאַמען

[45] צו דער כאָלערע.

געיאָגט טויבן ייִנגלווײַז. אין איינעם זיך געבאָדן אין די ליימגריבער.

דעם בירגער־מײַסטערס בלאַס פּנים פֿאַררויטלט זיך. ער כאַפּט־אָן הערשן פֿאַר דער האַנט.

— ווי אַזוי האָסטו געזאָגט, הערשעק: מאַנאַכע אַבעל זײַן? האַ, אַט דאָס הייסט אַ טרייסטוואָרט: מאַנאַכע אַבעל... אַזוי פֿאַרשטיי איך. בײַ אײַך, ייִדעלעך, איז אַלץ אַנדערש. ס'האָט אַ טעם. מײַנע פֿרײַנד זײַנען אָפּגעזעסן אַ גאַנצע נאַכט, געפֿרעסן און געזויפֿט צע־זעצטערהייט... די אָרעמע פֿראַנטשישקאַ איז מיר נאָך אַלץ געשטאַ־נען פֿאַר די אויגן אַ לעבעדיקע, איז מיר די לוויה־מאָלצײַט געווען אומווערדיק, ווי ווערעם וואָלטן געגעסן איר לײַב... בײַ אײַך, ייִדן, קאָן מען טרויעריק זײַן... קום אַהער, הערשעק, וועלן מיר טרינקען צו ביסלעך. געשפּילט זיך אַמאָל צוזאַמען, זאָגסטו... סײַ ווי ביידע צעבראָכענע שאַרבנס. ביידע האָבן קיין קינדער נישט. ווען דו גיסט אַ טראַכט, אַז מיט דיר שליסט זיך אָפּ דײַן וועלטל, ענדיקט זיך אַלץ... עך, פֿראַנטשיסקאַ, פֿראַנטשיסקאַ. נאָך וואָס האָסטו דאָס גע־טאָן? געשטאָרבן און מיטגענומען דאָס קינד. קום טרינקען, הער־שעק. מאַנאַכע אַבעל, זאָגסטו? דאָ כאָלערי...

זיי גייען־איבער אין אַלקערל. זעצן זיך אַוועק בײַ אַ מאַכאָגע־נעם טישל און פּיפּקען די פּײַקעס. דער בירגער־מײַסטער וואַרפֿט אומרויִקע בליקן אויפֿן בילד, וואָס הענגט פֿאַרדעקט איבער דער קאָמאָדע. ער בייגט זיך איבער צו הערשן און רוימט אים אײַן אין אויער.

— פֿאַרשטייסט, הערשעק, כ'האָב מורא געהאַט, זי זאָל מיך נישט קומען ווערגן בײַ נאַכט, האָב איך געהייסן דאָס בילד צודעקן. אַנומלטן איז זי מיר געקומען צו חלום. זי איז געשטאַנען נעבן דער טיר אין העמד ביז צו די קנעכלעך, אַ שוויַיגנדיקע, מיט אַ שטילן פֿאָרוווּרף אין די אויגן. זי האָט גאָר נישט גערעדט, אָבער די אויגן אירע... ווען דו זעסט אירע אויגן... מערדער, האָבן געזאָגט די אויגן, דו האָסט מיך אומגעבראַכט פֿון דער וועלט. גיב מיר אָפּ מײַן קינד. דערנאָך האָט זי זיך צעוויינט, איז צוגעגאַנגען צו מיר און

מיך גענומען גלעטן: „וויטוש, וויטוש, מאַן מײַנער!"... איך האָב זי געוואָלט אָנכאַפּן, אַרומנעמען און צוטוליען צו זיך, אָבער זי איז צערונען געוואָרן אין מײַנע הענט, איז אָפּגעשפּרונגען און געוואָרן אַ שאָטן. „איך בין שוין נישט פֿאַר דיר", האָט זי געזאָגט, „דו טאָרסט מיך נישט אָנרירן"... דאָס האַרץ קאָן דאָך פּלאַצן, הערשעק... ווי אַזוי האָסטו געזאָגט: מאַנאַכע אַבעל... אײַ, ייִדעלעך, ייִדעלעך... דאָס איז אַ קלוג פֿאָלק. דער טײַוול וועט אײַך נישט נעמען...

ער גיסט־אָן אַ גלעזל שליוואָוויץ און ליידיקט עס אויס. די פֿאַרב שטעלט זיך אים אין פּנים. ער ווערט אויפֿגערוימט. גיט הערשן אַ שטאַרקן קלאַפּ איבער דער קני. די שטים זײַנע קלינגט האָפֿערדיק, שפּאָטיש:

— ווען פֿאָרסטו, הערשעק, קיין פּאַלעסטינע? ביז נײַ־יאָר, שמועסט מען, זאָל אַ העלפֿט ייִדן אַרויספֿאָרן פֿון סמאָלין. אַז דו וועסט זײַן אין פּאַלעסטינע, הערשעק, זאָלסטו צוגיין קיין בית־לחם צו וואַצעקן, דעם „בראַטשעק" מײַנעם. ער האָט עס גוט געמאַכט, וואַצעק. קיין מאָל נישט געוווּסט, וואָס אַ ווײַב איז. לעבט זיך רויִק אין קלויסטער און זעט יעדן טאָג גאָטס וויגעלע, דאָס היי־שטעלעכל... ווען גרייטסטו זיך אין וועג אַרײַן, הערשעק?

לוסטיק ציט זיך אויס באַקוועם אין דער ווייך געבעטער שטול און טוט אַ לאַנגן, פֿוילן גענעץ:

— איך, וויטוש, פֿאָר נישט. איך בלײַב דאָ.

דער בירגער־מײַסטער, שוין אַ דערוואַרעמטער, שפּרינגט־אויף אַן אָנגעצונדענער פֿון אָרט. אַ ווײַלע וואַקלט ער זיך אויף די פֿיס און פֿאַלט־צוריק אין דעם פֿאָטעל:

— דו פֿאָרסט נישט, הערשעק? אַלע ייִדן פֿאָרן, וועסטו אַליין בלײַבן? ווו וועסטו דאַוונען, הערשעק? דו מיינסט, אַז פֿאַר דײַנעט וועגן אַליין וועל איך דיר לאָזן די מקווה, די לאָבוזעס זאָלן אונטער־קוקן יונגע ווײַבער. איך וועל הייסן פֿונאַנדערנעמען די מקווה צו־זאַמען מיט דער שול. זי האַלט סײַ ווי בײַם אײַנפֿאַלן... כ׳וועל עס טאָן, כ׳וועל עס זיכער טאָן...

הערש צעלאַכט זיך:

— טײַערער וויטוש, ביסט נאָך אַלץ דער זעלביקער... קאָפּ ווי יינגלווײַז. אַלע יידן פֿאָרן נישט. ווער עס וויל, דער פֿאָרט. ווען עס איז ליב דאָ צו בלײַבן, דער בלײַבט. ס׳איז ווי איינער וויל, נישטאָ קיין געצוווּנגענע זאַכן...

דער בירגער־מײַסטער פֿאַרדרייט די וואָנצעס אַרויפֿצו. אין זײַנע אויגן צינדט זיך אָן אַ פֿײַערל:

— דו... הערשעק. דו פּאָזוואָליעסט [46] דיר צו פֿיל אַקעגן בירגער־מײַסטער. דו מיינסט אַז מײַן פֿראַנטשיסקאַ איז געשטאָרבן און דו ביסט מיך געקומען מאַנאַכע אַבעל זײַן, מעגסטו שוין אַלץ ריידן? איך וועל דיר מאַכן, הערשעק, אַ פּראָצעס! דו האָסט, דאַכט זיך, עפּעס געזאָגט. וואַרט אַ ווײַלע. וואָס האָסטו געזאָגט? דו, הערשעק, קאָנסט בלײַבן אין סמאָלין, צום טײַוול. נאָך אַ פּאָר אָרנטלעכע יידן, וואָס איך קאָן זיי: סרולעק בלימעלעס, שמולעק פֿון ליוויטש, בערעק פֿײַטאַלאָוויטש דער דיסקאָנטער, וואָס האָט דעם מאַגיסטראַט געבאָרגט געלט, אָבער די איבעריקע, די פּענטאַקעס [47] מעגן פֿאָרן. עד, פֿראַנטשיסקאַ, פֿראַנטשיסקאַ, ווען איך בין איצט יינגער מיט אַ פֿינף און צוואַנציק יאָר...

לוסטיק פֿאַרציט געלאַסן דעם רויך. ער שמייכלט דעם בירגער־מײַסטער אין פּנים אַרײַן:

— דו ביסט, וויטוש, ווי אַ פֿעסל ביר וואָס דער שוים גיט אַ זעץ פֿון אויבן, ווען מען עפֿנט עס אויף. דערנאָך, אַז עס שטייט, טריקנט־אויס דאָס ביר... ס׳וועט דיר גאָר נישט העלפֿן, וויטוש. מיר, יידן, מוזן מיט אײַך לעבן צוזאַמען אין סמאָלין. אַזוי האָט עס זיך געפֿירט פֿון אייביק אָן. זאָג אַליין, וויטוש, וואָס דאַרף אַ ייד האָבן? יידן זײַנען אַזוי ווי פֿייגעלעך אויף גאָטס וועלט. קיין סך דאַרפֿן זיי נישט האָבן: אַ קערנדל, אַ פֿעדערל, אַ נעסטעלע — אָבער חלה שבת עסן מיר. לאָז געמאַך, וויטוש, די יידן. דער־

---

[46] דערלויבסט זיך. — [47] די קבצנים, שנאָרערס.

מאָן זיך נאָר, ווי כ׳האָב דיך אַרויסגעשלעפּט פֿון דעם סטאַוו, ווען דו האָסט זיך געטרונקען. ווען נישט איך, וואָלטסטו הײַנט נישט געווען קיין בירגער־מײַסטער...

— וואָלט טאַקע בעסער געווען, הערשעק. נאָך וואָס האָסטו מיך דעמאָלט אַרויסגעשלעפּט פֿון וואַסער? דו, פֿאַרשאָלטענער זשיד... איבען דיר איז פֿראַנטשיסקאַ געגאַנגען יונגערהייט פֿון דער וועלט, טײַוול איינער... קום אַהער, וועלן מיר טרינקען נאָך אַ גלעזל... — ער כאַפּט־אָן הערש לוסטיקן פֿאַרן אַרבל — ס׳איז אַ הינטיש לעבן, הערשעק, איינער אַליין אויף גאָטס וועלט. וואָס טויג דיר, הערשעק, פּאַלעסטינע? בלײַב דאָ! ס׳איז דען דיר שלעכט בײַ אונדז? קאָנסט דיר דינגען סעדלעך, וויפֿל דו ווילסט. אַ שול צו מאָדליען[48] זיך האָסטו, און צימעס שבת עסטו? ווו וועסטו גיין שלעפּן די דאַרע ביינער אויף דער עלטער? וואָס אמת, איז אמת. ס׳איז מיר גאָר נישט ניחא, ווען איך הער, אַז יענע ריידן־אויס אויף אײַך. דער ייִדישער דאָקטער, דער פּאַן גבֿריאל פּריוועր, איז אַ ווילער מענטש. ער האָט מיר אַלץ געזאָגט, צוליב וואָס פֿראַנטשיסקאַ איז געגאַנגען פֿון דער וועלט. מיר, הערשעק, זײַנען פֿון אַלטן דור. מיר פֿאַרשטייען נישט די הײַנטיקע. זאָל דיך נישט אַרן, וואָס זיי ריידן. זאָל זיך דיך דאַכטן, דער ווינט פֿײַפֿט אין קוימען. טו צוליב אַן אַלטן פֿרײַנד... בלײַב דאָ! לאָמיר אויסטרינקען נאָך צו גלעזלעך. גוט, וואָס דו ביסט געקומען מיך מאַנאַכעם אַבעל זײַן. עך, פֿראַנטשיסקאַ, פֿראַנטשיסקאַ...

דורך דעם אָפֿענעם פֿענצטער טראָגט זיך דער ריח פֿון די סמאָלינער באַמיסטיקטע פֿעלדער. די זון לאָזט זיך אַראָפּ צו דער ווײַסל. זי טונקט זיך שוין בײַם ראַנד הימל אויף מערבֿ־זײַט. אויף די ווענט פֿון אַלקערל טאַנצן־אַרום שאָטנס. ביידע שווײַגן פֿאַרטראַכט אין זייער ווײַטער קינדהייט, וואָס איז אויפֿגעגאַנגען אויף דער דאָזיקער פֿעטער ערד.

---

[48] דאַווענען.

# 6
## צווייערליי זאָרגן

ישׂראלטשע בלימעלעס האָט שוין אויסגעשפּילט זײַן וועלט. די עלטער קומט אים פֿאָר ווי איין לאַנגער חול־המועד. די ערשטע טעג ווייס ער ווי זיי האָבן אויסגעזען. דאָס זײַנען די פֿינף און זיבעציק יאָר, וואָס ער האָט פֿאַרברענגט אין עושר און כּבֿוד. די צווייטע טעג — דאָס איז יענע וועלט, אויף דער אַנדערער זײַט סמאָלין, אַ גאַנץ נײַע וועלט. ישׂראלטשע בלימעלעס האָט געגעבן צדקה, געטאָן מצוות דאָס גאַנצע לעבן. אָבער ווי אַזוי ציט מען צו די לעצטע פּאָר יאָר? מען לאָזט אים נישט צו רו. פֿון איין זײַט — כאַשע, די טאָכטער זײַנע מיט אירע זעקס קינדער און גרונם דער לא־יוצלח. זיי ציפּן פֿון אים, וויפֿל ס'לאָזט זיך, רײַסן שטיקער לעבעדיקערהייט. פֿון דער אַנדערער זײַט לאָזן אים נישט צו רו די ייִדישע צרות. זיי מאַכן ביטער און זויער די לעצטע טעג זײַנע. און עס נעמט ישׂראלטשען אַרום אַ פֿאַרדראָס אויפֿן רבונו של עולם, פֿאַר וואָס ער האָט נישט געוואַרט נאָך אַ פּאָר יאָר מיט די פּורעניות אויף ייִדן, אַז ער, ישׂראלטשע, זאָל ניט זען מיט זײַנע אויגן דאָס, וואָס ער זעט.

גייט ער אַזוי פֿאַר מיטאָג אַהיים פֿון דער שול מיטן ברייטן טלית־זאַק אונטערן אָרעם, שטעלט געמאָסטענע טריט און בלײַבט שטיין אַלע פּאָר מינוט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. די וועלט, זעט ער, פֿירט זיך, ווי די וועלט איז געוווינט זיך צו פֿירן. מענטשן פּאָרן זיך, זײַנען עוסק אין עולם הזה. ס'קומען־צו, קיין עין־הרע, קינדער־לעך אין די רינשטאָקן פֿון סמאָלינער מאַרק... די מצווה פֿון פּריה ורבֿיה בײַ ייִדן שטעלט זיך נישט אָפּ אויף קיין איין מינוט, כאָטש אין די הויכע פֿענצטער האָט מען אַ ווונק געטאָן: ייִדן, הערט זיך אויף צו מערן. בער פֿײַטאַלאָוויטש, דער סמאָלינער דיסקאָנטער, קומט אים אַנטקעגן אין די גלאַנציקע, געמזענע שטיוועלעך. ער זאָגט אים, ישׂראלטשען, אַ ברייטן דרך־ארצדיקן גוט־מאָרגן. אָבער אין דעם דאָזיקן גוט־מאָרגן איז פֿאַראַן עפּעס ביטולדיקס, אָט אַזוי

ווי מען סאַלוטירט פֿאַר אַן אַלטן, אויסגעדינטן גענעראַל. באַלד שטײַגט ער אײַן, בער, עולם־הזהדיק פֿאַרטאַן, אין געלן בריטשקעלע און פֿאָרט־אָפּ אין די פּריצישע הייף. ער האָט דאָרטן שטיין געלט.

נעבן יאָסל קאָטאַזשאַנס שטוב (קיינער ווייסט נישט ווי אַזוי יאָסל קאָטאַזשאַן איז מיט אַ מאָל עולה לגדולה געווען) שטייט אַ גאַנצע שורה מיט קלעצער. ישׂראלטשע דערמאָנט זיך אין זײַנע אייגענע יונגע יאָרן. ער האָט אויך אַמאָל געהאַנדלט מיט וואַלד. נאַרישקייטן. ווען ער זעט אַ ביסל בעסער אויף די אויגן, וואָלט ער זיך נאָך אַ מאָל גענומען צום ספֿר קהלת. אַלץ איז דאָרטן פֿאַראַן, אין דעם ספֿר קהלת.

ער טרעט־אָפּ אין דער בעקערײַ. חנא בעקער זיצט, ווי שטענ־דיק אַרומגעוויקלט מיט אַ זאַק, אונטערן בופֿעט און טונקט אַלטע זעמל אין קאַווע. ער שטייט־אויף און דערלאַנגט ישׂראלטשען אַ בענקל. ישׂראלטשע נעמט־אַרויס דעם בײַטל פֿון קעשענע, לייגט אים צו צום לינקן אויג, גראַבלט דאָרטן אַ לענגערע ווײַלע מיט די ביינערדיקע פֿינגער.

— נאַ, דאָ האָסטו, חנא, פֿאַר די זעקס ברויטן, פֿאַר כאַשעס ווענן. נאָר כאַפּ זיך נישט אַרויס מיט אַ וואָרט, וואָרעם „מײַנע" טאָר נישט וויסן. זי איז דאָך אַ שטיפֿמאַמע, זיסל. דו פֿאַרשלאָפֿסט, חנא, די טעג, וואָס זײַנען געגעבן געוואָרן אויף גאָטס וועלט; אָבער די נעכט, חנא, אין די נעכט ביסטו אַלץ מתקן ברויט פֿאַרן מענטשנס ווענן! ס'איז אַ גרויסע זאַך, חנא, ס'האַלט־אויף דעם קיום פֿון דער וועלט.

חנא בעקער גיט זיך אַ ריס פֿון אָרט. דער מעלשטויב פֿון זײַנע מלבושים טראָגט זיך געדיכט איבערן געוועלב און מאַכט ישׂראלטשען שווער דאָס אָטעמען.

— איר, ר' ישׂראלטשע, האָט מער אויפֿגעטאָן אויף דער וועלט. איך בין דאָך אַ פּראָסטער בעקער, אַ פּשוטער חי וקים, וואָס ווייס איך פֿון העכערע זאַכן אַחוץ די דזשיזשקע [49] טייג. איצט איז אַרויס

[49] דייזשע, מולטער, „שיפל" (פֿאַר טייג).

אַ גזירה פון מעכאַנישע איווונס. כ׳וועל איר געבן ברויט, כאַשען, כ׳וועל איר געבן. איר האָט דעם שידוך נישט געוואָלט, ר׳ ישראל־טשע. ס׳וואָלט איר גוט געווען, כאַשען, ביי מיר. אָבער איך בין נישט ראוי געווען, ר׳ ישראלטשע, צו זײַן אײַער אײדעם.

ישראלטשע בלימעלעס הערט נישט. ער גייט ווײַטער זײַן וועג. סאַפּעט שווער. ביי שבֿעס שניטגעוועלב שטעלט ער זיך אָפּ. שרײַט־אַרײַן צום איידעם:

— שמואל, שמואל, מ׳האָט שוין געבערענגט דאָס בלאַט? מען שמועסט, אַז ער האָט שוין דאַרטן ווידער גערעדט, היטלער, האַ?

שמואל לויוויטשער קומט נישט גערן אַרויס פאַר דער טיר. דער שווער האָט אים, מסתמא, געשטערט, וואָרעם ער באַלעקט זיך נאָך עפּעס אַ נאַש. ער ווישט זיך אָפּ דאָס מויל; רופט־צו אויפן ווונק שלמהלען, גרונמס יינגל, וואָס שפּילט זיך אַ באָרוועסער, אין אַ אָפּגעשליסן קאַפּאָטקעלע ביי דער פּלומפּ:

— גיי נאָר אַרײַן, שלמהלע, צו יאָסל קאַטאַזשאַן נאָך דער צײַטונג! — אַ צײַטונגסמענטש געוואָרן, קאַטאַזשאַן. ווען מען דאַרף דאָס בלאַט, איז עס נישטאָ. מאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער לייענט אַ צײַטונג.

ישראלטשע בלימעלעס בייגט־צו אַן אויער:

— האַ, דו רעדסט פון היטלערן?

— פון יאָסל קאַטאַזשאַן רעד איך. וויל ווערן דאָזער. ער האַלט צו לאַנג דאָס בלאַט.

— אַ, יאָסל קאַטאַזשאַן. וואָס האָט ער געזאָגט, היטלער?

שמואל לויוויטשער צעלאַכט זיך.

— גייט שוין, שווער, מיט היטלערן... וואָס היטלער? ווען היטלער? מ׳האָט היימישע צרות.

ישראלטשע פינטלט מיט זײַנע פאַראָפּיעטע אויגן:

— די שחיטה, האַ? נו, וואָס קאָן מען זיך העלפן? נישט באַ־שערט די לעצטע פאַר יאָר צו לעבן רויק.

ער גייט־אַרויף אָנבײַסן. וואַרפט־אַרײַן, ווי געוויינלעך, אַ מטבע

אין דער פּושקע פֿון מאיר בעל־הנס. קוקט־איבער די קוויטעס פֿון די ישיבֿות, וואָס וואַלגערן זיך איבער דער קאָמאָדע, נעמט אַ פּראָשעק אויפֿן האָרץ און גייט־צוריק אַראָפּ אויפֿן הויף אומקוקן זיך איבער זײַן נחלה.

ער קריכט מיט מסירת נפֿש צווישן די קאָמערן און שטאַלן. באַטראַכט די הילצערנע שטיבלעך. דאָ איז אויסגעהאַקט אַ שויב, דאָרטן פֿעלט אַ סקאָבעל [50] צום טויער און די פֿורטקע, דאָס טירל פֿון גערטנדל, איז אויפֿגעפּראַלט. כאַשעס קינדער, אָפּגעריסענע, פֿאַרבלאָטיקטע, דרייען זיך אַרום אינעווייניק, ווי דער גאָרטן וואָלט געווען הפֿקר. זיי רײַסן מאַלינעס, ציפּען נישט־צײַטיקע קאַרשן פֿון דיביימער, מאַכן אַ חורבן צווישן די בלומען־קערן.

— וואָס קינדער זײַנען! — טראַכט ישׂראלטשע בלימעלעס — אין אַזאַ שווערער צײַט. די וועלט שאָקלט זיך, און זיי דאָס זייערי־קע... און אפֿשר באַשטייט טאַקע אין דעם דער שׂכל פֿון דער וועלט. פֿון קינדער קאָן מען זיך אָפּלערנען... דאָס לעבן איז בילכער פֿון אַלעמען...

ער נעמט־אַרויס די רויטע פֿאַטשיילע און פֿאָכעט פֿון דער ווײַטנס:

— אַ נישט געשעדיקט זאָלט עטץ ווערן! אַרויס, מחבלים! עטץ צעטרעט דאָך מיר דעם גאָרטן. די באָבע זיסל וועט דאָס זען, וועט זי ענק זאַמאַלעווען [51].

שלמהלע מיט אַ רויט, צעשמירט פּנים פֿון די מאַלינעס, כאַפּט אַ גאָרשט אַרבעס־שויטן, קריכט־אַרויף אויפֿן פּאַרקן און שאָקלט מיטן קליינעם פֿינגערל.

— אַ בע־ע, זיידע, גיז, גיז!...

ישׂראלטשע, אַ מידער, זעצט זיך אַוועק אויפֿן צולייג־בעטל. ער דרעמלט שוין.

---

[50] טירהאָק (אויפֿצוהענגען אַ שלאָס). — [51] פֿאַרמסרן.

— אַזוינע טײַוולאָנים, מאַכן אַ תל פון גאָרטן. אין אַזאַ צײַט, אין אַזאַ צײַט...

מיט אַ מאָל הייבט ישׂראלטשען אָן צו שטשיפּיען אין דער נאָז. ער צעניסט זיך. אַ שווערער ריח לייגט זיך אים אויף זײַן אָטעם.

אויפֿן שליימיקן וואַסערל אין ראָוו, וואָס שנײַדט־דורך דעם גאָרטן, דערזעט ישׂראלטשע בלימעלעס אַ פּאָר גרינע, פֿאַרשטייי־נערטע אויגן. די קאַץ זײַנע אויסגעצויגן, ווי אַ מת נאָכן מטהר זײַן, ליגט אַ געפּגרטע אין שטייענדיקן געמויזעכץ. ישׂראלטשע בלײַבט שטיין אַ צעטומלטער. ער קוקט זיך גוט אײַן אין דער קאַץ. אַ באַשעפֿעניש, ווי אַלע באַשעפֿענישן. אָבער וואָס ווערט דערפֿון נאָכן טויט! עס קומט אים ווידער אויפֿן זין דאָס ספֿר קהלת. ווען ער כאַפּט איצט שלמהלען, וואָלט ער אים די אויערן אויסגעדרייט. ס׳איז זײַן שטיקל אַרבעט.

— פֿע, אַזאַ עיפּוש! — זאָגט ישׂראלטשע און לאָזט זיך גיין ווײַטער.

הינטער אַ באַרנעבוים דערזעט ער גאָלדען. זי ליגט אויפֿן גראָז, דאָס פּנים אײַנגעגראָבן אין אַ בוך און פֿאָכעט מיט די נאַקע־טע פֿיס. ישׂראלטשע בלײַבט שטיין מיט אַן אָפֿן מויל, מיט אַזאַ מינע, ווי עס וואָלט אים עמעצער מבֿזה געווען.

— האַ, דאָס ביסטו גאָר? ווי שעמסטו זיך נישט, אַ כּלה־מיידל, צו ליגן אויפֿן בויך? דעק־צו די פֿיס!

גאָלדע שפּרינגט־אויף אַ פֿאַררויטלטע און ציט־אַראָפּ דאָס קלייד איבער די קני. זי שטייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— גוט־מאָרגן, זיידע.

— גוט־מאָרגן, גוט־יאָר! אָבער אין וואָס ביסטו דאָס אַזוי אַרײַנגעטאָן? וואָס האַלטסטו דאָרטן?

— אַ ביכל, זיידע.

— אײַ, ביכלעך, ביכלעך... — קרעכצט ישׂראלטשע — פֿון דעם זאָל אַ מענטש געשטאַרקט ווערן אין אַזאַ צײַט?... בעסער נעם

אַ חמדת שלמה פֿאַר ווײַבערס וועגן, דעם ספֿר הישר אויף עבֿרי־טײַטש. גאָלדעלע, גאָלדעלע, דו שטייסט דאָך שוין אין שידוכים.

גאָלדע ציפּט די טראָלדן [52] פֿון זשאַקעטל.

— כ׳וויל, זיידע, פֿאָרן קיין וואַרשע.

ישׂראלטשעס שוואַכע אויגן פֿינטלען. דער שטערן, געפֿאַלדע־וועט, ווי אַ מאַגלבערעט, הייבט זיך פֿאַרזאָרגט.

— קאַ וואַרשע גאָר? וואָס ווערסטו דאָרט טאָן, אין דעם וואַר־שע? נאָך וואָס טויגן די גרויסע שטעט? אַ מיידל דערצו...

— כ׳וויל, זיידע, אַז מ׳זאָל מיר שאַפֿן אַ שטעל ערגעץ אין אַ געוועלב, פֿאַר אַ סקלעפּאָווע [53] אָדער קאַסירערין.

ישׂראלטשע שאָקלט פֿאַרחידושט מיטן קאָפּ.

— אַ סקלעפּאָווע, אַ סקלעפּאָווע... אַרבעטן בײַ יענעם. עס פֿעלט דיר דען עפּעס אין דער היים? מ׳זעט שוין די גרויסע זאַכן, וואָס מען טוט־אויף אין די שטעט. האָסט דאָך גבֿריאלן, דעם קוזין. אַ דאָקטער, האַ? און גייט אין צעריסענע שיך! ביט דיר נישט אויס, גאָלדע. פֿאַרשעם נישט סמאָלין. אַז ס׳וועט אונדז באַשערט זײַן, וועט סמאָלין נאָך ווערן אויפֿגעריכט. מ׳עט קומען דאָ אַהער פֿון די גרויסע שטעט. מען קומט שוין...

— ס׳איז מיר לאַנגווײַליק, זיידע, אין סמאָלין.

ישׂראלטשע גיט איר אַ גלעט איבער דער באַק. אַ חוזק־געלעכ־טערל בליט אויף זײַן פּנים.

— נאַריש קינד. וואָס הייסט, ס׳איז דיר לאַנגווײַליק? וועסט קריגן אַ מאַן, וועסט האָבן קינדערלעך, וועסט זײַן אַ ייִדיש ווײַבל. עס וואַרטן אויף דיר גענוג צרות. ס׳וועט דיר אויפֿהערן צו זײַן לאַנגווײַליק.

גאָלדע כאַפּט אים אָן פֿאַר דער האַנט.

— כ׳וויל אַוועקפֿאָרן, זיידע, כ׳וויל דאָ נישט זײַן.

— ישׂראלטשע גיט איר אַ פּאַטש איבער דער נאַקעטער קני.

— וואָס הייסט, דו ווילסט? דו האָסט טאַטע־מאַמע ביז הונדערט

---

[52] שפּיצן. — [53] אָנגעשטעלטע אין אַ קראָם.

און צוואַנציק יאָר. זיי ווילן שוין פּאָר דיר. דאָס גאַנצע שלעכטס קומט־אַרויס דערפֿון, וואָס קינדער ווילן אַליין. גייען אויף נײַע וועגן און היטן נישט אָפּ טאַטע־מאַמעס פּרנסה...

פֿון דער אָפּיצינע[54] הערט זיך שבֿעס קול:

— גאָלדע, גאָלדע, ווו ביסטו שוין ווידער פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אין מיטן העלן טאָג? ס'איז דאָ אַ פּאָר קונים אין געוועלב, גיי, ברענג־אַרײַן אַן עמער וואַסער.

גאָלדע פֿאַרוואַרפֿט אויף זיך דעם שאַל. בעט־איבער דעם זיידן און לאָזט זיך גיין צו דעם פּלומפּ אין מאַרק.

ישׂראלטשע זעצט זיך אַוועק אויף אַ שטאָם פֿון אַ בוים. עס דריקט אים אונטערן האַרצגריבל און ער שלוקעכצט נאָך דעם האַרטן געבעקס, וואָס ער האָט געגעסן אויף אָנבײַסן. ער אָטעמט שווער. פֿון ווײַטנס סאַפּעט־צו די סמאָלינער מיל.

# 7 סמאָלין היילט זיך

ווו זאָל גבֿריאל פֿריווער אויפֿהענגען זײַן שילדל? פּאָר בער פֿײַטאַלאָוויטשעס, דעם סמאָלינער דיסקאָנטערס מויער, איז פֿאַראַן אַ גאַניקל מיט בלומען. דאָס גאַניקל געדענקט גבֿריאלן נאָך פֿון קליינערהייט. עס האָט אָפּגעצוימט בער פֿײַטאַלאָוויטשעס הויז פֿון סמאָלין. ווײַטער ווי ביז צו די טרעפּלעך איז גבֿריאל קיין מאָל נישט דערגאַנגען. הינטער די פֿאָרהאַנגען האָט געשמעקט מיט נעגעלעך, מיט רויך פֿון אײַדעלע ציגאַרן. אינעווייניק זײַנען געווען טעפּעכער, געשניצטע מעבל און זילבערוואַרג. איצט ווייס גבֿריאל, אַז דאָס זײַנען גראַטעס, וואָס טויגן אויפֿן פֿײַער. דער גרעסטער גראַט איז דער אַלטמאָדישער פֿאָרטעפּיאַן, וואָס פֿײַטאַלאָוויטש האָט אָפּגעקויפֿט אויף ליציטאַציע אין סמאָלינער הויף. שטייט ער אַזוי,

---

[54] ביורא, קאָנטאָר.

דער שוואַרצער אינסטרומענט, אין סמאָלינער ענגשאַפּט און חלומט פֿון זײַן קינדהייט, פֿון הייפּישער רחבֿות, פֿון רויש פֿון זײַדענע קליידער. גאַנצע וואָכן שווײַגט דער פֿאָרטעפּיאַן עקשנותדיק. אָבער עס מאַכט זיך אַ מאָל אַ שבת אין דער פֿרי, ווען די סמאָלינער ליגן פֿאַרזונקען אין ערלעכן, זאָרגלאָזן שלאָף נאָך דער פֿרײַטיק־דיקער נאַכט, גיט זיך דער פֿאָרטעפּיאַן פּלוצעם אַ רײַס־אויף פֿון זײַן פֿאַרגליווערטקייט, פֿאַרגייט זיך אויף אַלע קלאַווישן און נעמט אויסשפּילן ברוגזע, האַסטיקע טענער, ווי עס וואָלט זיך אַ געוויטער אַראָפּגעלאָזט אויף סמאָלין. באַלד לײַטערן זיך אויס די הימלען. דאָס וואַסער פּליסט־אָפּ. עס הערן זיך הכנעהדיקע, שטילע אַקאָרדן.

— רוזשקעלע בונטעוועט זיך אַקעגן טאַטן... זי וועט פֿאַרזיצן, רוזשקע, זי וועט פֿאַרזיצן. אַ גבֿיר פֿאַרגינט קיינעמען נישט דעם נדן אירן. נאָך אַ פּריץ וועט אים אָנזעצן! — זאָגן די סמאָלינער בייזע צינגער צוליבן איבערוועקן זיי פֿון שלאָף.

נישט אַזוי לײַכט איז גבֿריאלן אָנגעקומען אויפֿצוהענגען דאָס ווײַסע דאָקטערשע שילדל. חוץ סמאָלין איז פֿאַראַן גרויס־מאַזור־קע. דאָרטן וווינט אַן עלטסטער. פֿון אים איז אָנבאַלאַנגט, צי סמאָלין זאָל האָבן אַ דאָקטער, וואָס הייסט גבֿריאל פּריווער, אָדער סמאָלין זאָל זיך, אַזוי ווי ביז איצט, אין גאַנצן באַגיין אָן אַ דאָק־טער. אָבער ווער עס וויל לעבן מיט חשבון, מוז זיך אין געוויסע מינוטן פֿון זײַן לעבן לאָזן בייגן — איז ערגעץ פֿאַרשריבן בײַ גבֿריאל פּריווער נאָך פֿון זײַנע סטודענטישע יאָרן. מיטן כּוח פֿון נכנעדיקייט האָט גבֿריאל געענדיקט זײַן שטודיום. מען האָט אויף אים אויסגעגאָסן עמערס קאַלט וואַסער. עס האָט אים פֿאַרהאַרטע־וועט. שפּעטער איז ער בײַגעקומען די מענטשן, וואָס האָבן פֿאַר־לאַנגט פֿון אים הכנעה.

איצט הענגט זײַן דאָקטער־שילדל אויף בער פֿײַטאַלאָוויטשעס מויער. עס קוקט־אַראָפּ שעמעוודיק און באַשיידן צום סמאָלינער מאַרק. אין דער דאָזיקער באַשיידנקייט איז אויך דאָ דאָס גרייסן זיך פֿון גבֿריאלן, וואָס דערציילט פֿון לאַנגע יאָרן אויסגעהאַלטע־

נער אַרבעט, פֿון קאָנען זיך באַהערשן. פּאַציענטן קומען נישט. עס מוז זיך נאָך אַלץ אויסשטיין. זיצט גבֿריאל אין דער אַלטער וויגשטול, וואָס ער האָט אויסגעבאָרגט בײַ שמואל לויוויטשער, דעם סמאָלינער ראש־הקהל, גאָלדעס טאַטע, און הערט זיך צו צום פּיאַנע־שפּיל, וואָס קומט פֿון הינטער דער וואַנט. די דאָזיקע אַקאָרדן דערגרייכן צו אים טויבלעכע, ווי זיי וואָלטן געקומען פֿון אונטער דער ערד אַפֿיר. זיי דערציילן גבֿריאלן פֿון דערשטיקטע, מיידלשע געפֿילן, פֿון מענערלעכער גאָלדזוכט, וואָס פֿאַרצערט יונגע לעבנס.

גבֿריאל וויל פֿאַרטרײַבן פֿײַנלעכע געדאַנקען. ער פֿאַרמאַכט דאָס פֿענצטער און גייט־אַרויס אין מאַרק. ער גייט מיט זיכערע טריט אויף האַרטער ערד. וואָרעם סמאָלין הענגט נישט אין דער לופֿטן. סמאָלין איז נישט אויף דערוויַל. דער פֿעטער ישׂראלטשע בלימעלעס איז ווי אַ דעמב, וואָס דער ווינט קאָן אים שמײַסן, צופּן פֿון אים בלעטער, אָבער אויסרײַסן אים מיט די וואָרצלען קען ער נישט. גאָלדע איז אויך אַ טייל פֿון דער דאָזיקער לאַנדשאַפֿט. זי איז רוי און איינפֿאַך, ווי רוי און איינפֿאַך עס איז די סמאָלינער ערד. פֿון דער דאָזיקער ערד איז ער אַרויסגעוואַקסן, גבֿריאל פּריי־ווער. דאָ אַהער האָט ער זיך אומגעקערט. ער וועט זאָגן די סמאָלי־נער אַזוי: וואָס בין איך שולדיק, אַז כ׳בין אַ דאָקטער? צי דערפֿאַר מוז איך אָפּקומען מײַנע יאָרן אין דער גרויסער שטאָט, נישט וויסן דעם טעם פֿון משפּחה? אַז שבֿע, גאָלדעס מאַמע, לאַכט, איז עס אַ פֿריילעכער ניגון. אַז כאַשע מיטן בלינדן אויג וויינט, איז עס אויך אַ ניגון, אַן אומעטיקער ניגון. ער, גבֿריאל פּריווער, גייט־אויס פֿאַר אַ ניגון. אין בערטשיק „שמאַטע״, וואָס שיכּורט זיך אָן אין שולצס רעסטאָראַן און צעשלאָגט זיך מיט די פּויערים, איז פֿאַראַן אַ בענק־שאַפֿט, אַ דורותדיקע בענקשאַפֿט פֿון נישט־אויסגענוצטע כּוחות... די דאָזיקע בענקשאַפֿט לייגט זיך פֿונאַנדער פֿאַר נאַכט איבער די סמאָלינער סעדער און פֿולט־אָן גבֿריאלס האַרץ מיט מילדקייט און

גוטסקייט צו אַלע מענטשן. ער הערט הינטער זיך טריט געלאָסענע און אָפּגעהאַקטע.

— גוט־מאָרגן, רופֿא! מימיני מיכאל, משמאלי גבֿריאל. איינ־געשפּאַרטע מענטשן אין סמאָלין. ווילן נישט קראַנק זײַן. קראַנק זײַנען זיי יאָ קראַנק, נאָר זיי פֿאַרגינען נישט דעם דאָקטער הנאה צו האָבן פֿון זייער קרענק. יעדער מענטש זוכט זיך זײַן אויסקום. גייט, דאָקטער, און שאַפֿט אײַך פּאַציענטן. די פּרנסה טראָגט מען קיינעם נישט אַנטקעגן... — זאָגט הערש לוסטיק הינטער גבֿריאלס פּלייצעס.

ער וואַרט נישט אויף קיין ענטפֿער און גייט זיך ווײַטער זײַן וועג.

גבֿריאל קאָן נישט אויסקומען אָן קראַנקע. דער מוח זײַנער שלאָפֿט־אײַן. די הענט ווערן פֿויל. גבֿריאל דאַרף האָבן קראַנקע גלידער, ער מוז היילן ווונדן. ער דאַרף האָבן פֿרייד־אויסרופֿן, עס פֿעלן אים מענטשנס זיפֿצן... ער באַמערקט אַליין נישט, ווי אַזוי ער איז צוגעקומען צו דער שטוב פֿון גרונם „מײַנע צרות״. די צוויי קליינע צימערלעך זײַנען אָנגעזאַפּט מיט דעם פֿאַמיליען־ריח פֿון דער פֿרימאָרגנדיקער נישט־צוגערוימטקייט. אויפֿן דיל וואַלגערט זיך שטרוימיסט, פֿעדערן פֿון קישנס מיט פֿאַרפֿלעקטע איבערציִעכצן. כאַשע לויפֿט אים אַנטקעגן מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ האָר, ווישט־אָפּ אַ בענקל מיטן פֿאַרטעך און גיט אים אַ גלעט איבערן אָרעם.

— נאַ, זיץ, גבֿריאלשי קרוין. זע אַליין, ביסט אַ דאָקטער און נישט געשעמט זיך צו קומען צו דער קוזינע, מישטיינס געזאָגט. זיץ, זיץ, לאַכטיק קינד. גרונם, וואָס ליגסטו אויסגעצויגן אויף דער באַנק. גיי, ברענג־אַרײַן אַ פֿלעשל קוואַס. ביסט געקומען אין אַ פּראָסטן טאָג. נישטאָ אַפֿילו מיט וואָס דיך מכבד צו זײַן.

גרונם קריכט־אַראָפּ פֿון דער באַנק און דערלאַנגט גבֿריאלן אַ גאַסטפֿרײַנדלעכן שלום עליכם.

— דער פֿוס, נישט פֿאַר אײַך געדאַכט, רײַסט מיך הײַנט. האָב איך זיך אַ ביסל צוגעלייגט.

— יאָ, יאָ, דער פּוס... — שאָקלט כאַשע מיטן קאָפּ צו גרונמען, ווי אַ מענטש וואָס קאָן דעם פּאַרטנער זײַנעם דורך און דורך — דער פּוס זײַנער האָט מיך אַוועקגעלייגט, בלויז אומגליק געבראַכט. ווען נישט דער פּוס, וואָלט צו דעם אַלעם נישט געקומען.

אויף דעם זעלביקן ווונק־לשון ענטפֿערט איר גרונם:

— שוין, דו הייבסט שוין אָן? וואָס דאַרף דער קוזין פֿון דעם וויסן?

כאַשע איז אײַנגעשפּאַרט.

— אַדרבה, זאָל ער וויסן, זאָלן אַלע מענטשן וויסן, ווי טיף איך בין באַגראָבן.

גבֿריאל מעסט־אָפּ גרונמען מיט אַ דאָקטערשן בליק.

— ווײַזט נאָר דעם פּוס אײַערן, לאָמיך אויך אַ קוק געבן.

גרונמס אָנהאָריק פּנים ווערט רויט ווי אַ קופּערנע פֿאַן. ער שטאַמלט עפּעס. אין דעם שטאַמלען הערט כאַשע אַ ציין־קריצעניש.

— אַן אָפֿענע ראַנע, נישט פֿון הײַנט.

כאַשע פּאָטאַקעוועט[55]:

— די ראַנע איז אָפֿן נאָך פֿון פֿאַר דער חתונה אָן. אויסבאַהאַלטן פֿאַר מיר די ראַנע. ווי נאָר ס׳מאַכט זיך אין דרויסן אַ רעגן, אַזוי עפֿנט זיך אים די ראַנע.

— אַ ראַנע דאַרף מען אויסהיילן. ווײַזט אַהער, גרונם, דעם פּוס.

גרונמען שטיקט עפּעס אינעווייניק. עס קאָכט אין אים, ווי אין אַ זודיקן טאָפּ אונטער דער שטאַרץ[56]. זײַנע אויגן קוקן אין כאַשעס זײַט און שפּריצן מיט פֿונקען. ער דרייט זיך אויס צו גבֿריאלן און רעדט מיט אַ ווייך קול:

— צו וואָס זאָל זיך דער קוזין באַמיִען? ס׳איז אַ פֿאַרעלטערטע מעשׂה. נאָך פֿון פּריזיוו. נישט כּדאַי די טירחה.

כאַשעס זעעוודיק אויג נעמט וואַסערן:

---

[55] שטימט־אײַן, זאָגט (טאַק) יאָ. — [56] דעקל.

— גוט אַזוי, שעם זיך כאַטש. אַלץ דער טאַטע דײַנער. גע־מאַכט זיך פֿאַר אַ וויסטע קאַליקע. ווען דו גייסט דינען, וואָלט מיר אויך ווילער געווען.

גבֿריאל באַטראַכט גרונמס ראַנע: אַ טיפֿער, לענגלעכער שניט, אויסגעהוילט ווי אַ שיפֿל. די ראַנע אַליין, אַ שוואַרצע, טריפֿט מיט אַ נישט־פֿאַרטריקנטער פֿליסיקייט, פֿון וועלכער עס טיילט זיך אויס אַ בײַסיקער ריח. גבֿריאלס צעשראָקענע אויגן בלאָנדזשען פֿון גרונמען אויף כאַשען, פֿון כאַשען אויף די קינדער.

— ס׳קאָן זיך מאַכן גאַנגרענע, אַ בלוט־פֿאַרגיפֿטונג.

אויף גרונמס בלאַס פּנים באַווײַזט זיך אַ זויערער שמייכל:

— גאַנגרענע, שמאַנגרענע. דער קוזין איז נאָך אַ יונגער דאָק־טער. איך עלטער זיך מיט מײַן ראַנע לענגער ווי מיט מײַן ווײַב. כ׳האָב נישט דעם קאָפּ זיך צו „לעטשען״[57]. מ׳עט שוין אַזוי אָפּ־שטופּן די פּאָר יאָר...

גבֿריאל הייבט מיט די אַקסלען.

— אָפּגעלאָזענע מענטשן. דאָס וואָס ס׳איז קאַליע, דאַרף מען פֿאַרריכטן. קומט־אַרײַן צו מיר, גרונם. מ׳וועט שוין זען עפּעס צו טאָן. וואָס איז דעם קליינעם, וואָס קריכט אויפֿן דיל? דאָס בײַכל געפֿעלט מיר נישט. די בלאַסקייט...

די קליינע הדסל שאַרט זיך איבער דער שטוב מיט צעשפּרייטע, אויסגעקרימטע פֿיסלעך צו דער מוטערס פֿאַרטעך. כאַשע שטופּט זי צו צו גבֿריאלן:

— גיי, גיי, הדסל. דער פֿעטער וועט דיר עפּעס געבן. נו, שטעל זיך אויף. ווײַז דעם פֿעטער, אַז דו קאָנסט גיין.

גבֿריאל נעמט־אָן די קליינע פֿאַרן פֿיסל, טאַפּט אירע ביינדלעך. הדסל צעוויינט זיך.

כאַשעס זעעוודיק אויג נעמט שוין ווידער טרערן:

[57] היילן.

— און וואָס, כ׳האָב דען באַלד נישט געוווּסט? די ענגלישע קרענק, האַ?

— פֿישטראָן מיט טראָפּנס וויטאַווויט. — זאָגט גבֿריאל מיט דאָקטערישער זעלבסטפֿאַרשטענדלעכקייט. פֿאַרשרײַבט זײַן ערשטן רעצעפּט אין סמאָלין און דערלאַנגט זלאַטקען דאָס פּאַפּירל — גיי אין אַפּטייק אַרײַן.

זלאַטקע באַטראַכט דעם רעצעפּט, לייענט־איבער הויך אויפֿן קול דעם קאָפּ דאָקטער גבֿריאל פּריוועך, קוקט אויף דער מוטער און וואַרט אויף באַשייד.

כאַשע נעמט איר אַרויס דאָס צעטעלע פֿון דער האַנט און פֿאַר־שטופּט עס אין בוזעם.

— נו, מ׳עט שוין קויפֿן אַן אַנדערש מאָל, אַז ס׳וועלן זײַן בע־סערע צײַטן. זאָג מיר, כ׳בעט דיך, גבֿריאלשי, ווי גייט עס דיר עפּעס אין סמאָלין? האָסט עפּעס אַ סך פּאַציענטן?

איין האַלב פּנים גבֿריאלס לאַכט. דאָס אַנדערע זעט כאַשע נישט...

— דערווײַלע האָב איך געקראָגן צוויי פּאַציענטן.

כאַשעס פּנים האָט אַן ערנסטע מינע.

— אַ לויב צו גאָט דערפֿאַר. אַבי דו האָסט שוין געמאַכט אַ פּאַטשאָנטעק[58]. ס׳וועט דיר, גבֿריאל, מיט גאָטס הילף נישט פֿעלן קיין קראַנקע. מענטשן זײַנען אויסגעהונגערט נאָך אַ דאָקטער...

גבֿריאל זוכט אין זײַנע טאַשן. נעמט־אַרויס פֿון וועסטל־קעשענע אַ זילבערנע מטבע און דערלאַנגט זי זלאַטקען:

— נאַ, גיי אין אַפּטייק אַרײַן, קויף פֿישטראָן.

כאַשע לויפֿט־צו צו זלאַטקען, רײַסט איר אַרויס די מטבע.

— אָסור זאָל מיר זײַן, גבֿריאל... די הענט זאָלן מיר אָפּגע־דאַרט ווערן, אויב כ׳וועל נעמען.

גבֿריאל הערט זי נישט. ער פֿאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

---

[58] אָנהייב, די ערשטע לייזונג.

אויפֿן הויף שטויסט ער זיך אָן אין פֿעטער ישׂראלטשע בלימעלעס. ישׂראלטשע שמייכלט אויפֿן אָנבליק פֿון שוועסטערן־זון.

— זעסט, כ׳האָב דיך טאַקע אויסגעקוקט. די וואָרעד געזאָגט, האָב איך אַפֿילו געוואָלט צוגיין צו פּײַטאַלאָוויטשן באַקוקן די דירה דײַנע.

באַלד בײַט זיך דער טאָן זײַנער. אויפֿן געפֿאַלדעוועטן שטערן לייגט זיך פֿונאַנדער אַ שווערע זאָרג.

— מ׳האָט שוין ווידער געשטאָכן אַ ייִד אין ארץ־ישׂראל. נו, וואָס זאָגסטו דערויף, גבֿריאל? ביסט דאָך עפּעס אַ דאָקטער. מ׳זעט שיין אויס, האַ? כאַשע האָט דיר אַוודאי אָנגעוויינט אַ פֿולן קאָפּ. ביסט אָן אייגענער, מעגסטו יאָ וויסן דעם אמת: כ׳טו איבער די כּוחות, לפֿנים משורת הדין. דו דאַרפֿסט דאָך באַרעכענען, אַז די אַלטע מײַנע, זיסל, איז נישט מער ווי אַ שטיפֿמאַמע. דרײַ גילדן אַ וואָך, ווי דו זעסט מיך אַ לעבעדיקן ייִדן, גיב איך חנא בעקער פֿאַר בלויז ברויט, די קינדער אירע, כאַשעס, זאָלן נישט אויסגיין פֿון הונגער. און אַלץ הינטער דעם וויסן פֿון דער ייִדענע. נו, פֿרעג איך דיך: ווער איז דאָס בכּוח צו טאָן הײַנטיקע צײַטן? אַזאַ יונגער מענטש זאָל ליגן אויף מײַנע אַלטע ביינער? כ׳זאָג דיר ערלעך, כ׳פֿאַרגין מיר נישט צו ראַטעווען דאָס געזונט. כ׳דאַרף נייטיק אויסשרײַבן אויף ס׳נײַ די פּראָשקעס[59] אויפֿן האַרץ. די אַלטע מײַנע דאַרף, נעבעך, אויך האָבן אַ רפֿואה. ס׳האָט זיך איר געמאַכט אַ מכּה פֿון אויסנווייניק איידער פֿון אינעווייניק. וואָס קומט־אַרויס פֿון מײַן טרייסטן, אַז די מכּה ציט זי כּסדר? זי ליגט שוין אַזוי דעם דריטן מעת־לעת און קרעכצט. כ׳ווייס, ווען דו קענסט אַרויפֿגיין אַ קוק געבן, וואָלט איר אפֿשר בעסער געוואָרן... ביסט דאָך פֿאָרט אַ דאָקטער... מ׳איז אָפּגעלאָזענע מענטשן, האַ?

גבֿריאל לאָזט שטיין דעם פֿעטער ישׂראלטשע אין טויער און מיט עטלעכע שפּרײַזן איז ער שוין אויפֿן גאָרן.

---

[59] רפֿואה אין פּולווער, מעליך.

## 8 די אַלטע זיסל וויל הנאה האָבן פון לעבן

— פּראָמיסיאָן, קוזען, פֿאַרצײַען זי, מעסיע דאָקטער, די אומ־אָרדענונג. כ'בין הײַנט נישט בקו הבריאות.

די דרײַ און אַכציק יעריקע זיסל קוקט זיך אײַן אין שפּיגעלע, וואָס הענגט איבערן בעט אונטער דעם פּאָרטרעט פֿון קאָזשעניצער מגיד. זי מאַכט זיך גלײַך אַ לאָק, וואָס מ'זעט אים אַרויס פֿון היני־טערן שייטל אַפּיר.

— ישׂראלטשע, ישׂראלטשע, גיב נאָר די זשאָרזשעט [60] צוצודעקן דאָס געלעגער. האַ, נישטאָ ישׂראלטשע די זשאָרזשעט? וויסן זי, פּאַניע גבֿריאל, אינס פֿעטער, פֿריִער ווי צוועלווע קומט ער קיין מאָל נישט אַהיים פֿון שול אָנבײַסן. כ'האָב, פּראָמיסיאָן, איינע מכּה אונטערן אַרעם, ציט עס מיך איינע גאַנצע נאַכטע. כ'לייג־צו סיעמי'ע צו דער מכּה. קיין מאָל אין לעבן נישט געברויכט קיין דאָקטער. אייגענע ציין, הער קוזען. איין און אײנציק מאָל אין לעבן קראַנק גע־ווען, מיידלווײַז, אויף אַ רויז. בין דעמאָלט געגאַנגען אין גימנאַזיע אין פּלאָצק. איז אויסגעבראָכן די פּאָווסטאַניע [61] און ס'איז נישט געווען צו באַקומען קיין דאָקטער. האָט מיך איינע טאַנטע מיט קר־מיסט, פּראָמיסיאָן, געהיילט. אַך, קוזען, ווי עס רײַסט מיך אונטערן אַרעם. די שטיפֿטאָכטער, כאַשע, וויסן זי, נעמט מיר צו אַ האַלבעס לעבן. נאָר גיב און דאָס איז, פּראָמיסיאָן, אַ לעכערדיקער זאַך. און אַ מויל האָט דאָס! ריידן קאָן זי שוין איין מאָל. די קינדער געראָטן אין איר אַרײַן. דער שלמהלע איז אַזוינס, וואָס איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. „אַלטע קלעמפּע" רופֿט ער מיך. און גיי, האַלט זיי אויס מיט זיבן ברייטלעך אַ וואָך. אַנומלטן האָט ער מיר אַ געפּגרטע קאַץ, פּראָמיסיאָן, אַרײַנגעוואָרפֿן אין שטוב אַרײַן. גע־מאַכט צו שאַנד דאָס אײַנגעמאַכטס. יאַ, הער קוזען, האָבע זעקס שלאַנגען איבער מײַן קאָפּפֿע און זי, כאַשע, איז די זיבעטע

---

[60] בעטצודעק פון שפּיצן. — [61] אויפשטאַנד, רעוואָלוציע.

שלאַנג. די מכּה האָט שוין געגנוג אָנגעצויגן, האָט שוין... דער דאָקטער. ווען דער געשוויר פּלאַצט אַזוי...

גבֿריאל וואַשט זיך די הענט. זיסל דרייט זיך אויס צו דער וואַנט, נעמט אַפּיר פֿון הינטערן קישן אַן אַלט שאַכטל קאָטי [62] און פּודערט זיך אין אײַלעניש.

— אַזוי איז עס אין דעם קליינעם אָרט, האָט ער קוזען. כ׳וואָלט געוואָלט נאָך זען אַ ביסל די וועלט. אין דער אָפּער זײַן אין וואַרשע. זען אַ פֿילם. דעם קעניגלעכן שלאָס באַזוכן. אַ ביסל הנאה האָבן פֿון לעבן.

גבֿריאל דערנענטערט זיך צום בעט. זיסל, אַן אָפּגעדעקטע, פֿאַרמאַכט שעמעוודיק די אויגן:

— אַך, מוטער! איך האָבע שמערצן, האָט ער אָרצט. נישט אַזוי שטאַרק!

— שוין נישט לאַנג, טאַנטע... — שמייכלט גבֿריאל און פֿאַר־שרײַבט עפּעס. ס׳וועט אָנציען נאָך אַ טאָג, צוויי. שמירן מיט דער זאַלב. געגנוג סיעמיע געלייגט.

זיסל, אַ באַרויקטע, באַהאַלט דעם רעצעפּט אונטערן קישן, ווי מען באַהאַלט אַ זאַך, וואָס קאָן אפשר אַ מאָל נוצן ברענגען, אָבער דערווײַל דאַרף מען עס נישט. זי עפֿנט אַ קאָפּערטע [63] מיט פֿאָטאָ־גראַפֿיעס. איר ווײַס, געפּודערט פּנים שטראַלט פֿאַר שׂמחה.

— באַשויען [64] זי, האָט ער קוזען, די הערלעכע בילדער! מײַנע זעהנע פֿאָן דעם ערשטען געמאָהל [65]. דיזער איזט אײַן לאָיער אין נײַ־יאָרק. דער זאָן זײַנער שטודירט מעדיצין. די ניכטע [66] איזט איינע באַרימטע פּיאַניסטין. זאָ, זאָ, מײַן פֿרײַנד. אין אַמעריקע קאָן מען קינדער ברענגען צו איינעם תּכלית. סמאָלין איזט קיינע שטאָט. אָדער מען געוועלבלט, אָדער מען סעדעלט, אָדער מען קינדעלט.

— אַמעריקע, אַמעריקע, טאָמער ווייסטו? כ׳גיב דיר נישט

---

[62] פּודער־מאַרקע. — [63] קאָנווערט. — [64] אָנקוקן. — [65] מאַן. — [66] פּלי־מעניצע.

אַוועק צען אַמעריקעס פֿאַר אײן הײליק לאַנד! — זאָגט ישׂראלטשע בלימעלעס אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם אויף דער שוועל.

ער פֿאַרקײַכט זיך אין הוסטן, זעצט זיך אַוועק אין גרינעם, אָפּגעקראָכענעם פֿאָטעל און סאָפּעט שווער צום טאַקט פֿון דער פֿאַראָווער[67] מיל.

— דער שוחט... — דאָ פֿאַרהוסט ער זיך ווידער — דער שוחט האָט געלייענט אין טאָגבלאַט, אַז מ'האָט פֿאַראומרייניקט דעם כּותל מערבֿי מיט צואה. נו, איך פֿרעג דיך, גבֿריאל, דו פֿאַרשטייסט זיך יאָ אויף וועלטזאַכן, ווי לאַנג נאָך וועלן די אַראַבערס אַזוי פֿאַררײַסן די קעפּ? די מכּה וועט זיך אויסשטיין, האַ?... צו די אַלע צרות פֿעלט מיר נאָך צו, אַז די ייִדענע זאָל מיר קראַנק זײַן. די שכנטע אַקעגנ־איבער, שׂרה־גיטל, איז, נעבעך, פֿאַרבײַ. אַ האַרצפֿעלער, לא עלינו. אַן איין און איינציקן זון האָט זי, מאָשקע, זיצט ער אין תּפֿיסה. וואָס אַ ייִנגל רעדט זיך אײַן: ער וועט איבעראַנדערשן די וועלט! אַז דו ביסט, גבֿריאל, געקומען קיין סמאָלין, וועסטו מיאוס אָפּשנײַדן. אַזוי באַגייען זיי זיך אָן אַ דאָקטער, נאָר אַז זיי דערשמעקן שוין דעם דאָקטער, ווילן זיי זיך אַלע היילן. גאַנץ סמאָלין איז איין ראַנע... וואָלטסטו אפֿשר אַרײַנגעגאַנגען צו דער שכנטע, אַזוי זיך, אַ קוק געבן? אָט איז ראַצע, הערש־לוסטיקס ווײַב. זי געהערט־אָן שׂרה־גיטלען אַ שוועסטער. אוי, צער גידול בנים, צער גידול בנים... אַזאַ ייִנגל, אין דער הײַנטיקער צײַט, נעמען און אויפֿרודערן אַ וועלט...

— זי פֿאָכעט מיט דער נשמה, שׂרה־גיטל. דאָס עגמת־נפֿש איז איר צוגעטרעטן צו דער לעבער, — זאָגט ראַצע.

איר פּנים איז גלאַטיק און פֿריש, אָבער אַ טיפֿע זאָרג שוועבט הערויף. אין די אויגן באַהאַלט זיך אויס בתולהשע תּמימות.

— עטץ קאָנט נעמען אַ בענקל.

גיט ישׂראלטשע אַ מאַך מיט דער האַנט אין ראַצעס זײַט, נישט קוקנדיק אויף איר.

— כ'בין נישט געקומען זיצן, זיסלשי. כ'האָב געהערט, אַז דער

---

[67] אויף פּאַרע.

דאָקטער איז דאָ הינע. זאָגט מיר הערש: גיי, פֿאַרבעט דעם דאָקטער, ער איז אַן אייגענער מענטש און מיט יאַנדעס[68]. וואָס איז דאָ אַ סך צו ריידן? שׂרה־גיטל איז גוט באַקליידט. דער קראַנקער, ווי מ׳לייגט אים, טוט אים וויי. מיט קינדער איז שלעכט, אָן קינדער איז נאָך ביטערער. שוין זיבן חדשים, ווי זי איז אַן אַלמנה. די עלטסטע, צוועטל די שטריקערין, ווערט פֿאַרשוואַרצט בײַ די סוועטערס, האָרעוועט אַליין אין איינעם פֿאַרן אַגענט. פּעסעלע גייט נאָך אין שקאָלע אַרײַן. זי איז דאָך אַ קינד. כ׳וועל זי מיטנעמען אין סאָד אַרײַן. מאָשקע, ווייסט עטץ דאָך אַלע, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן טאַטע־מאַמע. ווען אינס משפּחה, דער דאָקטער, וויל אַזוי גוט זײַן, כ׳ווייס, באַטראַכטן שׂרה־גיטלען, זאָגן אַ פּאָר ווערטער, עפּעס פֿאַרשרײַבן...

ישׂראלטשע נעמט אַ שמעק טאַבאַק. מיטביידע צונויפֿגעקוועטשטע פֿינגער ווײַזט ער אָן גבֿריאלן:

— דאָ, טיר בײַ טיר. געהאַט אַ לײַטישן מאַן, שׂרה־גיטל, פֿון די פּער[69] באַלעבאַטים געווען. גיי, גיי גבֿריאל, העלף. ס׳איז אַ מלאכת הקודש, אַ הייליקע אַרבעט. דאָס וואָס דו טוסט, גבֿריאל, גרינגער מאַכן די מענטשן די יסורים, מיט אַ גוט וואָרט... מיט אַן עצה... ווען ייִדן זײַנען אַזוי באַשווערט פֿון אַלע זײַטן....

ראַצע שאָקלט־צו מיטן טשעפּיק. טרערן קאַפּען פֿון אירע מיידלשע אויגן:

— גייען זי, גייען זי, לאַכטיקער דאָקטער, ראַטעווען זי אַ מאַמע פֿון קינדער!

## 9 בערטשיק שמאַטע דינט־אָפּ וואָלפֿן אין קבר

בערטשיק „שמאַטע“, אַבֿרהמל „טריפֿענע יאַטקע“, און דער סמאָלינער שוחט, דאָס קליינע, ציטערדיקע ר׳ עוזרל, שטייען סודותדיק פֿאַרטראַכט שפּעט אין אָוונט אין יאַטקע־געסל און וואַרטן

---

[68] ייִדיש געוויסן (יהדות). — [69] דער יחוס, די גדולים.

עמעצן אָפּ. בערטשיק שמאַטע קאָן זיך ניט דערוואַרטן און פֿאַר־לירט דאָס געדולד. ער גיט אַ לאַנגן שפּײַ.

— כ׳האָב אין דר׳ערד דעם גאַנצן פּשאָדעק[70]... פּופּציק גראָשן אָפּצושטיין אַ גאַנצע נאַכט...

ער פֿאַרמאַכט די קאַמער מיט ביינער, טוט־אָן די זאַמשענע, געפּאַסטע הויזן, מאַכט זיך גלײַך די קורץ געשוירענע וואָנסעלעך, נעמט די בלעכענע העַנטשקע, אָן וועלכע ער רירט זיך קיין מאָל נישט פֿון שטוב אַרויס, און לאָזט זיך גיין אין ישׂראלטשע בלימע־לעס הויף. די גאַס איז פּוסט. דאָס שטיקל וועגס איז אַריבער בשלום. דאָס העַנטשקעלע איז אים אין גאַנצן נישט נייטיק געווען. גייענדיק אויף די שטיגן, דערמאָנט זיך בערטשיק, ווי קלײנערהייט פֿלעגט אים וואָלף, צוועטלס טאַטע, אין מיטן בית־המדרש אַראָפּ־לאָזן די הייזלעך און שמײַסן ביז בלוט. ער האָט עס געטאָן, וואָלף, פֿון רחמנות וועגן איבער אים, בערטשיקן. יעדער איינער האָט רחמנות געהאַט איבער אים, דעם שטומען חיימס זון, דעם יתום, און געהאַלטן פֿאַר אַ מצווה אים צו לערנען דרך־ארץ מיט פּעטש. איצט וואַקסט רומיאַנעק איבער וואָלפֿס קבֿר און ער, בערטשיק, קושט צוועטלען. בשעת ער קושט זי האָט ער דאָפּלט הנאה: אי זײַנע וואָנסעלעך גלעטן צוועטלס פֿרישע בעקלעך, אי ער נעמט נקמה אין וואָלפֿן. ער פֿאָכעט מיטן לעמפּל אויפֿן פֿינצטערן גאָרן, רירט זיך צו צו דער קליאַמקע. צוועטל קומט־אַרויס אויף די שטיגן. זי לייגט־צו אַ פֿינגער צו בערטשיקס ליפּן. בײַם שײַן פֿון עלעק־טרישן לעמפּל זעט בערטשיק צוועטלס בלאַס פּנים. ער לאָזט זיך גיין נאָך איר אין קיך אַרײַן, זעצט זיך צו אויף אַ בענקל, נעמט־אַרויס אַ גאָרשטש[71] באַניעקערן און שיט זיי אויס אויף צוועטלס קליידל.

— נאַ, נעם. כ׳האָב פֿאַרקויפֿט דרײַ פֿורן ביינער. מאָרגן פֿאָר איך קיין פּלאָצק אויפֿן יאַריד. וואָס זאָל איך דיר, צוועטל, ברענגען?

---

[70] פּאָדערשטער טייל. — [71] אַ האַנט (ווי אַ מאָס).

ער נעמט זי אַרום, זויגט זיך אײַן אין אירע בלאַסע ליפּן. צוועטלען פֿאַרפֿעלט אָטעם.

— לאָמיך צו רו, בערטשיק. הערסט דאָך, ווי די מאַמע אַר־בעט מיטן האַרץ. דער דאָקטער איז דאָ הײַנט געווען.

— דער דאָקטער, דער אין לײַוונטענעם אָנצוג, אין דעם שטרויענעם הוט? — לאַכט בערטשיק בשעת זײַנע שוואַרצע אויגן שנײַדן־דורך די טונקעלע קיך — צוועטל, דו הערסט, צוועטל, כ'האָב דיך נאָך קליינערהייט ליב געהאַט, געקוקט אַלע מאָל אַרויף אין דער הויך, ווו עטץ האָט דעמאָלט געוווינט איבער דער אַפּטייק. אָבער דעם טאַטן דײַנעם, צוועטל, האָב איך נישט געקאָנט לײַדן. דעם אמת מעג מען אָ טויטן אויך זאָגן. ווער אָט זיך דאָס געזאָלט ריכטן, אַז הײַנט... קיין שום נקבֿה, צוועטל, איז מיר נישט געווען אַזוי גליסטיק ווי דו... זאָג, צוועטלשי, אַלץ וואָס דו ווילסט, וועל איך טאָן פֿאַר דיר. כ'פֿאַר קיין פּלאָצק אויפֿן יאַריד.

אין צוועטלס פּנים שטייט די פֿאַרב. זי קוקט בערטשיקן טיף אין די אויגן אַרײַן.

— ווּעסט אַרײַנדערלאַנגען מאַשקען אַ פּעקל אין אַרעשט.

איר קול ברעכט זיך אין דער קעל. בערטשיק, ווי אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער, לאָזט אַ באַליידיקטער אַראָפּ די האַריקע הענט פֿון צוועטלס ווײַסן האַלדז. ער שטאַמלט מיט אַ הילפֿלאָז ציינער־קריצערײַ:

— און וואָס קאָן איך דאָ העלפֿן, צוועטלשי? מיט כּוח קאָן מען גאָר נישט אויפֿטאָן. כ'ווייס, ווען ס'איז פֿאַר אַ גנבֿה... אָבער מאַשקע, אַזאַ ראַצער[72], האָט זיך פֿאַרדרייט דעם קאָפּ מיט פּאָלי־טיק. מײַנע באַקאַנטע זיצן נישט אין יענער קאַמער... קום, צוועטל, אַראָפּ צו מיר. די מאַמע מײַנע איז אַוועק צו אַ געווינערין...

פֿון סעדער־הייפֿל טראָגט זיך אַ כליפּערײַ. עס לעכערט־דורך די נאַכט, ווי אַ געשריי פֿון קעץ. דערנאָך גייט עס איבער אין אַ העשען. בערטשיק לאָזט זיך גיין צום פֿענצטער.

---

[72] (זידלוואָרט) סמאַרק, אַ גאַרנישט.

— אַהאַ! די בלינדע כאַשע לאָזט נישט אַרײַן גרונמען צו זיך אין בעט אַרײַן. דו, צוועטל, וועסט האָבן ביַי מיר אַן אַנדער מזל... הער שוין אויף צו שטריקן! דו נעמסט דאָך דיר די אויגן אַרויס.

צוועטל לייגט־אַוועק דעם סוועטער און זעצט זיך צו צו בער־טשיקן אויף דער שלאָפֿבאַנק. די טיר צום אַלקערל, ווו ס׳שלאָפֿט שׂרה־גיטל, איז אָפֿן. צוועטל קוקט אַהין אַריבער מיט פֿײַכטע, וואַכעדיקע אויגן.

ביַי בערטשיקן קלאַפּט איין צאָן אין אַנדערן. דאָס עלעקטרישע לעמפּל אין קיך מיניעט קוים. די מיל הינטער דער שטאָט סאַפּעט שווער...

## 10 ראַצע גייט אויף קבר־אבות

נישט ווײַט פֿון הערש לוסטיקס סאָד, אין אַ זײַט פֿון דעם ברייט זאַמדיקן וועג, ציט זיך לענגויס דער ווײַסל דער אַלטער סמאָלינער בית־עולם, אַרומגעצוימט מיט אַ האַלב איַינגעזונקענעם, שטיינערנעם פּאַרקאַן. אין פֿריהאַרבסט, ווען עס קומט דער חודש אלול, פֿאָרט מען זיך צונויף קיין סמאָלין אויף קבֿר־אָבֿות. אין דעם מעטאַלענעם רויש פֿון די בלעטער טראָגן זיך זיפֿצן, הערט זיך אַ כליפּעריַי פֿון ווײַבער. גרונם „מײַנע צרות״ האַלט שמירה אויפֿן בית־עולם. ער גייט זיבן מאָל אין טאָג מיט די שליסלען הין־און־צוריק, מאַכט מאָראַלישע אל מלא רחמימס[73] פֿאַר די פֿרעמדע ווײַבער, וואָס קומען אויף קבֿר־אָבֿות. זיי קומען צו פֿאָרן פֿון די גרויסע שטעט אין היט און אין שטאַטן[74]. זאָלן די סמאָלינער זען, אַז זיי זײַנען שוין אויס פּראָווינצערינס. אַז מען גייט־אַרויס אויפֿן בית־עולם, טוט מען אויס די היט מיט די מאַנטלען און מען וויקלט זיך איַין אין אַלטע פֿאַטשיילעס, מען לענט זיך אָן ביַי די מאָכיקע, קרומע מצבֿות און מען רעדט אין זיי אַרײַן מיט דעם זעלביקן

---

[73] שטראָפֿט (מע באַגראָבט). — [74] אויסגעפּוצט.

לשון און מיט די זעלביקע גאַטפּאָרכטיקע קנייטשן אויפֿן פּנים, ווי די מאַמעס האָבן אַמאָל גערעדט. גייען־דורך דײַטשישע קאָלאָניסטן מיט דיקע געבעט־ביכער זונטיק אין קירך אַרײַן, קוקן זיי אַריבער. די יעקעס, איבער דעם פּלויט און שאָקלען דרך־ארצדיק מיט זייערע ברוינע, האַלב סלאַווישע, האַלב גערמאַנישע פּנימער:

— די יודן בעטן צו אירן פּעטערן, שוין נאָך דער ערנטע[75]. עס שטימט גענאַו.

און זיי גייען ווײַטער, די דײַטשן, טראַכטן פֿון געפּלאָכטענע קוישן, פֿון געטריקנטע פֿלוימען, פֿון זייערע אײַנגעפּונדעוועטע ווירטשאַפֿטן בײַ דער ווײַסל.

דער גאַיאָווע פֿון סמאָליגער וואַלד, וואָס טרײַבט די ייִדן, ווען זיי קומען שבת כאַפּן פֿרישע לופֿט, לאָזט זיי אין חודש אלול צו רו. ער שטייט אויף דער שוועל פֿון זײַן וואַלדהײַזל אין ברייטע, זאַמשענע הויזן, די יעגערביקס פֿאַרוואָרפֿן אויפֿן אַקסל און קוקט־אַריבער מיט אַ פּנים אויסגעשמיסן פֿון ווינט צום ייִדישן בית־עולם. די וואַלדהעקערס זיצן אויף דער שוועל, עסן ראַזאָווע ברויט מיט ברוינער קישקע און הערן זיך צו מיט פויערישער גאָטפּאָרכטיקייט און אָנגעשפּיצטע אויערן צו זײַנע מעשׂיות.

— גיי איך מיר אַזוי מיט דעם ווײַב אַהיים פֿון וואַלד. ס'איז נאָך האַלבער נאַכט. אויפֿן בית־עולם רוישן דיביימער מיט אַזאַ יעמערלעכקייט, גלײַך מענטשלעכע נשמות זאָלן וויינען אויפֿן ווינט. מיט אַ מאָל דערזע איך נעבן אַ מצבֿה דעם וואַלד־סוחר יודקע, דעם „שפּיאָן", וואָס די קאָזאַקן האָבן געהאָנגען, ווען זיי זײַנען צוריק־געגאַנגען פֿון מזרח־פּרײַסן. ער שטייט, יודקע, מיט דער גרויער באָרד, אָנגעטאָן אין שוואַרצן כאַלאַט, און קלאַפּט מיטן העמערל אויף דער מצבֿה, קריצט־אויס אויף איר ייִדישע, קאַנטיקע אותיות. ווי נאָר ער דערזעט מיך, אַזוי כאַפּט ער אַ שטיין און צילעוועט

---

[75] נאָכן שניט.

מיר גלײַך אין קאָפּ אַרײַן. מאַגדאַ — זאָג איך צום ווײַב — דו זעסט?

— איך זע.... — ענטפֿערט זי אַ דערשראָקענע און צלמט זיך איבער.

— וואָס זעסטו? — פֿרעג איך, און איין צאָן קלאַפּט מיר אין אַנדערן.

— דאָס אײגענע וואָס דו... — ענטפֿערט זי אַ בלײכע.

די האָלצהעקערס צעלאַכן זיך אויפֿן קול און נעמען אָנפֿילן די פֿײַקעס מיט טיטון. אונטער דעם גאַיאָוועס בייזן בליק באַקומען זיי צוריק דאָס הכנעהדיקע אויסזען, קוקן־אַריבער אין פֿאַרלעגנ־הייט צום יידישן בית־עולם און הערן זיך צו צו די קלאָגערײַען פֿון די ווײַבער.

בײַ הערש לוסטיקן אין סאָד רײַסן געדונגענע מענטשן ווינ־טעראויבס. הערש לוסטיק אַליין איז נישטאָ. ער איז אַוועק צו אַ דײַטש קויפֿן קערב. ראַצע „שווער געמיט" דרייט זיך אַרום צווישן די ביימער, קלײַבט־אויף אָפּגעקלאַפּטע עפּל, וואָס די רײַסערס לאָזן זיי פֿון נאָכלעסיקייט ליגן אויף דער ערד. זי סאָרטירט זיי אין באַזונדערע קוישן. אין סאָד לייגט זיך ברייט פֿונאַנדער דער האַרבסט. דאָס גראָז, אויסגעזויגן פֿון דער זון, איז העלגרין. געל־בלעכע בלעטער טוליען זיך שעמעוודיק אַרום פֿאַרביקע עפּל. פֿון דער ווײַסל יאָגט־אַרויף אַ קיל ווינטל. אין צוויי וואָכן אַרום וועט זיך ראַצע צוריקציִען אין שטאָט אַרײַן. פֿון דעם פֿרײַען שמעקעוו־דיקן סאָד אין ענגן שטיבל מיט דער קאַלטער ביימאַשין. זיי וועלן זיך אָפּשליסן אין שטיבל אויף אַ גאַנצן ווינטער און וואַרטן ביז די זון וועט זיך צוריק באַווײַזן אין הייפֿל און קאַרשן וועלן בליִען פֿון דאָס נײַ.

דערמאָנט זיך ראַצע, אַז זי האָט שוין אָפּגעוועלקט, אַז שוין יאָרן ווי זי האָט אויפֿגעהערט צו פֿירן דעם ווײַבערישן שטייגער, אַז זי וועט מוזן דינגען גרונם „מײַנע צרות", ער זאָל אין הונדערט און צוואַנציק יאָר אַרום נאָך איר זאָגן קדיש — ווערט איר באַנג

אויף דער נשמה. דערצו נאָך איז הײַנט חודש אלול. דאָס האַרץ צאַפּלט אין איר פֿון אַ ווײטער, פֿאַרהוילענער בענקשאַפֿט. זי לאָזט שטיין דעם סאָד, לויפֿט־צו צו דעם טאַטן אירן אויפֿן בית־עולם, ציט זיך אויס אויף דעם פֿײַכטן גראָז, נעמט־אַרום דעם קאַלטן שטיין און רעדט־אַרײַן אין קבֿר:

— כּשרער טאַטע, הייליקער טאַטע, געדענק אין דײַן טאָכטער שׂרה־גיטל! זי איז, נעבעך, זייער שלאַף. ליכטיקער טאַטע, זאָלסט לויפֿן בעטן פֿאַר אונדז אַלע, זאָלסט זיך מיִען פֿאַר דער גאַנצער שטוב, פֿאַר שׂרה־גיטלס קינדער, די יתומים, וואָס זײַנען, נעבעך, געבליבן אָן אַ פֿאָטער. צוועטל זאָל קריגן איר זיווג. מאָשקען זאָל מען אַרויסלאָזן פֿון תּפֿיסה. מײַן שיינער טאַטע, מײַן קלוגער טאַטע! כ׳האָב בחינמדיקע שׂונאים. מען פֿאַרגינט אונדז נישט דאָס גערע־טעניש אויף ווינטעראויבס. ס׳גייט אַ נײַ יאָר, טאַטע. לויף זיך מיִען פֿאַר שׂרה־גיטלען, זי זאָל האָבן ברויט פֿאַר אירע יתומים, נעבעך. האָב אין זינען מײַן הערשן, מען האָט אים גינציק. ער האָט חן אין מענטשנס אויגן. ער איז מײַן כּבֿוד, מײַן קרוין אויפֿן קאָפּ. ער באַשײַנט מיר די שטוב. ער ווישט־אָפּ דעם טרויער פֿון מײַן פּנים, פֿולט־אָן מײַן אינגעווייד מיט שׂמחה. טאַטע! האַרציקער, כּשרער אוצר, זאָלסט מיך אין זינען האָבן צום גוטן, מײַנע טרערן זאָלן ניט זײַן לער, טאַטע דערבאַרעמדיקער. כ׳זאָל באַגליקט ווערן צו מײַנע... צו שׂרה־גיטלס קינדער. וואָרעם מײַן טראַכט, טאַטע, איז פֿאַר־שלאָסן, פֿאַרשלאָסן אויף אייביק...

זי הייבט זיך אויף פֿון גרינעם שטיין, ווישט־אויס די פֿאַר־ווײנטע אויגן. דער ווינט שמײַסט די קאַשטאַן־בלעטער אויף דער מצבֿה. ראַצע שטייט מיט פֿאַרבראָכענע הענט, דער קאָפּ געזונקען צו דער ברוסט. זי קוקט אויפֿן גרינעם מאָך, וואָס וואַקסט אויפֿן פֿאָטערס מצבֿה. אירע אויגן פֿאַרציִען זיך מיט אַ נעפּל. באַלד גיט ווידער פֿון זיי אַ שפּראָץ מיט טרערן און זי הייבט־אָן אויף ס׳נײַ צו שליוכצן.

*

הערש לוסטיק אײַלט זיך אַהיים פֿון צינצימין אין סאָד אַרײַן. אַ קיל אלול-ווינטל פֿליסטערט צווישן די צווײַגן פֿון די טאָפּאָליעס, וואָס זײַנען אויסגעזעצט בײַם זאַמדיקן שאָסיי. שורות בושלען לאָזן זיך אין וועג אַרײַן. די פֿעלדער, אַראָפּגערוימטע, שטייען פֿאַרשעמט אין זייער נאַקעטקייט. אין דער ווײַסל הייבן זיך די פֿאַליעס אָנגעכמורעטע, ברוגזע. הערשן נעמט־אַרום אַ בענקשאַפֿט צו מענטשן. ער גייט מיטן באַרג קוישן אויפֿן אַקסל. שטעלט פֿלינקע טריט. מיט אַ מאָל דערמאָנט ער זיך, אַז אַ מענטש טאָר זיך נישט יאָגן, אַז אײַלעניש איז אַ זינד. עס פֿאַרטרײַבט די פֿרייד און מאַכט קירצער דאָס לעבן... אַז אַ מענטש טרויערט, דאַרף ער זיך אויך נישט אײַלן... אַ ביסעלע עצבֿות קומט שטענדיק צו נוץ, עס באַשמעלצט די שׂמחה... פֿאַרטראַכט ער זיך טיפֿער איבער די פּאָר יאָר, וואָס גייען־אַוועק, זעט ער, אַז ער האָט אויף וואָס צו טרויערן. ער האָט פֿאַרזאָרגט די גאַנצע משפּחה. האָט חתונה געמאַכט זייערע קינדער און קינדסקינדער, אָבער צו אַ יורש אַן אייגענעם, וואָס זאָל אַרויסקומען פֿון זײַנע לענדן, האָט ער נישט זוכה געווען.

שטייען אַזוי בײַ דער גילעווקע, דאָס טײַכל וואָס רינגלט־אַרום דאָס שטעטל, עצבֿותדיקע ווערבעס מיט אַראָפּגעלאָזטע צווײַגן. די ערד קילט זײַנע פֿיס. סוף זומערדיקער, ווײַסער שפּינוועבעכץ טראָגט זיך אין דער לופֿטן, וויקלט־אַרום זײַן באָרד, גלעט די באַקן, ווי זיי וואָלטן אים טרייסטן:

— אָרעמער הערש, זײַ נישט טרויעריק! אַבֿרהם אָבֿינו איז ערשט צו הונדערט יאָר באַגליקט געוואָרן מיט אַ זון.

זעט דאָך הערש לוסטיק, אַז די געדאַנקען טרײַבן פֿון אים חוזק. וואָרעם ראַצע, זײַן ווײַב, איז אַ פֿרומע ייִדענע; זי איז אָבער פֿאָרט נישט די מאַמע שׂרה און קיין ניסים געשעען הײַנט נישט. ווערט אים נאָך מער אומעטיק אויף דער נשמה. דערפֿילט ער אַ פֿײַכטקייט אין די אויגן. די לעפֿצן ציטערן פֿון זיך אַליין.

— אוי, אָדם, אָדם, אָדם... י־ס־ו־ד־ו מ־ע־פֿ־ר ו־סו־פֿ־ו לעפֿר...

ער קוקט אויף דער שוואַרץ צעאַקערטער ערד פֿון צינצימין,

אויף די קראָען וואָס צעטראָגן אין די שנאָבלען דאָס מיסט, אויף אַן אײַנגעדאַרטן בוים, וואָס שטייט איינער אַליין אין מיטן פֿעלד, אויף דעם שטיינערנעם פּלויט פֿון בית־עולם, וואָס זעט זיך פֿון דער ווײַטנס. דאָס האַרץ וויינט אין אים. די שטים זײַנע ווערט העכער און זי טראָגט זיך אַ ציטערדיקע איבער די פֿעלדער:

— אוי, אַל תשליכני לעת זיקנה...

ער גייט איבערן זאַמדיקן וועג. דער באַרג קוישן מיט זײַנע צוויי און זעכציק יאָר שווערן אים אַראָפּ איבער די אַקסלען. דער הימל, אַ וואַסערדיקער, דריקט אויפֿן געמיט און די לופֿט שמעקט מיט פֿײַכטע בלעטער. הינטערן בריקל זעט זיך שוין דער סאָד. ער בלײַבט שטיין פֿאַרחידושט און שטראָפֿט זיך אַליין:

— וואָס טוט זיך דאָס מיט דיר, הערש? צעכליפּעט זיך, ווי אַ ייִדענע? מעגסט זיך שעמען אין דײַן ווײַטן האַלדז אַרײַן. הערש! וואָס ווען מענטשן זאָגן? הערש לוסטיק אַ בעל־בכי, נישט אַנדערש, נאָר די דײַטשן פֿון צינצימין האָבן מיר אַן עין־הרע געגעבן...

ער בלײַבט שטיין בײַ אַ צלם, ווו די וועגן קרייצן זיך, נעמט־אַרויס די רויטע פֿאַטשיילע, ווישט זיך אויס די אויגן־גריבלעך, מאַכט גלײַך די פֿײַכטע באָרד און זינגט־אונטער אַ ניגון. די אויגן זײַנע באַקומען צוריק דעם שטיפֿערישן גלאַנץ און דאָס געזאַנג הילכט־אָפּ אין פֿעלד.

## 11 דער יאַריד פֿון הייליקן מיכאַל

צו מאָרגנס, אויפֿן יאַריד פֿון הייליקן מיכאַל, איז הערש לוסטיק פֿאַרפֿאָרן אין מאַרק אַרײַן מיט אַ גאַלאַר[76] פֿלוימען. סמאַלין האָט געגליט אין דער זון. די רויטע בלעכענע דעכער זײַנען געווען אין פֿלאַקער. אין מיטן חודש אלול האָבן זיך ווידער אײַנגעשטעלט היצן.

[76] טײַכשיף.

הערש לאָזט שטיין ראַצען בײַ די פֿלוימען, אַליין דרייט ער זיך אַרום איבערן יאַריד, נישטערט מיט די אויגן אין אַלע זײַטן, באַשמעקט די לופֿט. ער וויל דאָ הײַנט עפּעס דערגיין. די פּויערים נעמט ער אויף מיט אַ ברייטן „יאַק שיען מאַציע" [77], גלײַך ער, הערש לוסטיק, וואָלט געווען דער מחותּן אויפֿן סמאָלינער יאַריד.

דײַטשישע קאָלאָניסטן פֿאַרפֿאָרן מיט קאַסטנס פּאָמידאָרן און קאַלאַפֿיאָרן, צוויי מינים גרינוואַרג, וואָס די סמאָלינער ייִדן האַלטן זיי פֿאַר טריף, כאָטש דער רבֿ איז מתּיר זיי צו עסן, פּונקט ווי ער איז מתּיר פֿאַר אַנדערע צו עסן געטרייבערט פֿלייש [78] פֿון די הינ־טערשטע חלקים. ער אַליין אָבער איז זיך מסתּפּק מיט אַ זיס או־גערקעלע.

פֿון ווישעגראָדער וועג קומען־אָן הויכע לייטער־פֿורן מיט אויבס. הינטער זיי ציִען זיך געל געמאַלעוועטע פֿורלעך מיט לוויוויטשער קזשענזשאַקעס [79]. זיי פֿירן טישטעכער און קאָלירטע טיכער פֿון אייגענער אויסאַרבעטונג. צווישן די וועגענער שטייען ייִדישע מייד־לעך מיט שוכוואַרג, גרייטע וועש, הויזן. ווײַטער אַרויפֿצו איז דער עופֿות־מאַרק. לייזער קורניק טרײַבט אַהיים אַ סטאַדע גענדז. דאָס ווײַב זײַנס, פֿראַדל די קורניטשקע [80], גייט אים נאָך און האַלט אים אין איין באַדעקן:

— רוצח! די קאַטשקעס, וואָס גייען אויף דער גילעווקע, זײַנען געפּאָקט אויף די קישקעלעך. וועסט טריפֿה מאַכן די גאַנצע שטאָט דאָס געפּעס.

אַבֿרהמל „טריפֿענע יאַטקע" האַנדלט־אײַן אַ פּאָר קעלבער. קעל־בער זײַנען בחצי חינם. וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז ייִדן האָבן אויפֿ־געהערט צו עסן קעלבערנס. קוקט ער, אַבֿרהמל, מיט רחמנות־אויגן אויף די קעלבער, וואָס ער האָט אײַנגעקויפֿט און דאָס האַרץ צעגייט אין אים פֿון קלעמעניש, וואָס ער וועט מוזן דאָס פֿלייש פֿאַרקויפֿן אונטערן קרן. קיינער האָט נישט דעם קאָפּ צו גבֿריאל פּריוורן.

---

[77] „וואָס מאַכט איר?". — [78] קלאָפּפּערשט כשר געמאַכט. — [79] גלחים. — [80] הינער־פֿאַרקויפֿערין.

טאָמער זעט אים עמעצער, איז ער אים אויכעט מבטל: אַ דאָקטער אָן פּראַקטיק, אַ דאָקטער וואָס נעמט אַ גילדן פֿאַר אַ וויזיט, אַ דאָקטער וואָס נעמט אַ האַלבן גילדן, אַ דאָקטער וואָס נעמט גאָר נישט אויך... אַ בחינמדיקער דאָקטער... וואָס פֿאַר אַ האַפּט קאָנען שוין האָבן זײַנע רפֿואות?...

ישׂראלטשע בלימעלעס איז צעטראָגן, ווי אַמאָל, אין די גוטע צײַטן בשעת די גרויסע יאַרידן. ער איז שוין לאַנג נישט עוסק אין וועלטזאַכן. אָבער אײַנזיצן אין שטוב קאָן ער נישט. ער גייט־אַראָפּ און ־אַרויף, דרייט זיך אַרום אַ פֿאַרשמײַעטער [81] פֿאַר די שוועלן פֿון זײַן קאָמעניצע [82]. באַגריסט זיך מיט באַקאַנטע דײַטשן, איז זיי מכבד מיט אַ שמעק טאַבאַק, פֿרעגט זיך אויס וועגן קוישן און פֿלאַקס. מען ציט פֿאַר אים די מאַטשעיוווקעס — מען באַגריסט זיך מיט אים:

— סטאַרי סרול.

ישׂראלטשע זעט, אַז די וועלט איז נאָך וועלט און פּויערים בלײַבן פּויערים, וואָס האַלטן בכבוד אַן אַלטן ייִדן. זעכציק יאָר האָבן זיי געלעבט מיט אים בשלום און אין גוט־פֿרײַנדשאַפֿט. דער הויכער מאַטשעק מיט אַ רירעוודיקן קנאָפּ אויפֿן האַלדז און לאַנגע, גרויע וואָנסעס, בוקט זיך צו אים:

— געבראַכט, פּאַניע סרול, אַ האָן אויף כּפּרות, אין גאַנצן אַ ווײַסער, מוחל צו זײַן די זינד... איין גילדן, פּאַניע סרול.

ישׂראלטשע איז מכבד מאַטשעקן מיט מאַכאָרקע, נעמט דעם האָן, בלאָזט פֿונאַנדער די פֿעדערן איבערן ושט [83] אַקעגן דער זון.

— אַ פֿעט עוף. וואָס שמועסט מען עפּעס, מאַטשעק אין דאָרף?

— אַנו, מ׳האַלט שוין בײַ דער ווינטער־זריעה.

— אָבער אַזוי קיין שום שלעכטס נישט, מאַטשעיו?...

קוקט אים ישׂראלטשע טיף אַרײַן אין די אויגן, נאָענט, פֿאַמיליאַריש.

---

[81] אַ פֿאַריאָגטער. — [82] געמויערטע געבײַדע. — [83] שפּײַזרער (צווישן שלונג און מאָגן).

— ניין, פּאַניע סרול, קיין שום שלעכטס.

ישׂראלטשע בלימעלעס פֿאַלט־אַראָפּ אַ שטיין פֿון האַרצן. ער באַצאָלט מאַטשעקן דעם גילדן פֿאַרן עוף און לאָזט זיך גיין מיט דעם האָן אַרויף אין שטוב אַרײַן זען, צי בײַ זיסלען האָט שוין גע־פּלאַצט די מכּה.

צווישן די צעלניק־בוידן[84] זיצט אַ בלאַסע, אָן לשון, שׂרה־גיטל די אַלמנה. זי זיצט נעבן אַ טישל מיט געטריקנטע וואָלענע זאַכן. זי איז שוואַך, שׂרה־גיטל, זייער שוואַך אויפֿן האַרצן. דער דאָקטער האָט איר געהייסן זײַן אויף דער לופֿט, זיצט זי צווישן די וועגענער און טוט אַכטונג אויף דער שטעל. די פֿאַרקויפֿערין איז צוועטל. די קליינע פּעסעלע, די שוועסטער, טראָגט־צו געשטריקטע הענטשקעס, וואָס צוועטל האָט אָנגעגרייט פֿאַר די פּויערים אויפֿן ווינטער. טריקאָטענע סוועטערס פֿון וולִיטשקע[85], געשטריקטע היי־טעלעך. פֿון ווײַטנס, צווישן רימערס און שטריקמאַכערס, שטייט בערטשיק „שמאַטע“ מיט אַלט אײַזנוואַרג. ער לאָזט נישט אַראָפּ די אויגן פֿון צוועטלס שטעל. טאָמער מאַכט זיך אויפֿן מאַרק אַ גראַטש־קע, האָט ער, בערטשיק, שטאַבעס אײַזן מיט אַ בלעכענער הענטשקע.

הינטער בערטשיקס פּלייצעס טוליעט זיך גרונם „מײַנע צרות“ מיטן זעקל קאַשע. די אײַטערדיקע ראַנע זײַנע אין פֿוס ציט אים הײַנט מער ווי אַלע מאָל. דער ווייטיק דערגרייכט אים אַזש ביזן נאָפּל. כאָטש אין דרויסן איז וואַרעם, ווייס נישט גרונם, צי דאָס איז מחמת דעם וואָס ער איז לעצטנס אַ סך געגאַנגען איבער די דערפֿער אײַנצושאַפֿן טאַטערקע אויף קאַשע, צי דאָס איז מחמת האַרץ־קלאַפּעניש און שרעק: טאָמער מאַכט זיך עפּעס...

גרונם ווייס, אַז ער שפּילט מיטן לעבן, בשעת ער גייט אויפֿן דאָרף. דערפֿאַר אָבער איז ער געוואָרן אַ מענטש. מען קאָן ניט זײַן קיין מענטש, ווען מען שטעלט נישט אײַן דאָס לעבן...

כאַשע, גרונמס ווײַב, האַנדלט נישט. זי דרייט זיך אַרום אי־

---

[84] פֿורן מיט סחורה פֿאַר נייגעצײַג. — [85] וואָל.

בערן מאַרק מיט איין זעעוודיק אויג, זוכט מציאות. זי גייט מיט די קינדער פֿון שטעל צו שטעל. פֿאַרזוכט אַ באַרנע, גיט די קינדער צו פֿאַרזוכן אַ פֿלוים, הייבט־אויף אַן אָנגעלעגענעם עפּל. כאַשעס קינדער דערכאַפּן זיך די הערצלעך אויפֿן ניכטערן מאָגן און פֿילן, אַז אין סמאָלין איז יאַריד.

פֿאַר יאָסל „קאַטאַזשאַנס״[86] מויער שטייען גוישע וועגענער. קאַטאַזשאַנס משרתים שיטן־אָן פֿולע שפּײַכלערס מיט ווייץ. צווישן די פֿורן קריכן־אַרום הינער, האַקן מיט די שנאָבלען אין די שטיי־נער. כאַשע איז נישט ערגער פֿון אַן עוף. זי קריכט־אַרונטער אונ־טער אַ וואָגן, זעצט זיך אַוועק אויף דער ערד, שפּרייט פֿונאַנדער דאָס פֿאַרטעך און קלײַבט קערנער צוזאַמען מיט די הינער. יאָסל קאַטאַזשאַן, אַ מיטלוווקסיקער, מיט אַ שוואַרצער, אַסירישער באָרד און שמאָלציקע באַקן, צינדט זיך אָן:

— קוואָקע איינע, אַוועק פֿון דאַנען! דו פֿאַריאָגסט מיר די הי־נער. גיי, צופּ דעם טאַטן דײַנעם, ער האָט אַ הויז.

כאַשע שטעקט־אַפּיר דעם קאָפּ פֿון אונטערן וואָגן:

— צופּן, צופּן. מ׳זאָל פֿון דיר צופּן לעבעדיקערהייט, פּאָביט־ניק[87]! זיי האָבן נאָר גרויסע אויגן אויפֿן טאַטן מײַנעם. ער האָט און וויל מיר נישט געבן. אַלע מײַנע שׂונאים זאָלן דאָס פֿאַרמאָגן, וואָס דער טאַטע מײַנער האָט, אַחוץ אַ האַרצפֿעלער.

בײַ קאַטאַזשאַנען באַווײַזט זיך אַ כּעסדיק בלישטשל אין די אויגן:

— שלעפּערקע! שיט־אויס דעם ווייץ פֿאַר די הינער, וואָרעם כ׳הייט דער סטרוזשקע נעמען צו דיר אַ דראָפּיק[88]. יאַנאָווע, יאַ־נאָווע...

בער פּײַטאַלאָוויטש קומט־אָן מיט דעם זילבערנעם שטעקעלע אין דער האנט. ער גייט מיט אַ לײַכט גענגל, דאָס בערדל פֿײַן פֿאַרקעמט, אַזוי ווי אַמאָל, ווען ער איז נאָך געווען דער גרויסער דיסקאָנטער. אַלע

---

[86] (צונאָמען) אַרעסטאַנט. — [87] פֿאַרטשיקטער גנב. — [88] קאַנטשיק.

וויסן, אַז בער פּײַטאַלאָוויטש האָט שטיין פֿאַרפֿרוירענע געלטער אין די הייף, אַז דער טאָכטערס נדן איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן, איבער מאָראַטאָריום. בער אַליין מאַכט זיך אָבער נישט וויסן און פֿירט זיך ווײַטער אויף נאָכן פּריצישן שטייגער. טראָגט אַפֿילו געמזענע שטיוועלעך מיט קורצע כאָלעוועס און מישט זיך נישט, צוליב איידלקייט, אין קהלשע זאַכן. יאָסל קאַטאַזשאַן, כאָטש אַן אויפֿגעקומענער תּקיף אין סמאָלין, פֿילט זיך דאָך קליין אַקעגן פּײַטאַלאָוויטשן און קוקט אויף אים מיט דרך־ארץ. ער לאָזט כאַשען אַוועקגיין מיט אַ פֿולן פֿאַרטעך ווייץ. די קינדער לויפֿן איר נאָך, פּאַטשן מיט די הענטלעך און מאַכן אַ טומל איבערן מאַרק.

בער וואַרפֿט צו קאַטאַזשאַנען אַ לאַנגן, שטומען בליק. נעמט דאָס זילבערנע שטעקעלע און לאָזט זיך גיין אַקעגן די פּיאַנע־טענער, וואָס רײַסן זיך אַרויס הייזעריק פֿאַרקילט פֿון זײַן אָפֿן פֿענצטער אין מאַרק אַרײַן.

גבֿריאל דרייט זיך אַלץ אַרום ווי אַן איבעריקער. אָט איז שמואל לוויוויטשעס שניטגעשעפֿט. דאָ דאַרף מען אים פֿרײַנדלעך אויפֿנעמען. ס'איז דאָך זײַן משפחה. גבֿריאל איז ווי אַ גרויס קינד, וואָס וואָלט וועלן, אַז יעדער זאָל אים גלעטן. אומעטום זוכט ער וואַרעמקייט. שבֿע אָבער פֿאַרשאַרצט דאָס טיכל איבערן קאָפּ און פֿאַרציט מיט דער נאָז, עס הייסט: אַ קלאָפּאָט מיט אַ דאָקטער. זי האָט טאַקע מער נישט אין זינען, ווי אויפֿצונעמען געסט אין סאַמע יאַריד. גאָלדע אַליין שטייט ווי אַ זײַטיקע, אַ נישט־אויסגעקעמטע, מיט צעשויבערטע האָר און טענהט־אײַן מיט אַ קונה. זי מאַכט זיך אים ניט זען, גבֿריאלן; איז אַזוי פֿרעמדלעך, נישט באַטייליקט אין גבֿריאלס געמיט־צושטאַנד. גבֿריאל שטייט אַ צעטומלטער אין מיטן מאַרק און ווייס נישט, וואָס צו טאָן. עמעצער שלעפּט אים פֿאַרן אַרבל:

— אָט־אָ־דאָ, דאָקטער גבֿריאל, לינקס, הינטער דער אַפּיצינע... אַ פֿרעמד ווײַבל גייט צו קינד אין הכנסת־אורחים־שטיבל.

גבֿריאל דרייט זיך אויס. הערש לוסטיק לאָזט זיך גיין תּמעוואַטע צו זײַן גאַלאַר פֿלוימען.

## 12 ישראלטשע בלימעלעס וויל נאָך האָבן נחת

וואָס וועט פֿאַרט זײַן מיט גאָלדען?

אין ישׂראלטשע בלימעלעס שלעפֿעריקן מוח רירט זיך עפּעס. עס עגבערט ווי טיטוסעס פֿליג. „ישׂראלטשע! — הערט ער אַ בת־קול — ישׂראלטשע, דו האָסט נאָך עפּעס מתקן צו זײַן אויף דער וועלט״. אָן אייניקל אין די נײַנצענער יאָרן. איידער עס קומען־אָן די נײַע פּור־עניותן אויף ייִדן, נעם, כאַפּ־אַוועק און טו אַ שידוך. אַ גלוסטעניש נעמט אים אַרום, אַ גרויסע תּאווה צו זען פֿירן גאָלדען צו דער חופּה. ער פֿילט, אַז די יאָרן וועלן אים דעמאָלט באַנײַט ווערן. פּײַניקט ער די טאָכטער:

— שבֿע, דאָס מיידל איז געוויקסיק, וועסט זיך פֿאַרזינדיקן פֿאַר גאָט!

און צום איידעם:

— שמואל, קהל וועט דיר נישט אַנטלויפֿן מיטן דאָזערײַ, נעם און דעק־צו גאָלדען דעם קאָפּ!

פֿאַרלייגט שבֿע די האַנט אויפֿן הויכן בוזעם און פֿאַרציט מיט די ליפּן:

— און וואָס האָב יעך זיך דאָ צו אײַלן, טאַטע. דאָס ביסל האָלע־דראַנצעס [89], וואָס דרייט זיך אַרום אין שטאָט?

— טוט מען נישט פֿון הי, טוט מען פֿון דער פֿרעמד. אַבֿרהם אָבֿינו האָט אויך געטאָן פֿון דער פֿרעמד. בעסער פֿון דער פֿרעמד, שבֿע.

שמואל לויוויטשער נאָגט עפּעס קלעפּיקס אין מויל. די ווערטער קומען בײַ אים אַרויס מיט אַ בול־בול, ווי פֿון אַ פֿלאַש.

---

[89] פּוסטעפּאַסניקעס, הפקר־יונגען.

— מ׳קאָן אַ סך וויסן, וואָס ס׳איז גוט, פֿון הי, צי פֿון דער פֿרעמד... די וואַזשנע שידוכים הײַנטיקע צײַטן! יאָסל קאַטאַזשאַן האָט זיך געוואָלט אײַנקויפֿן יחוס און געטאָן פֿון דער פֿרעמד. נו, וואָס האָט ער דערפֿון? דרייט זיך אַרום דער פֿלאָצקער אידעם איבערן מאַרק, כ׳בעט־איבער ענקער כּבֿוד, אין עפּעס אַזעלכע תּחתּונים, וואָס מען רופֿט עס פּיזשאַמע. און דער דאָזיקער וואַזשנער אידעם האָט דאָס געקאָסט פֿינף טויזנט גילדן. אין מײַנע צײַטן, אַז מ׳האָט חתונה געמאַכט אַ קינד, איז אָדער מ׳האָט פֿאַר אים געעפּנט אַ געוועלב, אָדער אַרײַנגענומען צו זיך דעם אידעם אין געשעפֿט אַרײַן. הײַנט, הערט מען נישט מער נאָר: שאַפֿט׳ס פֿאַרן חתן אַ סערטיפֿיקאַט קיין ארץ־ישׂראל... סטאַרעט זיך וועגן אַ וויזע קיין אויסטראַליע... אַ לערנער אויף קעסט, שווער, איז נישט פֿאַר מײַנע כּוחות! קינדער וואַקסן מיר אונטער. איך וועל איר געבן דאָס איריקע, גאָלדען, און — קח ולך.

ישׂראלטשע צעניסט זיך.

— ווי צו די אויערן, וואָס הערן דאָס! ס׳קאָן דאָך זײַן, שמואל, ביידע זאַכן: אַ סוחר און אַ יודע־ספֿר. מען דאַרף זוכן, שמואל. זיצן מיט ליידיקע הענט און וואַרטן ביז עס וועט אונטערקומען אַ שידוך, איז נישט קיין תּכלית. גאָלדע איז אַ דאָבראָוואָלנע[90] מיידל; ווי לאַנג זי איז יונג, וועט זי טאָן, וואָס טאַטע־מאַמע הייסן. ס׳איז הײַנט אַן אַנדערע וועלט אַרויסגעקומען. פֿאַר צײַטנס, עלטערן האָבן געטאָן אַ שידוך, זאָגט די מאַמע: טאָכטער, צוואָג דיר אויס דעם קאָפּ, הײַנט קומט צו דיר אַ חתן; זאָגט דער טאַטע צום זון: פּוץ דיר אָפּ די שטיוול, האָסט אַ „זעעכץ". הײַנטיקע צײַטן איז פֿאַרקערט; הײַנט זאָגט די טאָכטער: מאַמע, טו־אָן אַ נײַ שייטל, עס קומט צו מיר אַ חתן; טאַטע, טו־אויס דאָס צעריסענע כאַלאַטל... נעמץ ענק גוט אין זינען אַרײַן מײַנע רייד, עטץ זאָלט שפּעטער נישט זשאַלעווען. איידער כ׳גיי־אַוועק פֿון דער וועלט וואָלט איך נאָך געוואָלט דערלעבן אַ ביסל נחת!

---

[90] פֿאָלגנדיקע, גוטוויליקע.

— קיינער שטערט דיר נישט, טאַטע. ווילסט, קוק זיך אַרום.

זאָגט שבֿע כּלומרשט גלײַכגילטיק, ווי אַ מענטש וואָס לאָזט זיך לאַנג בעטן.

ס'איז נישט פֿון די גרינגע זאַכן פֿאַר ישׂראלטשע בלימעלעס אַרומצוקוקן זיך וועגן אַ שידוך. ער איז שוואַך אויף דער ראיה און קאָן נישט האַלטן די פּען אין דער האַנט. ער מוז אָנקומען צו עוזרל שוחט און צו זײַן געציקלט כּתבֿ. אויך דאָ מוז מען זײַן זייער געוואָרנט, טאָמער מאַכט זיך און פֿון שידוך ווערט גאָר נישט, זאָל זײַן שאַ, שטיל.

צו מאָרגנס האָט דער סמאָלינער פּאָסטמײַסטער אַרויסגענומען פֿון קעסטל פֿינף פּאָסטקאַרטלעך, געשריבן מיט ייִדישע אותיות. אַלע זײַנען געווען אַדרעסירט צו רבנים און געהאַט איין אַדרעס אויף ענטפֿער: ישׂראלטשע בלימעלעס. האָט עס אים שטאַרק געחידושט, דעם סמאָלינער פּאָסטמײַסטער, וואָס ישׂראלטשע בלימעלעס האָט אויף דער עלטער גענומען פֿירן קאָרעספּאָנדענץ מיט אַזוי פֿיל שטעט. איז ער אָבער נישט קיין פּויער, דער פּאָסטמײַסטער, און געטראַכט בײַ זיך אַזוי: ישׂראלטשע בלימעלעס איז דער עלטסטער ייִד אין שטאָט, ער ווייס וואָס ער טוט — מסתּמא גרייטן זיך די ייִדן צו פֿאַרלאָזן סמאָלין... דאָס, וואָס די גאַזעטן שרײַבן שוין אַ יאָר צײַט, הייבט־אָן מקוים צו ווערן און דעם פּאַטשאָנטעק מאַכן די ייִדן אין שטאָט, ווו ער איז פּאָסטמײַסטער. גוט אַזוי: די ייִדן פֿאָרן־אַוועק פֿון אייגענעם ווילן, קיינער נייט זיי נישט. הײַנט בײַ נאַכט, אויף דער אויפֿנאַמע בײַם פּאַסטאָר, וואָס איז צוריקגעקומען פֿון דײַטשלאַנד, וועט ער פֿאַרחידושן די געסט מיט דער דאָזיקער בשׂורה.

## 13 צוליבן פֿאַסטאָר פֿאַרשעמט גבֿריאל דעם שבתדיקן טיש

גבֿריאל שלינגט אײַן בוך נאָכן אַנדערן. נאָך די צײַטונגען און ראַדיאָ־רעדעס איז עס אַ גוטע אָפּוועקסלונג. עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט זיך אַרויסגעריסן פֿון דראָט־פֿאַרצוימונגען אויף אַ שטילער, ווייכגראָזיקער לאָנקע. וואָס מער פֿאַרגעסן אין טאָג, אין דער ווירקלעכקייט. דעמאָלט וועט ער זײַן געראַטעוועט. ער האָט געשטעלט דעם דיאַגנאָז: די קראַנקייט איז אַן אָנשטעקנדיקע, דער סם אָבער ווערט אויסגעאַרבעט אין ספּעציעלע לאַבאָראַטאָריעס. פֿון דאָרטן ווערט דאָס פֿונאַנדערגעשיקט איבערן לאַנד, וואָס מער מענטשן אָנצושטעקן. דאָ איז נייטיק פּסיכישע טעראַפּיע. דער עיקר: דער פּאַציענט זאָל נישט טראַכטן פֿון דער קראַנקייט... צו אים קומען אין גאַנצן נישט קיין פּאַציענטן. סמאָלין שאַצט גרינג די מעדיצין. כאָטש אַלע זײַנען זיי קראַנק אויף איין און דער זעלביקער קרענק. אַ קלעפּיקע ייִדישע קרענק פֿון זעלבסטפּײַניקונג און קאָשמאַרן. בײַ בער פּײַטאַלאָוויטשן שווײַגט די פּיאַנע עקשנותדיק. דורכן דינעם ווענטל הערן זיך נערוועזע מיידלשע טריט. בײַ נאַכט קרעכצט דער באַלעבאָס אויפֿן געלעגער:

— מאָראַ... מאָראַ... מאָראַטאָריע...

בער פּײַטאַלאָוויטש איז קראַנק. דאַרף די טאָכטער זײַנע, רוזשקע, קומען רופֿן גבֿריאלן. אָבער זי וואַרט, זעט־אויס, רוזשקע, אַז גבֿריאל זאָל פֿריִער אַרײַנקומען באַקענען זיך מיט איר.

ער קאָן זיך נישט אָנוואַרפֿן, גבֿריאל. עפּעס אַנדערש איז אַליין גיין צו אָרעמע פּאַציענטן און עפּעס אַנדערש איז בער פּײַטאַלאָוויטש, דער סמאָלינער דיסקאָנטער. ער פֿאַרמאַכט דאָס בוך, פֿאַרדרייט דאָס ליכט און גייט־אַרויס אין קלויסטער־געסל.

מיט זײַטיקע וועגן קרײַזט ער אַרום די דײַטשישע קירך. בײַם

פּאַסטאָר ברענען די זשיראַנדאָלן יום־טובֿדיק. אויף די טישן שטייען פֿלעשער רויטן ווײַן און טאַצן מיט געבראָטענע פֿייגל. די גאַנצע אויפֿנאַמע איז לכּבֿוד דעם פּאַסטאָרס אומקערן זיך פֿון דײַטשלאַנד. וואָס פֿאַר אַ נײַס האָט דער פּאַסטאָר געבראַכט פֿון בערלין? אין סמאָלין דערציילט מען אין פּאַסטאָרס נאָמען, אַז ייִדן אין דײַטשלאַנד לעבן צוריק רויִק און מען ווייס נישט פֿון קיין שום שרעקענישן...

דער בירגער־מײַסטער, אַן אויפֿגעלייגטער און פֿאַררויטלטער, אין גאַנצן געטרייסט נאָכן ווײַבס טויט, זיצט אויבן אָן. נעבן אים זיצט דער פּאָסטמײַסטער און טענהט עפּעס אײַן מיט אים. דעם פּאַסטאָרס יונג ווײַבל זיצט מיט דעם גלח אויף אַ באַזונדערער קאַ־נאַפּע, פֿאַרטאָן אין אַ טיפֿן שמועס. מען גרייט די טישלעך צום ברידזש. דער פּאַסטאָר, אַ הויכער, מיט טונקעלע האָר און שוואַרצע, לעבעדיקע אויגן, דרייט זיך אַרום צווישן זײַנע געסט, אין לאַנגן, שוואַרצן ראָק, קאָרקעוועט־אויף פֿלעשער און טוט אַכטונג, אַז די גלעזער זאָלן ניט שטיין ליידיק. אַכט גראָשן נעמט דער פּאַסטאָר פֿון אַ מאָרג פֿעלד, צוואַנציק גילדן — פֿון אַ חתונה, דרײַסיק — פֿון אַ לוויה. אָבער די דײַטשישע קאָלאָניסטן אין צינצימין בונטע־ווען זיך. דער פּאַסטאָר איז צו רײַך: אַן אייגענער אויטאָ, דרײַ מאָל אין יאָר אין בערלין. אויב בערלין, טאָ וואָס האָט ער, גבֿריאל, דאָ צו טאָן בײַם פּאַסטאָר? זיי ווייסן אַלע, אַז ער איז אַ ייִד, אָבער דאָ האָט מען פֿאַרבעטן נישט אים, דעם מענטש, נאָר דעם דאָקטער גבֿריאל פּריוועր. סנאָבן! מיט אַ דאָקטער ווילט זיך זיי חבֿרן, מעג ער אַפֿילו זײַן אַ ייִד. נײַן, ער איז זיי מוחל דעם כּבֿוד.

ער קערט זיך אום אַהיים. קומט־אַרויס אויפֿן מאַרק. אין די ייִדישע פֿענצטער מיניען ליכטלעך. ער האָט גאָר פֿאַרגעסן, אַז הײַנט איז פֿרײַטיק. צוליבן פּאַסטאָר, וואָס איז צוריקגעקומען פֿון בערלין, האָט ער פֿאַרשעמט דעם פֿעטער ישׂראלטשע בלימעלעס טיש, דעם פֿרײַטיק־צונאַכטסדיקן טיש, וואָס איז געבליבן אין אים, ווי אַ ווײַטע דערינערונג פֿון טאַטע־מאַמעס היים.

ס'איז שוין נאָך מאָלצײַט. עס עפֿענען זיך טירן. יענע אין ווײַסן

בליוזקעלע איז גאָלדע. וועמען זוכט זי אין מאַרק? זי גייט אין דער ריכטונג פון שולגעסל. זי האָט דאָרטן אַ חבֿרטאָרין, באַלטשע, דעם רבֿס טאָכטער. אָבער באַלטשע זיצט איצט, מסתמא, ביי די שבת־דיקע ליכטלעך אין טאַטנס בית־דין־שטוב און לייענט פּרוידן. גבֿריאל פּאַרלויפט גאָלדען דעם וועג:

— גוט־שבת, גאָלדע.

אַ מאַמעשע געמיטלעכקייט טיילט זיך אויס פון גאָלדעס ווייסער בליוזע. אירע שוואַרצע האָר שמעקן מיט זשיוויצע [91]. גבֿריאל פילט די וואַרעמקייט פון איר אָטעם. זיינע הענט, וואָס האָבן אַזוי פיל פרויען געגלעט, זיינען געליימט פון גאָלדעס אומשולדיקן שמייכל.

זיי גייען מיטן שאָסיי, וואָס איז באַדעקט מיט מעלשטויב, אַ זילבערנער בליאַסק אין דער אויפגייעדיקער לבֿנה.

— קום, גאָלדע, צו דער מיל צו. מיר וועלן זיך דאָ אַוועקזעצן אויף אַ שטיין.

עס גלוסט זיך אים צו דערציילן פון זיין לעבן, פון זיינע וואַנ־דערונגען. זי וועט דאָך אים פאַרשטיין, גאָלדע, זי וועט דאָך אים מיטפילן.

— דער קוזין האָט שוין געגעסן?

— רוף מיך נישט, גאָלדע, קוזין, זאָג מיר דו.

גאָלדע איז אין פאַרלעגנהייט.

— כ׳קאָן נישט. דער קוזין איז דאָך עלטער.

זי זיצט אויפן שטיין אַ גלייכע, אַ הויכע. דער קערפּער אירער האָט עפּעס אין זיך פון דער בייגעוודיקייט פון די סאָסנעס אין סמאַ־לינער וואַלד. די באַוועגונגען אירע זיינען באַהערשט, די אויגן — רויִקע. די געשפּאַנטקייט פון גרויסשטאָטישן לעבן האָט איבערגע־לאָזט שפּורן אויף גבֿריאלס געמיט. זיינע געדאַנקען לויפן אומרויִק, נערוועז.

---

[91] ביימערזאַפט.

— פֿון שטענדיק אָן, גאָלדע, בין איך געווען אַ דערוואַקסענער. כ׳וואָלט געוואָלט איצט זײַן אַ קינד, אָפּנעמען זיך פֿאַר אַמאָל.

גאָלדע קוקט אויף אים מיט מילדע, מוטערלעכע אויגן.

— דער קוזין איז אַלע מאָל אַזוי פֿאַרטראַכט, אומעטיק.

גבֿריאל גלעט איר האַנט.

— אַ גרויסע פֿרייד גייט־אויף אין מיר, גאָלדע, צײַט כ׳בין אין סמאָלין. כ׳נעם מיר צוריק אָפּ אַלץ, וואָס מיר קומט... פֿון טאָג צו טאָג ווערן מיר די מענטשן נענטער...

פֿון דער מיל פֿליִען פֿונקען. אויפֿן שאָסיי טראָגט זיך אַ זאַרג־לאָז געלעכטער. גאָלדע בלײַבט שטיין.

— די חבֿרטאָרינס זוכן מיך. אפֿשר באַלטשע?

גבֿריאל פֿירט מיט זײַן האַנט איבער אירע האָר.

— וואָס טויג דיר, גאָלדע, באַלטשע? וואָס טויגן דיר חבֿרטאָ־רינס? זע, ווי שיין די נאַכט איז. ווי עס שמעקן די ביימער אין וואַלד.

גאָלדע הייבט מיט די אַקסלען.

— און וואָס האָט מען פֿון דעם וואַלד? איך וויל ליבערשט פֿאָרן קאָ׳ וואַרשע. מיר איז דערעסן סמאָלין... כ׳וויל גיין אויף קורסן.

— הער, גאָלדע, ווי עס שרײַען די נאַכטפֿייגל. דער גאַיאָווע האָט מיר דערציילט אַ נאַרישע מעשׂה פֿון שדים, וואָס האָבן זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר נאַכטפֿייגל. איך האָב געענטפֿערט, אַז שדים זײַ־נען נישטאָ אין וואַלד, נאָר אין די גרויסע שטעט. דו, גאָלדע, בלײַב אין סמאָלין. וואָס טויג דיר וואַרשע? וואָס טויגן דיר קורסן? די אמתע אַרבעט ווערט אָפּגעטאָן אין דער שטיל, באַזונדער... כ׳האָב דיר אַ סך צו דערציילן. מיר וועלן אָנהייבן לערנען מיט אַ פּלאַן. גאָלדע, פֿון מאָרגן אָן, גוט?

אויף די סמאָלינער פֿעלדער לאָזט זיך אַראָפּ דער טוי ווי אַ קוים אָנזעעוודיק שנייעלע. גאָלדעס האָר גלאַנצן פֿײַכט. איר קער־פּער שוידערט־אויף. גבֿריאל הילט זי אײַן אין זײַן מאַנטל. די ליפּן זײַנע באַרירן אירע האָר.

## 14 די פּרווידיסטקע פֿון סמאָלין

די שול אין סמאָלין איז פֿאַרשטעקט אין אַ לאַנגן הויף, פֿאַרהוילן און אויסבאַהאַלטן פֿאַר שלעכטע אויגן. אַזוי באַהאַלט מען אויס אַ געראָטן מיידל. מען קליידט זי נישט, מען צירט זי נישט, נישט אַרויסצורופֿן בײַ פֿרעמדע קיין חשק. אָבער דאָ, אין סוף געסל, הייבן זיך שוין אָן אָפֿענע פֿעלדער. נישט באַלד. צו ערשט איז דאָ אַ ראָוו. אָנגעלענט בײַ דער שול, שטייט דעם רבֿס דירה. דער סמאָלינער רבֿ איז זיכער מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ. נישט מער — דער דאַך איז געלעכערט. און האַרבסט מוז מען אונטערשטעלן שיסלען אונטער די פֿאַרפֿוילטע בעלקעס. קיין סך אַרבעט האָט נישט דער רבֿ אין סמאָלין. דערפֿאַר האָט ער אַ טועכץ מיטן דאַך און מיטן צוגרייטן די מאָדערנע דרשות, זיי זאָלן אויסנעמען בײַ די הײַנטוועלטיקע.

— אונדזער רבֿ — באַרימען זיך די סמאָלינער — איז אַ מענטש! אַז ער לייגט־אַוועק אַ דרשה, איז די פֿינגער צו לעקן. ער איז אַ גרויסער קענער. רעדט פֿון רמבם און פֿון לעסינגען, פֿון פֿילאָסאָף אַריסטו און פֿון נאַפּאָלעאָנען... אַן ערלעכער מאַן. לעבט אין דחקות און אין נויט.

די „דחקות און נויט" האַלטן די סמאָלינער פֿאַר דעם רבֿס גרעסטע מעלה. דער רבֿ טוט אָבער טייל מאָל אויסטערלישע זאַכן, וואָס שטעלן נישט צופֿרידן די שטאָט. דאָס וואָס ער האָט געטאָן מיט דער טאָכטער, וועט מען אים קיין מאָל נישט מוחל זײַן.

די גימנאַזיע, אין וועלכער באַלטשע האָט געלערנט, דערציילט מען אין סמאָלין, איז אַ ייִדישע. די לערערס גייען אין די קאַפּעליושן און די מיידלעך דאַוונען דאָרט יעדן טאָג. אַז אַ רבֿ האָט פֿערציק גילדן שׂכירות אַ וואָך, פֿון וועלכע קהל צאָלט אים אין מזומן נאָר דרײַצן גילדן מיט פֿופֿציק גראָשן — דאָס איבעריקע נעמט ער בײַם בעקער און בײַם קצבֿ אויפֿן חשבון פֿון עטאַט[92] —

---

[92] שטײַערן.

שיקט מען נישט קיין טאָכטער אין קיין גימנאַזיעס. באַלטשע האָט אַ סך זאַכן פֿאַרגעסן פֿון דעם, וואָס זי האָט אַמאָל געלערנט אין גימנאַזיע. אָבער די סמאָלינער געדענקען, אַז דער רבֿ האָט זיך פֿאַרגונען אַ גימנאַזיע. און הײַנטוועלטיקע מאַמעס זײַנען בייז אויף אים, וואָס אַ קבצן האָט פֿאַרשעמט גבֿירישע הײַזער.

באַלטשע אַליין טראָגט אויך אַ האַרץ אויפֿן טאַטן. די זעקס קלאַסן זײַנען געווען פֿאַר איר אַ לעקעכל, אַ נאַש, וואָס צערייצט דעם גומען. מען האָט איר געוויזן אַ וועג, אַ ווײַטן וועג אין דער גרויסער וועלט אַרײַן, און אין מיטן וועג באַלד צוריק פֿאַרקערעוועט קיין סמאָלין. מיט די גימנאַזיסטקעס אין וואַרשע קאָן זי זיך נישט חבֿרן. און מיט די סמאָלינער מיידלעך ווי֏ל זי זיך נישט חבֿרן. צי זי וויל נישט זיך חבֿרן מיט זיי, דאָס איז נאָך נישט זיכער. ס׳קאָן זײַן, אַז זי הייס נישט ווי אַזוי מיט זיי צו ריידן. באַלטשע פֿאַר־ברענגט אירע יאָרן אין דער ווײַבערישער שול אָפּגעשלאָסן מיט אירע ביכער. ס׳איז איר נישט קלאָר, באַלטשען, פֿון וואַנען עס נעמט זיך צו איר דער אומווילן צו מענטשן. פֿון פֿרוידן איז זי געוויר געוואָרן, אַז זי לײַדט אויף אַ קאָמפּלעקס. אָבער אויף וואָס פֿאַר אַ קאָמפּלעקס? פֿון וואַנען נעמען זיך אירע ליידן? דער דאָק־טער גבֿריאל פּריווער וואָלט עס איר אפֿשר אויפֿגעקלערט. אָבער באַלטשע שעמט זיך וועגן דעם מיט אים צו ריידן. ער קאָן זי נאָך חושד זײַן אין פֿאַרבאָרגענע זאַכן...

זי איז איבער הויפּט אַ שעמעוודיקע, באַלטשע. בשעת זי רעדט קאָן זי יענעם נישט קוקן אין די אויגן אַרײַן. זי שעמט זיך מיט די זומער־שפּרענקעלעך אויפֿן פּנים און מיט אירע געדאַנקען, וואָס זי באַהאַלט־אויס פֿון מענטשן. זי שעמט זיך, וואָס דער טאַטע אי־רער, דער רבֿ, מוז שטילערהייט נעמען שטיצע פֿון די סמאָלינער באַלעבאַטים. זי שעמט זיך מיט דעם, וואָס זי האָט נאָך קיין ליבע נישט געפּירט... זי ווייס נישט, ווי אַזוי דאָס קומט־פֿאָר. די פֿריידן פֿון דער ליבע און די ליידן בלײַבן דעריבער בײַ איר בלויז אין געדאַנק... ווען זי שעמט זיך נישט, וואָלט זי אַ סך גערעדט! אָבער

דאָקטער פֿריוועד הערט נאָר דאָס, וואָס גאָלדע רעדט, כאָטש גאָלדע ווייס נישט קיין צענט חלק פֿון דעם, וואָס זי, באַלטשע, האָט שוין געלייענט. באַלטשע באַהאַלט זיך אויס אין זיך, גראָבט אַלץ טיפֿער און אַנטדעקט וואָס אַ מאָל מער שוואַכקייטן, אינסטינקטן און ירוש־שה־אײַגנשאַפֿטן, וואָס זי האָט איבערגענומען פֿון פֿאָטערס צד און פֿון דער מוטערס צד. באַלטשע ווייס גאַנץ גענוי, אַז איר אונטער־באַוווּסטזיניק לעבן איז פֿול מיט פֿינצטערע אָפּגרונטן, מיט שטרויכ־לונגען. איר כאַראַקטער איז אויסגעקרימט. און דעריבער קאָן זי קיין מאָל נישט ווערן היימיש מיט מענטשן. די סמאָלינער מיידלעך האַלטן זיך פֿון איר פֿון ווײַטנס, ווײַל זיי מיינען, אַז זי בלאָזט פֿון זיך. אַלץ נעמט זיך פֿון חלומות, וואָס זי קאָן זיי נישט אויסטײַטשן. טייל חלומות פֿאַרשאַפֿן איר פֿאַרגעניגן. אויב זי האָט אַ גוטן חלום, איז דער טאָג אויך אַ גוטער. טייל מאָל חלומט באַלטשע וואַכעדי־קערהייט: זי האָט יאָ געענדיקט די גימנאַזיע, זי שטודירט פּסיכאָ־לאָגיע, זי היילט מענטשן, צעשלאָגט קאָמפּלעקסן... זי האָט אַ פֿרײַנד, אַ גרויסן געלערנטן, וואָס ליבט זי לײַדנשאַפֿטלעך. פֿון די דאָזיקע געדאַנקען צעגיסט זיך עפּעס אַ זיסע וואַרעמקייט איבער אירע גלי־דער. זי האָט אַ הנאה, אָבער זי שעמט זיך צוליב אירע פֿאַנטאַזיעס. זי שעמט זיך אַזוי שטאַרק...

ווען זי איז פֿאַרנומען, באַלטשע, איז זי אַ גאַנץ אַנדערער מענטש. זי גיט דעמאָלט אָנבײַסן די ברידערלעך, וואַשט זיי די טלית־קטנדלעך, שײַערט די דילן און באַדינט דעם טאַטן, וואָס שליסט זיך אָפּ אין זײַן בית־דין־שטיבל מיט די פּופּצן הונדערט העפֿטן, די ספֿרים זײַנע, וואָס ער שרײַבט. באַלטשען ווערט קלאָר: דער טאַטע אירער, דער רבֿ, האָט זיך יונגערהייט נישט אויסגע־לעבט עראָטיש. איצט סובלימירט ער דאָס סעקסועלע אין די ספֿרים, וואָס ער שרײַבט... זי אָבער, באַלטשע, האָט קיין שטים נישט צו זינגען. זי קאָן נישט מאָלן. האָט אויך נישט די פֿאַנטאַזיע פֿון אַ דיכטערין. נאָך פֿרוידן קומט־אויס, אַז זי האָט אַ קראַנקע פֿאַנטאַ־זיע. זי שטאַמט איבער הויפּט פֿון נישט־נאָרמאַלע עלטערן, כאָטש זיי

רופֿן זיך סמאָלינער רבֿ און רביצין. מעג אַ גאַנצע שטאָט פֿאַר דעם רבֿ דרך־ארץ האָבן, אָבער זי, באַלטשע, ווייס יאָ דעם אמת: דער טאַטע אירער איז באַלאַסטעט מיט פּאַטאָלאָגישע ירושה־אײַגנשאַפֿטן. זײַן נערוועזער צוק בײַם רעכטן אויג, דאָס משוגעדיקע זשעסטי־קולירן מיט די הענט בשעתן ריידן, די גרימאַסן אויפֿן פּנים און דאָס גראַבלען אין דער נאָז... אַ סך מיאוסע אײַגנשאַפֿטן האָט זי איבערגענומען פֿון איר פֿאָטער. וויפֿל מאָל זי האָט זיך געוואָלט אָפּגעוווינען פֿון בײַסן די נעגל! עס גייט נישט. בשעת זי בײַסט אַזוי די נעגל, דאַכט זיך איר אַז ס'איז שוין דאָס לעצטע מאָל. אין פֿינף מינוט אַרום פֿאַרגעסט זי זיך און טוט ווידער דאָס זעלביקע. זי ווייס, באַלטשע, אַז אָן די דאָזיקע קליינינקייטן וועט זי זיך נישט באַפֿרײַען פֿון אירע קאָמפּלעקסן. זי קאָן אַפֿילו נישט צוטרעטן צו ערנסטער אַרבעט איבער איר כאַראַקטער. איצט קומט נאָך צו די עראָטישע רייצונג און די פֿאַנטאַזיעס, וואָס זי האָט בײַ נאַכט... זי, דעם רבֿס טאָכטער, וועט דאָך נישט צוגיין צו בערטשיק „שמאַטע”, דעם יונג מיט די שוואַרצע אויגן און שיינער גזשיווע, און זאָגן אים: קום, באַפֿרידיק מיך! דאָס איז גוט פֿאַר צוועטלען דער שטריקערין... פֿאַר מיידלעך פֿון יאַטקע־געסל, וואָס קלעפּן אין בערטשיקן.

זי נעמט דאָס שפּיגעלע און באַטראַכט זיך אויפֿמערקזאַם: יעדעס זומער־שפּרענקעלע אויפֿן פּנים, די הויכע פּלייצע. אַחוץ די אויגן, וואָס קאָנען נאָך געפֿעלן, פֿאַרמאָגט זי גאָר נישט, באַלטשע, עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל וועקן בײַ דעם מאַנסביל דעם ליבידאָ[93]... ניין, זי איז אַ מינדערווערטיק וועזן, באַלטשע, און ווייס נישט ווי אַזוי זיך אַרויסצוהעלפֿן מיט דעם פּסיכאָאַנאַליז. יעדעס מאָל, ווען זי וויל זיך היילן, פֿאַרפּלאָנטערט זי זיך אַלץ מער און געפֿינט נײַע קאָמפּלעקסן אין זיך. איין מיטל איז דאָ, אַ ראַדיקאַלס, ווי אַזוי זיך צו באַפֿרײַען פֿון די קאָמפּלעקסן... אָבער זי וועט נאָך אָפּוואַרטן. זי וועט מאַכן דעם לעצטן פּרווו מיט דעם פּסיכאָאַנאַליז. טאָמער העלפֿט עס איצט נישט, ווייס זי, וואָס זי האָט צו טאָן...

---

[93] חשק אויפצוהיטן דעם סעקס, אין פֿאָלקסשפּראַך — אַ „נאַשער”.

## 15 הערש לוסטיק ווערט דאָזער

וואָס פֿאַר אַ צרות הערש לוסטיק זאָל נישט אויסשטיין פֿון מענטשן, האָט ער זיי דאָך ליב און איז זיי אַ גוטער פֿרײַנד. אָבער מער פֿאַר אַלץ האָט ער ליב צו זײַן אַ פֿרײַער מענטש. ער וועט זיך קיין מאָל נישט לאָזן אײַנשפּאַנען אין וואָגן: נישט פֿון די צרות, נישט פֿון ווײַב, נישט פֿון קליינע תּאוותלעך, זיסע ביסנס, לויב־ריידעלעך און עגמת־נפֿשלעך. אָבער ווי אַזוי קאָן ער זײַן אַ פֿרײַער מענטש, אַז אויף דער וועלט געשעען עוולות, אַז מען דריקט פֿון אַלע זײַטן דעם געמיינעם מאַן. שיינע באַלעבאַטים טוען־אָפּ מיאוסע זאַכן און האַלטן זיך פֿאַר ערלעכע ייִדן, וואָס קומט זיי אומעטום דעם אויבנאָן.

טראַכט הערש לוסטיק, ווי אַזוי ער, אַ ייִד אַ פּשוטער, נישט קיין גבֿיר און נישט קיין למדן, קאָן בײַהילפֿיק זײַן מענטשן. פֿון כּבֿוד אַנטלויפֿט ער. די קהלשע שיסל האָט ער פֿײַנט. עפּעס טאָן מוז ער פֿאָרט, אַז דאָס שוסטער־געסל זאָל נישט אויסגיין פֿון נויט. זיצט ער אַזוי פֿרײַטיק־צו־נאַכטס אין דעם אָרעם אויפֿגערוימטן שטיבל בײַ די מעשענע לײַכטערס, טונקט חלה אין פֿלוימעניויך. אויף דער צונג ליגט אים שוין דער ניגון פֿון אָז ימלא שׂחוק פּינו ולשוננו רינה. עפֿנט זיך דעמאָלט די טיר און עס קומען־אַרײַן לייזער „קורניק", בערטשיק „שמאַטע" און אַבֿרהמל „טריפֿענע יאַטקע". הינטער זיי שיט זיך מיט רעש און געפּילדער חבֿרה נאָדל־קאָפּיטע־דראַטווע־בײַטש [94], די גאַנצע שנײַדערשע שול. לייזער קורניק האַלט־אײַן דעם עולם, וואָס שטופּט זיך אין אָפֿענע טירן. ער קײַט דאָס שפּיצל פֿון דער געלער, שטרויענער באָרד. דער דאַשעק פֿון קײַלעכיקן, טוכענעם היטעלע, וואָס זיצט אים אויפֿן סאַמען שפּיץ קאָפּ און מאַכט ברייטער דאָס פּנים זײַנס, איז דאָס מאָל געמיטלעך אַראָפּגערוקט איבערן שטערן. ער פֿאַרלייגט די הענט איבער דער ברוסט.

---

[94] (האָרעפּאַשניקעס) שנײַדערס, שוסטערס, פֿורמאַנעס.

— גוט־שבת, ר׳ הערש! נאָך פֿאַרן בענטשן?

הערש ווישט זיך אָפּ די וואָנסעס און ענטפֿערט געלאַסן:

— וואָס מאַכט עץ דעם אָנשטעל: פֿאַרן בענטשן, נאָכן בענטשן? מענטשן בענטשן, בענטשן מענטשן. דער עיקר מיינט עץ דאָך די געפֿילטע פֿיש. וואָס וועט עץ זאָגן גוטס פֿריִטיק־צו־נאַכטס פֿאַרן בענטשן?

אַבֿרהמל „טריפֿענע יאַטקע״, אָנגעטאָן אין דער לעדערנער קורט־קע, פֿון וועלכער עס פֿילט זיך נאָך דער שעכטהויז־ריח, שטופּט זיך פֿאָרויס צום טיש. לייזער עופֿות־הענדלער צעשפּרייט זײַנע ברייטע הענט און פֿאַרהאַלט דעם עולם.

— נישט געשטופּט זיך, ס׳איז עמעצער מיט אַ שעה עלטער. ר׳ הערש, ס׳איז מער נישט אויסצוהאַלטן. די שמעגדעס [95] פֿון דעם שטיבל, דאָס מייערן־צימעס פֿון שטאָט, גייען פֿאַרכאַפּן די קהילה. זײַנען ברוגז מיטן בית־מדרש, דאַוונען פֿאַר זיך. עפּעס גרייט זיך. לויפֿן די אויסגעוויײטיקטע, זײַט מיר מוחל, ווישן־אויס דעם שטויב אין אַלע קאַנצעלאַריעס, עסן קיכעלעך בײַ מלכות און שרײַבן אויף אונדז פּאַפּירן „אַזוי און אַזוי״. און יאָסל „קיכן דער קאַטאַזשאַן״ איז געוואָרן אַ גאַנצער יאַ־טעביע־דאַם [96]. שנײַדט זיך אויף דאָזער. איר פֿאַרשטייט דאָך. מער דאַרף מען נישט. מען טוט נאָר אַ ווונק. דער־נאָך וועלן זיי אונדז, די געמיינע [97] מענטשן, אַרײַנצימבלען דעם אמתן עטאַט. זיי בלײַבן זיך די שיינע יידן און מיר הייסן מיר דאָס פּעבל. ר׳הערש, מ׳עט זיך נישט לאָזן טרעטן מיט די פֿיס. מ׳טאָר זיך נישט לאָזן. איר נעמט־איבער פֿון אונדזער האַנט דאָס דאָ־זערײַ...

הערש לוסטיקס קשאַקישע ברעמען ציטערן. די שוואַרצאַפּלען גליִען מיט אַ פֿאַרבאָרגן פֿײַערל. ווי איינער וויל, אַזוי פֿירט מען אים פֿון הימל. אָבער גאָט איז זײַן עדות, אַז ער טוט עס נישט מחמת

[95] צעקראָכענע בריאות, בטלנים. — [96] דיעה־זאָגער. — [97] אָרעמע.

גרויסהאַלטערײַ. ער פֿאַרלייגט איין פֿוס אויפֿן אַנדערן און ווינקט זיך איבער מיטן ווײַב.

— האַ, ראַצע, וואָלטסט געוואָלט זײַן אַ דאָזערס אַ ווײַב? כ׳לעבן, מעגסט דיר אַ מאָל פֿאַרגינען אַ ביסל כּבֿוד אויך. לעבסט אַזוי לאַנג מיט אַ מאַן...

ראַצע גיסט־אָן טיי מיט דעם גרויסן שבתדיקן שעפּלעפּל. זי טראָגט אַ ווײַס געקראָכמאַליעטע שערץ[98] און אַ רויט טיכל אויפֿן קאָפּ. אירע קײַלעכיקע, שטענדיק פֿאַרזאָרגטע אויגן לײַכטן דאָס מאָל גוטמוטיק. דער שבת האָט אָפּגעווישט דאָס שווערע געמיט פֿון ראַ־צעס פּנים. איר קול האָט פֿאַרלוירן דעם וואָכעדיקן קלאַנג, איז וואַרעם.

— אַ דאָזער גאָר? הערש! סעדער אַ דאָזער! ס׳איז צו גרויס־אַרטיק פֿאַר מיר.

לוסטיקן איז אויפֿגעלייגט אויפֿן געמיט. מען דערקענט עס אין שמייכל, וואָס באַהאַלט זיך אויס אין זײַן גרוילעכער באָרד. עס גלוסט זיך אים אַ שטיף צו טאָן מיטן עולם:

— נו, צ׳הערט נאָדל־קאָפּיטע־דראַטווע־בײַטש און דו, לייזער. ס׳ווײַב לאָזט נישט. מ׳טאָר נישט גיין אַקעגן אַן אישה. זי מאַכט כּשר דאָס פֿלייש, נעמט חלה. טאָמער ווידערשפּעניק איך איר ווילן, נעמט זי און פֿאַרשטרײַקט מיטן רבונו של עולם. וואָס טו איך דע־מאָלט?

לייזער קורניק מאַכט אַ שפּאָן ווײַטער. דאָס קײַלעכיקע היטע־לע זיצט אים שוין ווידער אויפֿן שפּיץ שטערן. די אויגן זײַנע מאָ־נען שטרענג:

— ר׳הערש, וואָס טויג מיר דאָרט די וויצעלעך? פֿאַר אײַך האָבן זיי דרך־ארץ, די שמאַלציקע בײַכער מיט די וצדקתך׳דיקע, אָנגעגאָסענע קאַרקן. דער מאַגיסטראַט גייט אַראָפּנעמען די שטע־

[98] פֿאַרטעך.

לעכער פֿון מאַרק, די יאַרידן זאָלן גאָר פֿאַרקומען שבת. מ׳דאַרף זען עפּעס צו טאָן. און איר שווײַגט.

עולם לאָזט זיך מער נישט פֿאַרהאַלטן בײַ דער טיר. מען שטופּט זיך פֿון אַלע זײַטן צום טיש צו. אַבֿרהמל „טריפֿענע יאַטקע" פֿאַרטשעפּעט דאָס טישטעך. באַלד פֿליִען די לײַכטערלעך און טעצלעך פֿלוימעניוויך אויפֿן דיל. דערזעט דאָס ראַצע, קאָן זי נישט אײַנשטיין אויפֿן אָרט און הייבט־אָן צו שיטן מיט וואַכעדיקע קללות:

— טאַלאַלײַסטוואָ, אַרענדאַרן, אומגעוואַשענע יונגען! זעט׳ס נאַר, ווי דאָס פּעבל... האָט דאָ געגומען אַרומרעגירן. לאָמעך שוין זען ענקערע פּלייצעס פֿון יענער זײַט טיר. הערש, וואָס שווײַגסטו!? הערש, פֿאַרדריי דיר נישט ב׳קאָפּ. דאָס דאָזערײַ וועט דיר באָקעם[99] אויספֿאַלן. כ׳וויל נישט, אַז די שטאָט זאָל מיר פֿאַרשעלטן די יאָרן. זאָלן זיי יאָסל קוכן מאַכן פֿאַר אַ דאָזער. יענער איז עפּעס אַנדערש, האָט אָנגעשטאָפּטע שפּײַכלערס מיט תּבֿואה. יענער...

הערש רײַסט איר איבער:

— יאָסל קיכן קאָן נישט זײַן קיין דאָזער. ער קאָן נישט האָבן די שטאָט אויף זײַן קאָפּ.

— פֿאַר וואָס קאָן ער נישט? — בייזערט זיך ראַצע.

— ווײַל יאָסל קיכן האָט עפּעס אַנדערש אויפֿן קאָפּ... — ענטפֿערט אַבֿרהמל „טריפֿענע יאַטקע" פֿון אַ זײַט.

עולם שיסט־אויס מיט אַ געלעכטער. דערווײַלע רוקט זיך אָפּיר בערטשיק. בערטשיק שמאָטע אָנגעטאָן לכבֿוד שבת אין הויכע לאַקירטע שטיוול. דער אייגענער בערטשיק, וואָס האָט פֿאַר אַ יאָרן אונטערגעהאַקט שמואל לויוויטשער די זײַטן, מחמת יענער איז געוואָרן ראש־הקהל. בערטשיק איז דערפֿאַר אָפּגעזעסן אין דער פּלאָצקער תּפֿיסה זיבן וואָכן, אָבער ס׳איז ווערט געווען — האָט ער זיך שפּעטער באַרימט — ס׳איז ווערט געווען אָנצולערנען אַ גבֿיר. הײַנט רעדט שוין נישט בערטשיק אַזוי ווויליונגעריש. בײַ

[99] אַרויסקומען פֿאַרקערט, פֿאַרשאַפֿן האַרצווייטיק.

צוועטלען, זײַן כלה, אין שטוב, ווו ס'קומען זיך צונויף מאָשקעס חבֿרים, די באַרשטן־מאַכערס, האָט ער זיך אויסגעלערנט רײדן וויי־כע רייד, און אַלץ וועגן דעם געדריקטן אָרעמאַן. שטייט ער אַזוי, בערטשיק שמאַטע, נעבן הערש לוסטיקן, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ האַרט פּנים, פֿון ווינט אויסגעשמיסן, מיט קײַלעכיקע, רויטע איגעלעך, ווי בײַ אַ קאַראַש[100], און אַ בלויער אויסגעראַזירטער גאָמבע. ער גיט אַ קלאַפּ מיט דער פֿויסט אין טיש, אַז די טעלער צעשפּרינגען זיך אויף ס'נײַ.

— ר' הערש, די אויסגעפּאַשעטע בײַכער גייען שטרײַכן אונ־דזער ליסטע, אַ רוח אין זייערע טריפֿענע הערצער אַרײַן! נאָגן־אויס דעם מאַרך פֿון די ביינער און מאַכן דעם גנבֿישן אָנשטעל, אַז מיר זײַנען נישט גענוג פֿרום צו זײַן דאָזאָרעס. אַליין טיילט מען זיך מיט די פֿעטע עליות און אונדז גיט מען הגבה[101]. אָנגעשטאָפּטע גע־וועלבער. ווען ס'מאַכט זיך עפּעס, וואָלט איך אַליין, ווי כ'בין אַ ייִד... מיר זאָגן אָפֿן די פּראָגראַם: אַ ביליקע קיך זאָל די קהילה עפֿענען און אַ ביבליאָטעק, אַז אַרבעטאָרער זאָלן קאָנען אַרײַנקוקן אין אַ ביכל. מ'עט זיי שוין איין מאָל שטעלן עטאַט! די שטעלערס וועלן מיר זײַן. דאָס איז די פּראָגראַם. איר, ר' הערש, זענט אונדזערס אַ מענטש. איר גייט דער ערשטער אויף דער ליסטע. מ'עט זיי, די שיינע ייִדן, די בײַכער אויפֿטרענען, די קישקעס אַרויסלאָזן...

ער שטייט בײַם געפּעס־שענקל און ווישט זיך דעם שווייס פֿון שטערן. לייזער קורציק קײַט נערוועז דאָס שפּיצל פֿון דער שטרויע־נער באָרד. דער עולם פֿאַרלירט דאָס געדולד און נעמט פּילדערן. לייזער הייבט־אויף די ברייטהאָריקע האַנט אײַנצושטילן זײַנע מענטשן. אַבֿרהמל „טריפֿענע יאַטקע“ גיט אַ ריטש ווי אַן אָקס:

— גערעכט, בערטשיק, גערעכט ווי וואָר[102] איך לעב. ר' הערש, מ'עט אײַך די שויבן אויסהאַקן, אויב איר וועט נישט ווערן

---

[100] אַ פּיש. — [101] (נאָכן לייענען) אויפֿהייבן די ספֿר־תורה. — [102] אמת.

קיין דאָזער. מ׳עט אײַך דאָס אויבס פֿון די ביימער אַראָפּשאָקלען, מ׳עט דעם ווײַב אײַערס אָפּטאָן עפּעס אַ זאַך...

הערש לוסטיק שאַרפּעט[103] זיך צווישן עולם ווי אַ פֿיש אין דער נעץ.

— הערסט, ראַצע, מ׳וויל דיך אָפּריידן פֿון מאַן... — ער ווישט זיך אָפּ די באָרד — מילא פֿאַרפֿאַלן, אַז איר זענט שוין יאָ געקומען, מסתּמא איז עס מיר אַ באַשערטע זאַך. אפֿשר וועט פֿאַר ייִדנס וועגן דערפֿון אַרויסקומען אַ שטיקל ישועה, ס׳זאָל ווערן מער יושר אויף דער וועלט.

עולם גיט זיך אַ לאָז־אַרויס אויף דעם מאַרק מיט דעם אויס־געשטערנטן הימל און שלעפּט־מיט הערש לוסטיקן. ער ברומט־אונ־טער אַ הײַטערן ניגון. לייזער קורניק און בערטשיק כאַפּן־אויף די מעלאָדיע און באַלד צעזינגט זיך דער גאַנצער עולם:

— נישטאָ אַזאַ גאָט ווי אונדזער גאָט
אין כאלוהינו.

אַבֿרהמל „טריפֿענע יאַטקע״ האַקט־איבער דעם ניגון און גיט אַ ריטש־אַרויס:

— לאָמיר לויבן אונדזער גאָט
נודה לאלוהינו.

זיי גייען פֿון הויז צו הויז. שטעלן זיך אָפּ אונטער די פֿענצ־טער פֿון נגידישע הײַזער און פֿאַרהילכן דעם מאַרק.

## 16 אַז מען שרייבט אַ סך, איז נישטאָ צו ציילן

שבת אין דער פֿרי שטייט די שול אַן אויסגעקילטע. דער פֿאַרשלאָפֿענער עולם זופּט דאָס דאַוונען ווי אַן אָפּגעשטאַנענע גריץ.

---

[103] ראַנגלט זיך.

שווער זיך צו דערוואָרעמען נאָך דער פּרײַטיקדיקער נאַכט. פֿון חסידיש באַלעבאַטישן עולם איז דערווײַל קיינער נישטאָ. צײַט מ׳האָט געמאַכט דאָס אַחדות־שטיבל, גייט די שול אַרײַן ווי זאַלץ אין וואַסער. די ווענט שטייען נישט־געווײַסטע, און דער דאַך — אַ געלעכערטער. די סאַדאָווניקעס און עופֿות־הענדלערס, וואָס האָבן ביז שפּעט בײַ נאַכט זיך אַרומגעשלאָנדערט מיט הערש לוסטיקן איבערן מאַרק, קאָרטשען זיך בײַ די שטענדערס און גענעצן. דער רבֿ איז נאָר וואָס געקומען פֿון דער מקווה מיט אַ נאַסן קאָפּ. ער שפּרײַזט פּלינק אַדורך די שול. איידער מען קוקט זיך אום, שטייט ער שוין אין ווינקל בײַם אָרון־קודש און דרענגט־אויס די פּײַכטע פּאות. הערש לוסטיק כאַפּט זיך אַרײַן אין שול פֿון אַ זײַט. מען זעט אים דאָך. פֿון אַלע זײַטן פֿאַרשטעלט מען אים דעם וועג:

— גוט־שבת, ר׳ הערש! אַ גוטן אויפֿשטאַנד, ר׳ הערש!

— אַ גוטן אויפֿשטאַנד, אַ גוטן אויפֿשטאַנד, לאָזט מיך צו צו דער וואַנט! — ענטפֿערט הערש לוסטיק בייזלעך, מחמת מען האַלט שוין באַלד בײַ ברוך שאָמר. ער פֿאַרוואַרפֿט דעם טלית און נעמט זיך דעריאָגן דעם חזן.

דאָס דאַווענען גייט איצט צו ראַשיק און פֿריילעך. מען ריכט זיך אויף עפּעס. בײַ דער טיר שטייט בערטשיק שמאַטע מיט זײַנע אַכצן מענטשן און אָרגאַניזירט זיי:

— וועט ער רייד־, דער רבֿ, וועגן דער גאַנצער מענטשהייט און האַלטן מיטן נאַראַד[104] — איז גוט. אויב נישט, אויב ער וועט זיך חנפֿענען צו די באַלעבאַטים, דעמאָלט...

— אונדזערע שולן — האָט דער רבֿ אָנגעהויבן די שבתדיקע דרשה, בשעת דער טלית האָט זיך געהאַלטן אין איין אַראָפּגליטשן איבער זײַנע אַקסלען — אונדזערע שולן זײַנען געגליכן צום בית־המקדש. אַז מען דעקט נישט צו דעם דאַך, ווערט חרובֿ גאָטס הויז. איר זאָלט נישט מיינען, אַז בעווײַל עס רינט מיר אַרײַן איבערן קאָפּ,

[104] מיטן פֿאָלק, דאָס הייסט, מיט דער מערהייט.

בין איך אײַך מעורר תשובֿה צו טאָן. ניין, ווען עס רינט אַרײַן אין גאָטס הויז...

הערש לוסטיק האָרכ זיך צו צו דעם רבֿס רייד מיט פֿאַרמאַכטע אויגן. זײַנע ברייטע נאָזלעכער ציטערן. דער שטערן פֿאַלדעוועט זיך.

— עס רינט מיר אַרײַן... — זיפֿצט דער רבֿ אויפֿן באַלעמער און פֿאַרריכט זיך דאָס קאַפּל — די דאָזאָרעס האַלטן בײַם אַוועק־גיין און טראַכטן נישט צו פֿאַרלאַטעווען דעם דאַך...

— עס רינט אײַך אַרײַן, רבי? סטײַטש? איר דאַוונט דאָך דע־רויף יעדן טאָג על הרינה ועל התפילה...

אין שול ווערט אַ געלעכטער. דער רבֿ שמייכלט אין דער באָרד אַרײַן. הערש לוסטיק האָט אים נישט נוהג כּבֿוד געווען, אָבער ער איז נישט אויסן קיין שום שלעכטס. איז ער אים מוחל. מיט משלים און דבֿרי חז״ל, מיט פּסוקים און גלײַכווערטלעך קומט דער רבֿ ווי־דער אַרויף אַלץ אויף דעם זעלביקן, מכּוח דעם דאַך. דאָ קאָן שוין בערטשיק שמאָטע זיך נישט אײַנהאַלטן. ער רוקט זיך צו נענטער צום באַלעמער און גיט אַ ריטש־אַרויס:

— די דאָזאָרעס האָבן דאָך געזאַמלט געלט אויף פֿאַרריכטן די שול. פֿאַר וואָס האָבן זיי פֿאַרגעסן אין דאַך? ווו איז דער חשבון? פֿאַר וואָס האָט מען נישט פֿאַרשריבן וויפֿל מ׳האָט אויסגעגעבן? פֿאַרשרײַבן זאָל מען, פֿאַרשרײַבן. איידער זיי גייען־אַוועק, די שיינע ייִדן, די לקחנערס, זאָלן זיי אַלץ פֿאַרשרײַבן. זיי זיצן בײַם בוך און שרײַבן זיך אָן אַ גוט יאָר.

הערש לוסטיק הייבט מיט די אַקסלען:

— אַז מ׳שרײַבט אַ סך, איז נישטאָ וואָס צו ציילן...

— גערעכט, הערש לוסטיק, ער האָט זיי גוט אַרײַנגעזאָגט — פּאַטאַקעוועט שמואל לוויטשער — לאָבוזעס! שרײַבמענטשן גע־וואָרן! בוכהאַלטעריע זאָל מען זיי פֿירן...

מ׳האָט גערעדט פֿון לאָבוזעס. קאָן דאָס בערטשיק נישט פֿאַר־טראָגן. ער שטעלט־אויס זײַנע אַכצן מענטשן אין אַלע פֿיר זײַטן,

אַליין גייט ער אַרויף אויף די שטיגן פֿון אָרון־קודש, גרייט צו געבן די קאָמאַנדע.

זעט דער רבֿ, אַז בערטשיק שמאַטע און אַבֿרהמל טריפֿענע יאַטקע, שמעון ולוי, גייען חרובֿ מאַכן די שטאָט, וויל ער מאַכן שלום:

— אַ חילול השם אין אַ מקום קדוש! שטילט'ס־אײַן די בלוטן. אײַן ישׂראלי אויפֿן אַנדערן זאָל אויפֿהייבן אַ האַנט? שׂנאת אַחים... צוליב אַ דישעל פֿון אַ וואָגן איז חרובֿ געוואָרן ביתּר, צוליב אַ...

זעט דאָך לייזער קורניק, אַז דער רבֿ האַלט בפֿירוש מיט די שיינע ייִדן, קאָן ער עס נישט פֿאַרשווײַגן.

— און פסלען ליסטעס, רבי, מעג מען? זיבעציק ייִדישע „פֿאַמעליעס" בלײַבן אָן אַ דאָזער. האָבן אונטערגעסליחנט[105] בײַ נאַטשאַלסטוואָ. געזאָגט, אַז מיר זײַנען אַזוינע און אַזוינע... געמאַכט אַ בילבול, אַז מיר גייען אַקעגן מלכות. אַזוי איז יושרדיק, רבי, צו גיין מיט מסירות? יאָסל קיכן, דער קאַטאַזשאַן, זאָל זײַן אונדזער פֿירשפּרעכער.

— יושר? בײַ אַ קאָזאַק מאָנט מען יושר?! — שרײַט אַבֿרהמל טריפֿענע יאַטקע און פֿאַרשטעקט די הענט אין די קעשענעס פֿון דער וואָכעדיקער קורטקע, ווי ער וואָלט זיך גרייטן צו עפּעס.

מען האָט דעם רבֿ פּוגע בכבֿוד געווען און ער מאַכט זיך נישט הערן. ער ווייס נישט פֿון מסירות, האָט נישט געהערט פֿון געפסלטע ליסטעס.

— אויב ס'זאָל אַזוינס האָבן פֿאַרלאָפֿן, איז עס אַ נבֿלה. בײַם רבונו של עולם זײַנען אַלע ייִדן גלײַך, אָרעם און רײַך און ישׂראל אַף על פּי שחטא... — קוקט ער אין דער זײַט פֿון אַברהמלען מיט אַ מיין.

דער עולם פּאָזוואָליעט[106] זיך צו פֿיל אַקעגן רבֿ. פֿאַרדריסט עס הערש לוסטיקן. ער שטייט־אויף און גיט אַ קלאַפּ אין באַלעמער:

— וואָס טויג אײַך, רבי, אַזוי פֿיל צו ריידן?... וואָס דאַרפֿט

[105] פֿאַרמסורט (אונטערגעזאָגט). — [106] דערלויבט זיך, פֿאַרגינט.

**איר זיך פֿאַרענטפֿערן? איר, דאָרטן, הענער, — שרײַט ער אויף בערטשיקס מענטשן — אַהיים צו די ווײַבער! אַ שאַ־אַ... — נעמט ער מיט די פּאָלעס טרײַבן דעם עולם.**

שלמהלע, גרונם מײַנע צרות בכור, באַהאַלט זיך הינטערן אָרון־קודש און לאָזט־אַרויס אַ לאַנגן קו־קו־רי־קו. עס ווערט אַ געלאַף איבער די בענק און שטענדערס. באַבעס פֿון שולגעסל יאָווען[107] זיך הינטער די פֿענצטער און חוזקן־אָפּ: אַשאַ קורי דאַ קאָמורי[108]!

— שוין איין מאָל הײַנט אַ דאַווענען. עץ מעגט זאָגן עלינו. דאַוונט־אָפּ גיכער און גייטס אַהיים, וואָרעם ברויט קאָן נאָך פֿאַר דער צײַט טײַערער ווערן...

נעמט הערש לוסטיק דעם טלית אונטערן אָרעם און לאָזט זיך גיין אַהיים פֿון שול. אויפֿן וועג דעריאָגט אים ישׂראלטשע בלימע־לעס. זײַן שטערן איז געל ווי וואַקס. ער פֿאַרגלײַזט פֿאַרדבֿקעט די אויגן:

— אַ גרויסע מידה, דאָס מין שׂמחה, דאָס לוסטיקייט בכלל. איר, הערש, זענט אַ פּשוטער ייִד, אָבער אַ רודף שלום אַזוי ווי אַהרן הכּהן. נאָך מער. וואָרעם איר טוט עס מיט שׂמחה.

## 17 הערש לוסטיק גייט בעסער מאַכן די וועלט

ווערדליק די סמאָלינער געדענקען, האָט הערש לוסטיק קיין מאָל נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן קיין עוולה. ווער שמועסט אַצינד, אַז ער איז דאָזער, פֿילט ער טאָפּלט דאָס אַחריות. מען האַלט אים אין איין אָפּרײַסן די טיר. ווער ס׳האָט אַ שווער האַרץ, קומט וויינען פֿאַר הערש לוסטיקן. דאָס גאַנצע שוסטער־געסל טראָגט זיך איבער אין סאָד אַרײַן. מען שמײַסט אים מיט בײַטשן:

— ר׳ הערש, די וועלט פֿירט זיך אָן יאַנדעס.

[107] באַווײַזן זיך. — [108] (וווּרטל) גייט׳ס הינטער אין קעמערל!

— ר׳ הערש, פֿאַר וואָס קומט עס מיר, אַז מיין מיידל זאָל זיך שטעלן דינען?

— ביי מיין שווער ישׂראלטשע בלימעלעס שטייען ליידיקע דירות, און איך מיט זעקס קינדער מוזן וווינען אין אַ קאַמער.

— ר׳ הערש, ווו איז דאָס געהערט געוואָרן: אַ רבֿ פֿון אַ ייִדישער קהילה זאָל עסן אויף אָנבייסן ברויט מיט רעטעך?

— ר׳ הערש, ר׳ הערש...

כאַפּט זיך הערש לוסטיק פֿאַרן קאָפּ:

— מיינע ליבע לייט, הערט־אויף צו הערשן. הערש אַהין, הערש אַהער. אַלץ הערש! און ווו איז דער רבונו של עולם? ס׳האָבן זיך קיין עין־הרע אַ סך צרות אָנגעזאַמלט אויף דער וועלט. מיט אַ מאָל אויסבעסערן קאָן מען גישט.

— אָבער, ר׳ הערש, פֿון וואַנען נעמט זיך אַזוי פֿיל בייז?

— אַ נפֿקא מינה פֿון וואַנען. אַבי גאָט צו דאַנקען ס׳איז דאָ...

ער נעמט דעם הויכן איינגעבויגענעם שטעקן, לאָזט־איבער דעם סאָד אויף ראַצעס רשות און גייט אין שטאָט אַריין, זען מיט די אייגענע אויגן דאָס שלעכטס. לייזער קורניק, וואָס האָט אויפֿגעהערט פֿאָרן קיין וואַרשע, מחמת מ׳האָט אים דעם וואָגן צעבראָכן, און איצט שטעלט ער צו עופֿות פֿרומע ייִדן, וואָס עסן בלויז געפֿליגל־פֿלייש — גייט־נאָך הערשן טריט ביי טריט און רוימט אים אַלע ווילע איין עפּעס אַנדערש אויפֿן אויער. בערטשיק „שמאַטע“ שעמט זיך אויפֿצוהייבן די אויגן. פֿאַרשטייט הערש לוסטיק, אַז דאָס איז צוליב צוועטלען, שׂרה גיטלס טאָכטער, מיט וועלכער בערטשיק פֿירט אַ ליבע נישט נאָכן ייִדישן שטייגער... דערווילע איז אויף אים אַליין, בערטשיקן, געהאַקטע צרות. מען וויל אים מער נישט פֿאַרקויפֿן שמאַטעס אין דאָרף און ער ווערט אויס קאַראַבעלניק[109]. אין מיטן וועג קומט־אונטער אַבֿרהמל טריפֿענע יאַטקע אין ווייסן פֿאַרטעך. דער בריוון־שרייבער איטשע טשאַפּ שלעפּט זיך נאָך.

---

[109] הענדלער אין גאַס, אַן אויפֿקויפֿער.

זיי גייען איבערן מאַרק מיט פֿאַרריסענע קעפּ און וואַרפֿן שטאָלצע בליקן: אונדזער דאָזער! זיי פֿאַרקערעווען אין שולגעסל און פֿאַלן־אַרײַן אין דאָזער־שטיבל מיט גרויס געפּילדער.

הינטערן ברייטן טיש מיטן גרינעם טוך, דאָרטן ווו ס׳הענגט דאָס בילד פֿון בערעק יאָסעלעוויטש [110], ווי ער רײַט אויפֿן ווײַסן פֿערד, זיצט שמואל לויוויטשער, דער סמאָלינער ראש־הקהל, און עסט צוקערלעך. דערזען די כאַליאַסטרע, ווערט שמואל לויוויטשער בלאַס. ער שטייט־אויף, גייט־צו צו דער קאַסע, פֿאַרדרייט דעם שליסל אין שליסללאָך, כאַפּט אַ קוק אויף הערש לוסטיקן פֿון אַ זײַט. דעם איבעריקן עולם זעט ער נישט.

— וואָס וועט איר זאָגן עפּעס גוטס, ר׳ הערש.

הערש גלעט געלאַסן די שפּאַקאָוואַטע [111] באָרד.

— נאָכן גוטן, ר׳ שמואל, זײַנען מיר דאָס געקומען צו אײַך. אַ פּאָר פּורלעך טאָרף, ר׳ שמואל, אַ קלאַפּטער האָלץ, אַ צוואַנציק קערצלעך קאַרטאָפֿל. דער ווינטער רוקט זיך אָן. קינדער ווערן גע־שוואָלן פֿון הונגער. שטובן שטייען אויסגעקילטע. די קהילה, ר׳ שמואל, איז מחויבֿ...

— איר רעדט דאָך עפּעס, ר׳ הערש, מיט תּקיפֿות, מעשׂה גבֿיר. די קהילה איז נישט מחויבֿ אויסצוהאַלטן אַ שטאָט מיט ברענעכץ... — זאָגט שמואל לויוויטשער אַ באַליידיקטער.

הערש לוסטיקס שטיפֿערישע אויגן בלאָנדזשען איבער דער אײַזערנער קאַסע. די פֿליגל פֿון די נאָזלעכער ציטערן.

— איר האָט געטראָפֿן, ר׳ שמואל, געטראָפֿן ווי אַ בלינד פֿערד אין גרוב אַרײַן, מיט דער גבֿירישקייט מײַנער. נו, וואָס זאָגט עך נישט דערויף? — דרייט ער זיך אויס צו זײַנע מענטשן — הערש לוסטיק אַ גבֿיר, האַ? אַ ייִד אַ גבֿיר פֿון גראָשן פֿיר.

שמואל לויוויטשער פֿאַרריכט זיך דאָס גלאַנציקע קאַפּעלע אויפֿן קאָפּ און לענט זיך אָן געמיטלעך אויפֿן פּאָרענטש פֿון פֿאָטעל.

---

[110] קאָמענדאַנט פֿון ייִדישן לעגיאָן אין פּוילישן אויפֿשטאַנד קעגן רו־סישן אָקופּאַנט. — [111] גרויליעכע.

— זענט איר ווידער נישט קיין תּקיף בײַ זיך, טאָ רעדט זשע ווייכע רייד. מיט כּוח וועט איר גאָר נישט אויפֿטאָן.

— ס'זײַנען פֿאַראַן, ר' שמואל, פֿאַרשיידענע כּוחות אויף דער וועלט; אַזוי ווי ראָטשילד איז שטאַרק אין עשירות, אַזוי בין איך שטאַרק אין אָרעמקייט. בין יעך דאָזער אָדער בין יעך נישט קיין דאָזער? בין יעך ווידער דאָזער, קומט מיר צו האָבן אַ שטיקל דעה איבער קהלשע געלטער. האַלט אײַך, ר' שמואל, די שיסל געזונטער־הייט, נאָר מיך לאָזט טיילן...

אַברהמל טריפֿענע יאַטקע שלײַפֿט זיך די ציין. מיט אַ מאָל גיט ער אַ שפּרונג, ווי אַן אָקס מיט הערנער גרייט דורס צו זײַן דעם ראש־הקהל.

— מענטשן! — ריטשעט ער — יעך קאָן שוין נישט אויס־האַלטן. מען באַליידיקט אונדזער דאָזער.

בערטשיק שמאַטע קאָן נישט אײַנשטיין אויפֿן אָרט. עס דאַכט זיך אים אַלץ אין איינעם, אַז אַבֿרהמל פֿאַרלויפֿט אים דעם וועג און וויל אים עפּעס אויסכאַפּן. שטופּט ער אים אָפּ.

— רוק זיך אַוועק און פֿאַרמאַך דאָס שופֿלאָד[112]. מען דאַרף וויסן, ווי אַזוי צו ריידן מיט די שיינע ייִדן. מיך לאָז... ר' שמואל, כ'וויל וויסן, צי מאַכט איר זיך פֿאַר אַ נאַר, צי זענט איר גלאַט אַ ליימענער גולם?

שמואלן הייבט דאָס אונטער. ער שפּרינגט־אויף פֿון פֿאָטעל. די רויטלעכע פּוכיקע באַקן ווערן בלאַס. ער גיט אַ קלאַפּ מיט דער פֿויסט אין טיש, אַז דאָס גלעקל אויפֿן גרינעם טוך צעקלינגט זיך.

— מיט דיר, עזות פּנים, וויל איך נישט ריידן. דו ביסט אַ קאַראַבעלניק, אַ קרימינעלער מענטש. שמאַטשאַזש, ביינער־קלויבער...

בערטשיק שמאַטע כאַפּט זיך פֿאַרן פּאַסיק.

— ס'זאָל אײַך, ר' שמואל, אָקעגנקומען אַ שיכּורער גוי מיט אַ זעקל ביינער און זאָל אײַערע מיטנעמען.

---

[112] (זידלשפּראַך) דאָס מויל.

**הערש לוסטיק שטופּט־אָפּ בערטשיקן.**

— שאַאַט'ס, שטילער! וואָס טויג דאָס גערודער? ר' שמואל, נעמט אײַך נישט צום האַרצן. איידער צום האַרצן, נעמט אײַך בעסער צום מויל. איר מיינט, אַז דאָס ריידן זיי? דאָס רעדט דאָך אין זיי דער ווייטיק פֿון געמיינע מענטשן. שרײַבט־אויס, ר' שמואל, אַ קוויט צום גאַיאָווע אויף האָלץ. מיט קאַרטאָפֿל וועט מען זיך שוין ווי ס'איז אַן עצה געבן.

— אָ־וואַ־וואַ!... אַ חוצפּה דאָס איז, אַ העזה אַרײַנצורײַסן זיך אין דער קהילה מיט אַזאַ טאַלאַלײַסטוואָ[113]!... — קאָן אַלץ שמואל נישט קומען צו זיך — דאָ האָט איר דעם קוויט אויף ברענעכץ און די דאָזיקע לײַט זאָל איך מער פֿאַר מײַנע אויגן נישט זען.

— איר וועט שוין זען פֿאַר די אויגן עפּעס אַנדערש... — גראָזשעט[114] בערטשיק מיט דער פֿויסט.

— פּיסק־מלאכה, מען טוט, נישט מען רעדט! — לייגט הערש לוסטיק צו דעם קוויט צו בערטשיקס מויל — אַזוי אַזוי, ר' שמואל. הכּסף יענה את הכּל, דאָס געלט פּײַניקט אַלע... האָט מיר אַ גוטן מועד, זאָל אײַך גאָט באַצאָלן פֿאַר אײַער ווייך האַרץ און זײַט מיר נישט קיין שׂונא, איר זענט דאָך נישט פֿון בלוינע[115].

אויפֿן הויף דרייט זיך הערש לוסטיק אויס צו זײַנע מענטשן, באַשפּײַט דרײַ מאָל דאָס פּאַפּיר.

— נע, נע, אַבי געמאַכט אַ פּאָטשאָנטעק. ס'קומט־אָן מיט גרינע ווערעם צו זײַן אַ דאָזער. איצט גייט מען צו ישׂראלטשע בלימעלעס. כאַשע מיטן בלינדן אויג וווינט, נעבעך, אין אַ קאַמער. ישׂראלטשע איז אַ טאַטע, האָט אַ הויז און גרונם, אין צרות און לייד, איז דאָך פֿאָרט אַן איידעם.

— פֿריִער צום גלח מכּוח די יאַרידן. בײַ אים וועט מען פּועלן אָפּצושאַפֿן די גזירה! — בעט זיך לייזער קורניק.

---

[113] גוואַלד, פּרעטענזיע. — [114] דראָעט. — [115] (שפּריכוואָרט) אַ נוקם.

— אין איין וועגס געבן אַ רייד אויך וועגן דער שחיטה... — שלעפּט אַבֿרהמל טריפֿענע יאַטקע הערש לוסטיקן פֿאַרן אַרבל.

— ניין! — שפּאַרט זיך הערש לוסטיק אײַן — דעם גלח לאָזט מיר צו רו. מיט אים וועל איך ריידן אויג אויף אויג. הײַנטיקע צײַטן מוז מען זײַן געוואָרנט. פֿון ליב האָבן ייִדן ביז זיי פֿײַנט האָבן איז איין האָר... צו ישׂראלטשע בלימעלעס קומט, צו ישׂראל־טשע בלימעלעס.

## 18 מיט איין עוולה וויניקער

ישׂראלטשע בלימעלעס איז געזעסן בײַם טיש און געשניטן פּענעצלעך אַלטע חלה מיטן שבת־קודש־מעסער. די בייניקע לאַנגע פֿינגער האָבן געציטערט און קוים געטראָפֿן אין דעם הילצערנעם זאַלצמעסטל אַרײַן. די דרײַ און אַכציקיעריקע זיסל מיט דעם היטל שייטל, געפֿלאָכטן ווי אַ קוילעשט, האָט זיך טויבלעך שטיל געשאַרט איבער דער שטוב און אַלע מאָל צוגעגאָסן דעם מאַן אַ ביסל קאַווע.

— נאַ, נעם, ישׂראלטשע, אַ שטיקל פּוטער, שמיר דיר אָן חלה. ס'וועט דאָך דיר טריקענען אין האַלדז.

ישׂראלטשעס אַשיקע, פֿאַרראָפּיעטע אויגן קוקן אומהיימלעך. ער שאַרט־אָפּ די גרינע שטויבעלעך טאַבאַק פֿון דער גרויער באָרד.

— פּיטער גאָר! געבוג געפּיטערט! די קאָמאָרניקעס [116] צאָלן נישט קיין דירה־געלט. דער מאַגיסטראַט הייסט אויספּרישן דאָס הויז, אַ נײַעם טראָטואַר מאַכן. פּיטער גאָר! פּיטער...

ער עפֿנט אַ שופֿלאָד. ליגט־פֿונאַנדער איבערן טיש קוויטעס פֿון ישיבֿות, קבלה־צעטלעך פֿון מאיר בעל־הנס, פֿון ירושלימער כולל, קאָנטראַקטן אויף ארץ־ישׂראל־ערד. ער הייבט־אויף צו די

[116] געריכט־קאָמיסאַר.

אויגן אַ געלן קוויט מיט אַ גרויסן „קאַפּ". אין מיטן דערין פֿאַר־קײַכט ער זיך אין אַ לאַנגן הוסט. די ווערטער קומען בײַ אים אַרויס צעצויגענע, פֿאַרלייכעצטע [117]:

— זע כאַטש, זיסל, ס'איז בפֿירוש אונטערגעשריבן: זישע גאַטעסמאַן. ווער האָט זיך דאָס געזאָלט ריכטן? אַזאַ אָרנטלעכער יונגערמאַן... געלוינט אײַנצוריײַסן אַ וועלט. האַ, וואָס שווײַגסטו, זיסל? ס'וועט עפּעס זײַן פֿון די צוואַנציק דונאַם ערד?

זיסל קרעכצט.

— און וואָס זאָל איך רעדן, אַז מען מוז אויסבאַהאַלטן די שאַנד. כ'האָב דיר שוין לאַנג געזאָגט, אַז דו זאָלסט אָפּהאַקן מיט דעם עסק. ער איז מיר באַלד נישט געפֿאַלן, דער דאָזיקער זישע גאַטעסמאַן. אַ מלמד געווען אין סאַרטשעוו. איצט אַ גאַנצער מאַכער בײַ דער „אַגודה". אַזוי איז, אַז מען פֿאָלגט נישט קיין ווײַב.

דורכן שפּאַלט פֿון דער אָפֿענער טיר באַווײַזט זיך אַ קאָפּ. אַ פּאָר שטיפֿערישע אויגן פֿאַרהאַלטן זיך אויף די פּאָרטרעטן פֿון קאָווגער רבֿ און קאָזשעניצער מגיד. ישׂראלטשעס פּנים לײַכט־אויף.

— סקאַצל קומט, ר' הערש! פֿון אײַך וועט מען הערן עפּעס אַ טרייסטוואָרט. מיט דער שחיטה האַלט עס שמאָל, האַ?

— אַנישט עסט איר דען פֿלייש, ר' ישׂראלטשע?... איר לעבט דאָך בלויז מיט גריץ און אַ פּאָר אַלטע חלהלעך פֿון איין ערבֿ שבת צום אַנדערן.

— אמת, אמת! — קרעכצט ישׂראלטשע — דער גוף מײַנער פֿאַרנעמט נישט קיין פֿלייש. עס זײַנען דאָ אָבער יונגע מענטשן אויף דער וועלט, וואָס שפּײַזן זיך מיט פֿלייש. וויפֿל ייִדן, רחמנה ליצלן, וועלן דורך דעם קומען עד ככּר לחם.

הערש לוסטיק שאָקלט מיטפֿילנדיק מיטן קאָפּ.

— איר זענט אַ בעל־רחמים, ישׂראלטשע. ווען סמאָלין האָט נאָך צען אַזעלכע ייִדן ווי איר, נעם איך זיך אונטער איבערצומאַכן

---

[117] מיט ראָץ.

די גאַנצע וועלט. מיר זײַנען דאָ געקומען צו אײַך, ישׂראלטשע, וועגן גרונמען, דעם אידעם אײַערן. ס׳וואָלט געווען אַ יושר, איר זאָלט אים אָפּגעבן אַ שטיקל דירהטשינע[118] אין אײַער הויז. זי איז דאָך, כאַשע, אײַערס אַ לײַבלעכע טאָכטער. אַזוי ווי עס שטייט געשריבן אין פּסוק: כּרחם אָבֿ על בנים...

ישׂראלטשען בלײַבט שטעקן דער ביסן אין האַלדז. ער רוקט אָפּ דאָס טעפּל קאַווע. זײַנע קראַנקע אויגן ווערן רויט ווי פֿײַער.

— וואָס, אַ פֿרישן נדן געבן דער טאָכטער? ווייניק האָט זי מיך אויסגעזויגן? צוויי מאָל איר אַ געוועלב געמאַכט. אַ דירה געגעבן, האָבן זיי די דירה פֿאַרקויפֿט. אויסברענגערס... פֿרישע ברייטעלעך עסט מען. אַז מ׳האָט נישט אויף ביר, זאָל מען טרינקען וואַסער. כ׳האָב נישט קאַ׳ דירות...

זיסל שפּאַלט אַ שטיקל קויל נעבן דער קיך. זי שטרעקט־אויס צו הערש לוסטיקן אַ פֿאַרריסטע[119] האַנט:

— אַזאַ נישטאָל, די כאַשע. האָט זיך אָנגעזעצט אויף דעם אַלטנס פּלייצעס. וואָס מיינט זי, די טאָכטער, אַז דער טאַטע איז אַ מעלקעדיקע קו. דירות גיט׳ס איר, דעם שליאָך[120].

ישׂראלטשע פֿאַרגלײַזט די אויגן.

— ס׳שטייט אַל תּחוס. מ׳טאָר נישט רחמנות האָבן אויף קינדער, האָט מען רחמנות אויף קינדער, איז מען זיי אַ שׂונא. די גמרא זאָגט...

הערש לוסטיק רײַסט אים איבער:

— ר׳ ישׂראלטשע, וואָס טויגן די אַלע זאַכן? די גמרא זאָגט, רש״י מאַכט, אין פּסוק שטייט. די בעסטע זאַך איז דער מדרש. דער מדרש ברענגט, האָט מען כאַטש עפּעס. עס שפּילט אַ ראָלע אַ שטיבל אין אַזאַ קאָמעניצע.

איבער ישׂראלטשעס פֿאַרזויערטן פּנים לויפֿט־דורך אַ שמייכל.

— איר הייבט שוין אָן מיט אײַערע הלצהלעך, ר׳ הערש.

---

[118] אַבי אַן אָרט צום וווינען. — [119] פֿאַרשמוציקטע. — [120] אָפּגעלאָזענע.

גרונם איז אַ טאַטע, זאָל ער זוכן ברויט פֿאַר די קינדער. רייכערט זיך פּאַפּיראָסלעך, זיצט אין בית־מדרש, שמועסט פּאָליטיק מיט באַלעבאַטים צו גלײַך. ס׳וואָלט געפּאַסט, אַז ער האָט שוין אויס־געגעבן די קינדער. איז שוין איבערגעקומען זײַן וועלט. כ׳האָב נישט קאַ׳ דירות.

— ר׳ ישׂראלטשע, די אייניקלעך איז קאַלט בײַ נאַכט אין דער קאַמער. די טאָכטער אײַערע וואַשט גרעט מיט אײן אויג. שלמהלען דאַרף מען פֿאַרזאָרגן מיט אַ חדר. ער גייט־אַרויס לתּרבות רעה.

לייזער קורניק קומט־אָן מיט בערטשיקן. הערש לוסטיק דרייט זיך אויס צו זיי.

— געוועזן דאָרטן?

— געוועזן.

— געזען?

— געזען.

— אַזוי ווי מ׳האָט געזאָגט?

— אַזוי ווי מ׳האָט געזאָגט.

— אַ שטוב מיט אַ „קאַך“ [121] ?

— אַ שטוב מיט אַ קאַך.

— ליידיק?

— ליידיק.

— נו, ווערט׳ס אַ האָז! אַזוי, אַזוי, ר׳ ישׂראלטשע, לא נחת ביעקבֿ. נישטאָ קיין נחת פֿון קינדער. אָן קינדער, ר׳ ישׂראלטשע, איז נאָך ערגער. זײַט זיך מיישבֿ, ר׳ ישׂראלטשע, מכּוח דער דירה פֿאַר דער טאָכטער. ס׳איז אין אונס, קיינער צווינגט נישט. האָט מיר אַ גוטן תּמיד!

נאָך דעם ווי די טיר האָט זיך פֿאַרמאַכט נאָך הערש לוסטיקן, נעמט זיסל אויף ס׳נײַ פֿונאַנדערבלאָזן דאָס פֿײַער.

— נו, צ׳האָט שוין געזען אַ בייז באַגעגעניש?! די קאַווע איז

---

[121] קיך.

דערוויילע קאַלט געוואָרן. זי פֿאַרשטערט אונדז דאָס לעבן, די טאָכטער דײַנע.

ישׂראלטשע באַטראַכט אַ שטיקל דאַרע חלה.

— כ'וואָלט צופֿירדן געווען, זיסל, ווען כ'גיב זיי נאָך. ס'האַרץ ווייטיקט מיר גענוג. כ'וועל סײַ ווי גאָר נישט מיטנעמען אין קבֿר אַרײַן.

אַ פֿעטע קײַלעכדיקע לבֿנה האָט זיך אַרײַנגעקײַקלט אין סמאָ־לינער מאַרק און אויסגעשמעקט די ענגע הויפֿן. זי האָט זיך גע־גליטשט געלאָסן פֿון איין געסל צום אַנדערן, באַגלייט פֿון אַ מחנה הינט, וואָס האָבן אויפֿגעהויבן אַ בילערײַ אויף דער שטאָט. ישׂראלטשע בלימעלעס וואַרפֿט זיך אויף זײַן געלעגער. ער קאָן נישט אײַנשלאָפֿן. דאָס ליכט שטעכט אים אין די אויגן. עס פּײַניקן אים ווילדע מחשבֿות. היטלער רײַט־אַרײַן קיין סמאָלין אויף אַ שוואַרץ פֿערד. אַראַבערס שטעכן ייִדן און פֿאַראומרייניקן דעם כּותל מערבֿי. ער הערט משוגעדיקע קולות, ווײַטע מענטשנטריט.

— עס הייבט זיך שוין אָן... — טראַכט ישׂראלטשע און גראָבט־אײַן דעם קאָפּ אין קישן.

אין מאַרק עפֿענען זיך פֿענצטער. עס ווײַזן זיך פֿאַרפֿעדערטע קעפּ. בײַ ישׂראלטשע בלימעלעס הויף איז אַ גרויס גערודער. גרונם מײַנע צרות זיצט אויף אַ וואָגן בעטגעוואַנט, נעבן אים כאַשע מיטן בלינדן אויג אײַנגעהילט אין אַ דערע[122]. פֿון די קישנס שטאַרן אַרויס קינדערישע פֿאַרשלאָפֿענע קעפּלעך. בערטשיק שמאַטע, איטשע טשאָפּ און לייזער קורניק שאַרפֿען[123] זיך מיט ישׂראלטשע בלימעלעס סטרוזשקע. דערווײַלע לויפֿט־אונטער אַבֿרהמל טריפֿענע יאַטקע, דרייט־אַראָפּ די סקאָבלעס פֿון די טירן און דערלאַנגט־אַרײַן דורכן פֿענצטער די שלאָפֿנדיקע קינדער אין דער ליידיקער שטוב. אין פֿעדערהויז שטייט הערש לוסטיק און רײַבט זיך די הענט.

— מיט איין עוולה ווינציקער אויף דער וועלט.

---

[122] דעקטוך. — [123] פֿאַרען זיך, זיינען פֿאַרנומען מיט.

ישׂראלטשע בלימעלעס כאַפּט זיך אויף פֿון שלאָף. ער לויפֿט־צו צום פֿענצטער אין ברייטן טלית־קטן און גלאָצט־אַראָפּ אין פֿינצטערן הויף. ער זעט גאָר נישט. אָבער נאָכן געוויין פֿון די קינדער פֿאַרשטייט ער אַלץ. פּאַמעלעך, טאַפּנדיק די ווענט, גייט ער צוריק צו צום געלעגער, וויקלט זיך איַין אין דער קאָלדרע און האַלב דרימלענדיק באַרירט ער מיט די ליפּן.

— אַ ווילער ייִד, הערש לוסטיק, האָט מיר אַראָפּגענומען אַ שטיין פֿון האַרץ.

## 19 היטלער שלאָגט נישט די פרומע יידן

הערש לוסטיק איז אויפֿגעשטאַנען מיטן באַגינען און אַרונטער־גענומען דאָס לעצטע ביסל אויבס פֿון דיביימער. ער האָט פֿאַר־שפּונעוועט[124] די פֿעסלעך פֿלוימען און אויסגעבעט די עפּל אין היי. אין סאָד איז געווען גליטשיק. ריטשקעלעך וואַסער זײַנען גע־שטאַנען אין די גריבער און אויף די ביימער האָט זיך אָפּגעזעצט אַ ווײַסער פֿראָסט. ראַצע „שווער געמיט״, אַנגעטאָן אין וואַטאָוון קאַפּטאַן, נעמט־צונויף דאָס ביסל ווירטשאַפֿט אירס, וואָס איז צעוואָרפֿן איבערן סאָד. זי שײַערט פֿלײַסיק די טעפּלעך. בינד־צו־נויף די רערן פֿון אײַזערנעם קיכל. מאַכט אַ פּעקל פֿון בעטגעוואַנט און קערט־אויס דעם פּלאַץ אַרום דער בויד, עלעהיי[125] אַ שטוב, אַז מען ציט זיך אַרויס, דאַרף מען זי צורוימען. מען טאָר נישט איבערלאָזן קיין מיסט, יענער זאָל נישט נאָכקערן. זי קראַצט זיך אין די שיטערע האָר אונטערן טיכל.

— בררר... אַ פֿויל וועטער.

הערש צענעמט די הענט, פּאָכעט מיט זיי איבער די אָרעמס זיך צו דערוואַרעמען.

---

[124] פֿאַרמאַכט מיט אַ הילצערנעם שטאָפּער. — [125] זאָל זיך דאַכטן.

— איי, איי, ראַצע, נעם זיך נישט איבער מיטן וועטער... דאָס גאַנצע לעבן איז נישט מער ווי אַ זון און אַ רעגן. אַ גלעט, אַ ברי...

דער דייטש וויטבראָט דרייט זיך אַרום איבערן סאָד מיט דער פּייקע אין מויל. זיינע שווערע מיט ביר אָנגעגאָסענע אויגן קוקן זיך אַרום צופרידענע איבער דער איינגעפונדעוועטער נחלה. די ווערטער, אָפּגעהאַקטע, האָבן אַ בייסיקן קלאַנג.

— ציכטיקן זי דען פלאַץ, פרוי לוסטיק, אָרדנונג מוז זיין. האָבן זי איין גוטעס יאָר געהאַבט, ר' הערש? דער גאָרטן האָט אינען צוגעדינט, ניכט וואָר?

— נישט צו פאַרזינדיקן, פּאַניע וויטבראָט. יאָ גערעטעניש, נישט גערעטעניש. וואָס איז דאָ פאַראַן פיל צו רעדן?

ענטפערט הערש לוסטיק און טוט זיך דאָס זייניקע. וויטבראָט לאָזט נישט אַרויס די פּייקע פון מויל. זיין בייכיק, פעט קול איז הייזעריק.

— זי שווייגן. גוט, פּאַניע לוסטיק. איין קלוגעס שווייגן. אָבער חלה, בשׂר ודגים ווערדן זי עסן יעדן סאַבאַט.

אַ שטאָלץ בלישטשל באַווייזט זיך אין הערש לוסטיקס אויגן.

— דערויף זיינען מיר דאָך עפּעס ייִדן, פּאַניע דאַאַטש, אַז מען זאָל עסן חלה.

— יאָ, יאָ, יודן, דאָס אויסדערוויילטע פאָלק גאָטעס. אין דויטשלאַנד עסן זי שוויינענפלייש, אין טשיקאַגאָ אַרבעטן זי אָם סאַבאַט. איינע גראָסע שטאָט טשיקאַגאָ. דריי טויזנט אָקסען שלאַכטען זי יעדען טאָג. האָבע פיל גערייזט, הער לוסטיק. אין קאַנאַדע געוועזן. אין ליווערפּאָל. אין מאָסקאָו. פאָר דער קריגע. פיר־ציק מאָל פירציק גלאָקן. דריי מאָל אין בערלין. געבראַכט דעם דאָבערמאַן אויס דייטשלאַנד. איין קלוגער הונט, ניכט וואָר? פאָן דער אײדעלער ראַסע. קאָם הער דאָבערמאַן. מער, פראַו לוסטיק, געבן זי ניכט דעם דאָבערמאַן טשאָלענט. דאָס פאַרשאַדעט אים.

דאָבערמאַן, אַ הויכער און שוואַרצער, מיט גלאַטער הויט און אָלטע טריפנדיקע אויגן, דערנענטערט זיך אָן אָנגעכמורעטער צו

ראַצעס טעפּלעך און נעמט זיי לעקן סיסטעמאַטיש און גרינטלעך. הערש ווינקט צום ווײַב:

— נעם־צו, ראַצע, די טעפּלעך. ווייסט נאָך האָבן אַ חתונה. דער הונט האָט אַן אײדעלן מאָגן.

— יאָ, דער הונט איז אַ אוס דויטשלאַנד... — לײַכטן אויף וויטבראַדטס אויגן — דויטשלאַנד, דויטשלאַנד! איין שענעס לאַנד. גראָסע ערפינדונגען האָבן זי אין דויטשלאַנד. טאַדעס־שטראַלן, שיפּע אונד באַנען אַבצושטעלען. דויטשלאַנד, וויסן זי, בעקאָמט אַלעס צוריק. די יודען האַבען שולד דאַרין, דאָס וויר דען קריג פאַר־שפּילטען. איין היפּשעס בוך דאָס אַלטע טעסטאַמענט. דער מאָזעס וואַר איין געטלעכער מאַן. דאָס ער אַבער מיט דעם הערן גאָטע זאָ נאַהע, געזיכט אַם געזיכטע געשפּראָכען האַבע, דאָס איזט ניכט צו דענקען. דער היטלער, וויסן זי, שלעגט ניכט די פראָמע יודען. ער שלעגט קאָמוניסטען. זאַוּבערן זי דען פּלאַץ, פּראַו לוסטיק...

— יאָ, יאָ, — שטעלט הערש אויס די קוישן עפּל אין איין שורה — ער מיינט די קאָמוניסטן. די קלעפּ באַקומען אָבער אין איין וועגס די יידן.

וויטבראַט מאַכט זיך נישט הערן. ער ווינקט צו דאָבערמאַנען, לאָזט זיך גיין צום טויבנשלאַק, נעמט אַ גאָרשטש גערשטן און זייעט זיי פונאַנדער פאַר די טויבן.

לייזער קורניק פאַרפאַרט מיט אַ האַלבן וואָגן עופות. אין סאָד רײַסט זיך אַרײַן אַ קוואַקערײַ פון קאַטשקעס און אַ גאַנערײַ פון גענדז. קורניק נעמט פאַרלאַדענען דאָס אויבס, שטעלט־אויס די פּעסלעך פלוימען אויף דער ליידיקער העלפט וואָגן. רויטע שנאָבלען האַקן־אַן די פּעסלעך. יונגע הענדלעך קרייען־צו און מאַכן הײַטערער דעם האַרבסטיקן פרימאָרגן. ראַצע לייגט־אַרויף אויפן וואָגן דאָס ביסל וויירטשאַפט מיטן בעטגעוואַנט, זעצט זיך אַוועק אויף די איבערבעטן און שרײַט־אַרײַן צום דײַטש:

— זאַאַטס געזונט, פאַניע וויטבראַט.

וויטבראַט, אָנגעטאָן אין געלע הויזן, קומט־אַרויס פאַר דער

טיר מיט זײַן קליינוווקסיקן ווײַב, די דײַטשקע מיטן הויכן קאָקס[126] האָר. הינטער די פּלייצעס שטייען די קינדער פֿון זײַן נישט־חתונה־געהאַטער טאָכטער בערטאַ. די האַלב סלאַווישע, האַלב גערמאַנישע פּנימער זײַנען פֿאַרשטעקט אין די ברייטע פֿאַלדן פֿון דער דײַטש־קעס קלייד. אויך דאָבערמאַן איז דאָ. ער גייט מיט שלאַבעריקע טריט אַרום דעם וואָגן און באַשמעקט די רעדער. דאָס גאַנצע גע־זינדל באַגלייט מיט בענקענדיקע בליקן דעם סאַדאָווניק מיט דער סאַדאָווניטשקע, וואָס פֿאַרלאָזט דעם סאָד. וויטבראַט שרײַט זיי נאָך מיט אַ הייזעריק קול:

לעבען זי וואָל, עסן זי קאָל.
טרינקען זי ביער, דענקען זי אַוך אַן מיר.

## 20 פּאָר קליינע קינדערס וועגן

וווינטן שמײַסן סמאָלין פֿון אַלע זײַטן. טײַכלעך האָבן אויס־געגאָסן און זומפּיק געמאַכט די וועגן. הײַזער מיט פֿאַררויכערטע קוימענס ליגן געפּענטעט ווי ציגן אין דער בלאָטע. אויף די ביידע־מער שטייען באַרשטן־מאַכערס אין די שפּענצערס[127] און רייניקן חזיר־האָר צום נײַעם סעזאָן. וווער עס האָט בײַ צײַטנס אָנגעגרייט אַ קאַמער מיט טאָרף, דעם איז וואַרעם. אין שוסטער־געסל פֿרירן קליינע קינדער. אין די חדרים זיצן יינגלעך בײַ די גמרות און ציטערן. אין שטאָט גייען־אום שלאַפֿקייטן. אַלטע ווײַבער, גבאיטעס, לויפֿן־אַרום מיט פֿלעשער שפּירט. איטע, די הייבאַם, בערטשיקס מאַמע, העלפֿט זיי אונטער. זי שמירט קינדערישע בײַכלעך און שפּרעכט־אָפּ עין־הרעס[128]. אַ ריח פֿון קאַרבאָל גייט זיך פֿונאַנ־דער איבער די הייפֿלעך. פֿון דעם ביסל האָלץ, וואָס די קהילה

---

[126] בונט האָר, פֿאַרקעמט. — [127] זשאַקעט. — [128] פֿאַרטרײַבט דאָס „גוט־אויג" (פֿון נישט־פֿאַרגינערס).

האָט צעטיילט, איז שוין לאַנג אַש געבליבן. בײַ גרונם „מײַנע צרות" עסן די קינדער געפֿרוירענע קאַרטאָפֿל און ליגן גאַנצע טעג אין די בעטן, אַז דער הונגער זאָל זיי פֿאַרגיין. אָבער ער פֿאַרגייט נישט. כאַשע לויפֿט אַלע ווײַלע אַרויף צו דער שטיפֿמאַמען, זיסל, איר מאַכן אַ באַדעקעכץ[129]. זעט דאָך שוין הערש לוסטיק, אַז אויף דער קהילה אַליין קאָן ער זיך נישט פֿאַרלאָזן, אַז דאָס דאָזיקע הײַנטיקע צײַטן איז אַ שוואַכער אָנלען. מען דאַרף עפּעס אויפֿטאָן אַליין מיט אייגענע כּוחות...

עס האָבן זיך געשטעלט שטאַרקע פֿרעסט. פֿון וואַרשע זײַנען אָנגעקומען גרויסע לײַט מיט יאַגהינט און ביקסן אויף די אַרעמס. מיט זיי איז מיטגעקומען אַן אָנגעלייגטער גאַסט: אַ מיניסטער פֿון פּרײַסן. דער פּאַסטאָר, דער גלח און דער אַפּטייקער זײַנען מיט־געפֿאָרן אויף יאַגד. ריידן מענטשן אַפֿ הערש לוסטיקן:

— ס'איז אַ סכּנה צו גיין אין וואַלד אַרײַן נאָך האָלץ.

לאַכט הערש לוסטיק:

— פֿאַרן רבונו של עולם אַנטלויפֿט מען נישט. ווען ס'איז באַשערט, דעם טרעפֿט די קויל אין שטוב אַרײַן.

ער איז אַוועק אין וואַלד אַרײַן באַלד אין דער פֿרי. מיט אַ זאַק אויף דער פּלייצע, די לענדן אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק. אַ פֿראָסטיקער שניי האָט זיך געבעטן צו זײַנע פֿיס און צוגעגעבן אים דרײַסטקייט. וואָרעם נישט פֿאַר זײַן אייגן געברויך האָט ער זיך אײַנגעשטעלט דאָס לעבן. ער איז געגאַנגען פֿאַר אָרעמע מענטשנס וועגן. ער האָט זיך געפֿילט, ווי אַ שליח־ציבור.

ער איז אַרויסגעקומען אויפֿן צינצימינער וועג און געגאַנגען לענגאויס דעם סאָד. בײַ וויטבראָטן אויפֿן הויף האָט אים אַ קיצל געטאָן אין דער נאָז דער ריח פֿון פֿריש פֿאַרבריטער קאַווע. אינע־ווייניק, בײַם דײַטש, הינטער די פֿענצטער מיט די בלויע פֿאַר־הענגלעך, איז געמיטלעך און וואַרעם. הערש קוקט זיך אַרום איבער

---

[129] „צודעקן" דעם דלות, אַרויסהעלפֿן אין דער נויט.

וויטבראָטס נחלה. בײַ דער סטאָדאָלע ליגן אַ פּאָר קלאַפּטער האָלץ, וואָס וויטבראָט האָט זיך אָנגעגרייט אויפֿן ווינטער. די קאַרטאָפֿל־גריבער זײַנען אַרומגעדעקט מיט שטרוי. דער ברונעם פֿאַרשלאָסן. פֿאַרזאָרגטע מענטשן, די דײַטשן! — טראַכט הערש לוסטיק — אַלץ איז בײַ זיי אָנגעגרייט, ראַיעל און פּינקטלעך. דער מיניסטער פֿון פּרײַסן וועט האָבן נחת, וואָס זײַנע לאַנדסלײַט לעבט זיך גוט אין אונדזערע קאַנטן...

ער קומט־אַרויס אין סאָד אַרײַן. די שטרויבודע ליגט אויס־געצויגן ווי אַן אָפּגעשונדן פֿערד. מען זעט בלויז אַרויס די נאַקע־טע זשעבערעס[130], די ווײַסע דרענגלעך. די רעגנס האָבן אָנגעמאַכט אַ גרויסע שחיטה אין סאָד. פֿלוימען־ביימער שטייען אויסגעקרומטע מיט אָפּגעבראָכענע, לעבעדיקע צווײַגן. די קאָרע איז פֿאַרשאַרצט און עס ווײַזט זיך דאָס נאַקעטע לײַב זייערס. עס נעמט אים אַרום אַ רחמנות אויף די ביימער, וואָס האָבן פֿאַרשניטענע יאָרן, און אויף די סאַדאָווניקעס, וואָס עס קומט אויף זיי אַ שלעכט יאָר. ער דערשפּירט, ווי עס לעקט אים עמעצער די קני. ער דרייט זיך אויס. דאָבערמאַן גאָר. דער הויכער גלאַטער הונט מיט די טריפֿנ־דיקע אויגן לאַשטשעט זיך צו אים. חידושט זיך הערש לוסטיק:

— דאָס ביסטו גאָר, דאָבערמאַן? אַ דײַטשישער הונט גיט זיך אָפּ מיט אַן אַלטן ייִד. וואָס וועט דער באַלעבאָס דײַנער זאָגן?

דאָבערמאַן לאָזט־אַראָפּ דעם עק און האַווקעט יאָמערלעך אין דער זײַט פֿון וויטבראָטס שטוב. ער פֿילט זיך טאַקע שולדיק. אין די אויגן ליגט אויסגעגאָסן די הכנעה פֿון אַ געוויינלעכן געשלאָ־גענעם הונט. אין הערש לוסטיקן צעגייט דאָס האַרץ. ער צערטלט דאָבערמאַנען, גלעט אים איבערן רוקן, איבערן האַלדז, מיט אַ מאָל שפּרינגט דאָבערמאַן אָפּ. זײַנע קורצע הערעלעך שטעלן זיך אויף, ווערן שטײַף און שפּיציק. ער עפֿנט אַ מויל אַלטע, פֿאַר־פֿוילטע ציין, גרייט אים צו צערײַסן. הערש דערזעט אַן אָפֿענע

---

[130] ריפּן.

ראַנע אויף דאָבערמאַנס קאָפּ. די הויט איז אָפּגעשונדן ביזן שיידל און דאָס בלוט איז נאָך נישט אין גאַנצן פֿאַרגליווערט. ער שטייט ווי אַ געליימטער, לאָזט נישט אַראָפּ די אויגן פֿון דעם הונט. ביידע שווײַגן. הונט און מענטש פֿאַרשטייען זיך מיט די בליקן.

— בידנער דאָבערמאַן! דאָס האָבן דיך די יאָגהינט פֿון פּאָס־טאָר אַזוי צו רעכט געמאַכט. און זיי זײַנען דאָך אויך דײַטשישע הינט. ס'איז בלוט פֿון דײַן בלוט און פֿליישׁ פֿון דײַן פֿלייש. קום דאָבערמאַן, צו דײַן באַלעבאָס, זאָל ער דיך אויסהיילן!

וויטבראָט באַהאַלט־אויס פֿאַר פֿרעמדע די שטוביקע וואַרעמ־קייט. הערש לוסטיק קלאַפּט־אָן אין דער פֿאַרהעמערטער טיר. עס געדויערט אַ לענגערע ווײַלע, ביז וואַנען דער דײַטש באַווײַזט זיך. ער שטייט אויף דער שוועל אָנגעטאָן אין געלן רעקל מיט דער פּײַקע אין מויל. אין דער האַנט האַלט ער אַ קעלבערן פֿיסל מיט לעדערנע רימענדלעך. פֿון אינעווייניק הערט זיך אַ שליוכצן. דאָס וויינט די נישט־חתונה־געהאַטע טאָכטער, בערטאַ. די קינדער אירע, אָפּגעשמיסענע, ליגן פֿאַרשלאָסן אין דער קאַלטער סטאָדאָלע[131] וויטבראָט שטייט אָן אָנגעצונדענער פֿון כּעס. די אויגן פֿאַרגאָסן מיט בלוט. ער דערזעט דאָבערמאַנען, גיט אַ הוקע אויפֿן הונט מיט זײַן פֿאַררייכערטער שטים:

— מאַכע, דאָבערמאַן, דאָס דו פֿאַרטקאָממען זאָלסט. שלעפּט זיך אַרום מיט יאָגהינט ווי איינע יונגע הינדין. קראַפּירע!

הינקענדיק שאַרט זיך דאָבערמאַן פּאַמעלעך אַוועק פֿון וויט־בראָטס פֿיס. ער דערגייט אָבער נישט צו דער בודע. אין מיטן וועג בלײַבט ער שטיין, ווי ער וואָלט זיך מיט אַ מאָל מיישבֿ געווען, און גיט זיך אַ ציי־אויס ווי לאַנג ער איז. די ראַנע אויפֿן קאָפּ רויטלט זיך פֿון ווײַטנס און שלאָגט זיך אָפּ אין דער שנייִקער ווײַס־קייט. וויטבראָט וויל צוגיין צום הונט. עס קומט־אונטער די קליינע

[131] שפּײַער.

דײַטשקע מיטן הויכן קאָקס האָר און כאַפּט־אָן דעם מאַן פֿאַרן אָרעם.

— שנעלער, פֿריץ; די מאַד שטירבט. זי האַט שטירצווייען[132].

הערש לוסטיק וואַרפֿט אַ זײַטיקן בליק אויף דאָבערמאַנען, זיפֿצט־אָפּ און גייט זיך ווײַטער זײַן וועג.

אין וואַלד זײַנען די נאָדל־ביימער גרין. פֿון צווישן די ביימער אַרויס גלאַנצן קאַלוזשעס, פֿאַרצויגענע מיט דינע אײַזהײַטלעך. אין די שפּאַרעס פֿון דער קאָרע ווײַסן זיך פלאַטן שניי. דער וואַלד איז ליידיק. דורכגעלופֿטערט פֿון ווינטן. פֿון ווײַטנס דערטראָגט זיך דאָס קנאַלן פֿון יעגער־ביקסן. זיי הילכן־אָפּ אין טויזנטער עכאָס. דורך די שיטערע ביימער רײַסט זיך דורך אַ קאַלט און פּראָסטיק געביל. הערש לוסטיקן גיט אַ בלענד פֿאַר די אויגן: אַ גרוי העזל מיט אַ הינקענדיק פֿיסל פּאַטשט־אַדורך דעם וואַלד און לאָזט זיך צום ייִדישן בית־עולם צו. דאָרטן ווערט עס פֿאַרשווונדן צווישן די געדיכט פֿאַרוואַקסענע מצבֿות. הערש גייט מיט דעם אויסגעטראָ־טענעם וועג, ביז ער קומט צו צו דעם וואַלדהײַזל פֿון דעם גאַיאָווע.

דער גאַיאָווע מיט דער ביקס, פֿאַרוואָרפֿן איבערן אַקסל, איז אָנגעטאָן אין גרינעם מונדיר — דינסטאַרטיק. אויף אַ גרויסער לאָנקע, אַרומגעצוימט מיט געפֿלאָכטענע פּלויטלעך, שפּרינגען־אַרום יונגע סאַרנעס, הירשן מיט לייטערדיק געפֿלאָכטענע הערנער. זיי קוקן מיט אויסבאַלושעטע אויגן אויף לוסטיקן, באַשמעקן אים מיט די פֿײַכטע פּיסקעס. דער גאַיאָווע דרייט פֿון מאַכאָרקע אַ פּאַפּיראָסל. ער גיט אַ האַסטיקן שפּײַ.

— הערשעק, הינטיש בלוט. נישט מורא געהאַט צו קומען אין וואַלד אַרײַן? מען שיסט, הערשעק. אָט דאָס איז אַ דרייסטער ייִד.

הערש נעמט־אַראָפּ דעם זאַק פֿון דער פּלייצע, בינדט־אָפּ דעם שטריק פֿון די לענדן.

---

[132] די ווייטיקן, ווען די פרוי גייט צו קינד.

— וואָס האָב יעך מורא צו האָבן, פּאַניע גאַיאָווע? מען שיסט דאָך נישט קיין ייִדן. מען שיסט האָזן.

דער גאַיאָווע צעלאַכט זיך הויך, פּריציש:

— אַז מען וועט דאַרפֿן, וועט מען שיסן ייִדן אויך.

— אָבער דערווײַל דאַרף מען דאָך נישט.

— נאָך וואָס ביסטו געקומען, הערשעק?

— נאָך אַ ביסל טרוקענע צווײַגן פֿאַר אָרעמע מענטשנס וועגן. קינדער ווערן געפֿרוירן.

דער גאַיאָווע רײַבט זיך דעם האַרטן שטערן:

— כ׳האָב נישט קיין האָלץ פֿאַר אײַערט וועגן. איר האָט זיך געמוזט שטאַרק פֿאַרזינדיקן, ייִדעלעך. וואָרעם עס זײַנען אויף אײַך אָנגעקומען שלעכטע צײַטן. אַדרבה, זאָג, הערשעק: ווו האָט מען ייִדן ליב? דאָ כאָלערי! צוליב די זשידעס קאָן איך נישט שלאָפֿן. יעדע נאַכט קומען זיי מיר צו חלום. צום מײַנסטן יענער מיט די פּאות, יודקע דער האָלץ־סוחר, וואָס די קאָזאַקן האָבן אים אויפֿגעהאָנגען קעגן איבער מײַן פֿענצטער. פֿאַרשטייסטו? אַ מענטש קאָן זיך דאָך, צום טײַוול, אַ מאָל טועה זײַן אויך! עס האָט זיך מיר נאָר אַזוי אויסגעדוכט, אַז זיי זײַנען שפּיאָנען. ווי נאָר עס קומט־אָן האַלבע נאַכט, אַזוי קריכן זיי אַרויס פֿון די גריבער און גלײַך צו מיר אין וואַלד־הײַזל אַרײַן, ווילן מיר דערווערגן, די טײַוולאָנים. נעם דיר, הערשעק, האָלץ, וויפֿל דו ווילסט. וואָס רעדט מען אין סמאָלין וועגן דאַנציק? ייִדעלעך ווייסן אַלץ פֿאַרויס. ס׳וועט זײַן מלחמה, הערשעק?

לוסטיק צעברעכט די צווײַגן און לייגט זיי צונויף אין בינטלעך. ער איז פֿאַרטאָן אין דער אַרבעט און הערט אין גאַנצן נישט דעם גאַיאָווע. יענער ווערט אין כּעס:

— וואָס שווײַגסטו, הערשעק?

— הע? — רופֿט זיך אָן לוסטיק מיט אַ טויבלעך קול — כ׳האָב גאָר נישט געזאָגט, כ׳האָב קיינעם נישט באַליידיקט.

דער גאַיאָווע צינדט זיך אָן:

— איך פֿרעג דיך, הערשעק, צי ס׳װעט זײַן מלחמה. די דײַטשן װילן פֿאַרכאַפּן דאַנציק.

— דאַנציק? פֿון װאַנען װײס איך? פֿאַר אַ ייִד פּאַניע גאַיאָװע, װאָס װינציקער גערעדט, אַלץ געזינטער איז. אַז עס װעט זײַן באַשערט, װעט מען האָבן מלחמה אױך. װי מ׳װעט זיך עס פֿאַרדינען. גיב מיר, פּאַניע, אַ ביסל געטריקנטע שװאָמען פֿאַר אַן אָרעמער זשידװוקע. און אפֿשר האָסטו רױזנקרעל[133] ? כ׳װיל מיר אָנשטעלן פֿון די קרעלן אַ ביסל װײַן אױף שבת.

פֿון װײַטנס דערטראָגן זיך מענטשלעכע קולות, צוגעדושעטע פֿון אַ הינטיש בילערײַ. צװישן די בײמער פֿלאַטערן גלחישע מאַנטלען. איבער ברײטע, שװאַרצע קאַפּעלושן שטאַרן־אױף יעגערביקסן. הערש לוסטיק כאַפּט דאָס קערבל שװאָמען און זיפֿצט־אָפּ.

דער גאַיאָװע װאַרפֿט אױף אים אַ בײזן בליק. ער כאַפּט אים אָן פֿעסט פֿאַרן אָרעם:

— װאָס זיפֿצסטו, הערשעק?

— איך זיפֿץ, פּאַניע גאַיאָװע, װאָרעם איך דערמאָן זיך אין סמאָלינער רבֿ, װאָס זיצט גאַנצע חדשים אָפּגעשלאָסן אין זײַן שטיבל און קומט־אָפּ דעם טאָג מיט אַ שטיקל ברױט און אַ ביסל פּאָסטנע[134] גריץ. דו האָסט שױן, פּאַניע, געזען אַ מאָל אין לעבן אַ רבֿ אױף יאַגד?

ער פֿאַרװאַרפֿט דעם בונט האָלץ אױפֿן אַקסל, גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ:

— בוג זאַפּלאַטש[135] !

און פֿאַרלאָזט דעם װאַלד נאָך אײדער די יעגערס קומען־אָן.

---

[133] רױזן־האָניק. — [134] טרוקענע (װי פֿון אַ תּענית). — [135] גאָט זאָל באַצאָלן.

## 21 שרה־גיטל האָט מורא פאַר אַ פינגערל

איבער סמאָלין נידערט־אַראָפּ אַ בלאָסער, שבתדיקער פֿאַר־נאַכט. דאָס סעדער־הייפל שטייט איינגעהילט אין ווייסן. דער שניי אויף די דעכער פֿינקלט מיט אַ פֿיאָלעטענעם שיין. צווישן די היל־צערנע הייזלעך שוועבט דער אומעט פֿון אַ קורצאָטעמדיקן טאָג, וואָס גייט־אויס אין בענקשאַפֿט. לייזער קורניקס וואָגן שטייט אַ פֿאַרשנייטער, ווי פֿאַרפֿאַקט אין וואַטע. ער שטייט מיט דעם דישל פֿאַרריסן צו די אויפֿגייענדיקע שטערן: נעבן וואָגן צעלייגט זיך ברייט פֿלייצעדיק אַבֿרהמל „טריפֿענע יאַטקעס" כשר־קלאָץ[136]. די לבֿנה באַלויכט זיי בײדע. דער קלאָץ מיטן וואָגן שמועסן זיך אויס:

— מיך האָט מען איבערגעדרייט מיט דער סחורה אויפֿן באָזשע־וואָליער יאַריד, צעבראָכן מיינע זשעברעס.

— און אויף מיר וועט מען שוין מער נישט טרייבערן קיין כשר־פֿלייש... — קרעכצט דער קלאָץ.

פֿון בוידעם שמעקן־אַראָפּ די אַנטאָנער[137] עפּל, דאָס אויבס, וואָס הערש לוסטיק האָט געבעט אין שטרוי.

— מיר הבן נישט קיין דאגה. יעדן זומער בליִען מיר אויף ס׳ניי ביים דייטש וויטבראָט אין סאָד.

ראַצע „שוועג געמיט" שטייט ביים פֿענצטער און קוקט־אַרויף צו די בלאָסע שטערן. זי לייגט־צו די פֿינגער צו די געפֿרוירענע שייבלעך, בעצט זיי אין פֿראָסט און זאָגט גאָט פֿון אַבֿרהם. שׂרה־גיטל, ראַצעס שוועסטער, זיצט ביי דער קאָמאָדע איינגעהילט אין טערקישן שאַל, ווי אַן אַלמנה אין איר טרויערקלייד.

— ווי מיר האָבן זיך דאָס פֿאַררעדט! — רופֿט זיך אָן ראַצע — אַן אויסגעשטערנטער הימל. צייט אָנצוצינדן אַ ליכט.

שׂרה־גיטל כאַפּט־אָן די שוועסטער פֿאַר אַ האַנט:

---

[136] דאָס גראָבע שטיק האָלץ, אויף וועלכן דאָס פֿלייש ווערט געטריי־בערט, עס זאָל זיין כשר. — [137] גוטער קלאַס עפּל.

— וואַרט־צו אַ ביסל, ראַצע. וואָס אײַלסטו זיך אַזוי? שבת־צו־נאַכטס האָב איך ליב צו זיצן אין דער פֿינצטער. עס דאַכט זיך מיר דעמאָלט, אַז די גאַנצע וועלט טרויערט מיט מיר צוזאַמען... דו מוזסט דאָך באַרעכענען, ראַצע, אַז ס'איז שוין פֿעליקע דרײַ פֿערטל יאָר נאָך וואָלפֿס טויט. יעדן פֿרײַטיק־צו־נאַכטס קומט ער מיר צו חלום.

ראַצעס גרויע, אומהיימלעכע אויגן גיסן זיך צונויף מיט דער טונקלקייט, וואָס לייגט זיך פֿונאַנדער איבערן שטיבל.

— כ'ווייס נישט, וואָס ער פּײַניקט דיך אַזוי, דער מאַן דײַנער. וואָס וויל ער פֿון דיר האָבן, וואָלף?

שׂרה־גיטל פֿאַרשנירלט דאָס קליינע מײַלעכל.

— גאָר נישט. אַלץ דאָס איגענע. נאָר די קינדער און די קינדער. ער שטרעקט דאָס גאַנצע לעבן צוליב די קינדער... כ'זאָל זען פֿאַר זיי אַ תּכלית. גיי, קלער הײַנטיקע צײַטן אויס עפּעס אַ תּכלית פֿאַר קינדער! אַז ער האָט מיך געלאָזן אַ וויסטע אַלמנה.

ראַצע אָטעמט שווער. די שערץ הייבט זיך איר איבערן בויך.

— כ'מוז דיר זאָגן, שׂרה־גיטל, דעם ריינעם אמת. ס'איז דאָך דײַן מאַן, נאָר עס הייבט מיך שוין אָן צו פֿאַרדריסן... וואָס הייסט, אַ מענטש נעמט און וואַרפֿט־אַרויף דעם גאַנצן עול אויף אַ שוואַכער נקבֿה? אַזוי איז געווען פֿאַרן לעבן און אַזוי פֿירט ער זיך אויך נאָכן טויט... קומען אין חלום מיט פּרעטענזיעס... ר'איז קיין מאָל נישט געווען קיין לײַט, וואָלף. די „וואָרעד"[138] מעג מען זאָגן אַפֿילו אַ טויטן אויך.

שׂרה־גיטלס לענגלעך אײַנגעשרומפּן פּנים צעציט זיך ביז דער שפּיציקער, האַרטער גאָמבע. זי טוליעט זיך אין טערקישן שאַל, ווי עס וואָלט איר מיט אַ מאָל קאַלט געוואָרן.

— רעד נישט אַזוי, ראַצע. וואָס האָט ער געקענט אויפֿטאָן? וואָלף איז פֿון תּמיד אָן געווען אַן איידעלער מענטש. שטענדיק גע־

---

[138] (פּראָווינציאַליזם) וואָרהייט, אמת.

דאַרפֿט האָבן דעם לעפֿל עסן צו דער צײַט. נישט געטאָרט צולאָזן זיך קיין עגמת־נפֿש. נו, ווייסטו דאָך, וואָס ער האָט געהאַט אויס־צושטיין פֿון דעם זון. ווי באַלד מען האָט מאָשקען גענומען און ער האָט אים געזען אַוועקפֿירן. אַזוי איז אים דאָס בלוט געזעצט געוואָרן. דורכן יונג האָט ער געהאַט פֿאַרשניטענע יאָרן. איצט קאָן ער מער נישט אײַנרוען אין קבֿר. ער איז דאָך פֿאָרט אַ טאַטע...

ראַצע צינדט־אָן אַ ליכט און שטעלט עס אַוועק אויפֿן שיפֿן דעכל פֿון דער קיך.

— גוט וואָך!

— גוט וואָך, גוט יאָר, כ׳זאָל האָבן נחת פֿון מײַנע קינדער! — קרעכצט־אונטער שׂרה־גיטל.

— ס׳זאָל נאָר נישט זײַן שלעכט, וועט שוין גוט זײַן. וועט מוזן גוט־זײַן. — רופֿט זיך אָפּ הערש לוסטיק אויף דער שוועל. ער שאָקלט־אָפּ די שבתדיקע קאַפּאָטע, גייט־צו צום שויבן־שענקל, פֿאָרעט זיך דאָרטן אַ ווײַלע, נעמט־אַרויס דאָס בשׂמים־ביקסל און ברומט אונטער דער נאָז:

ויתן לך —
קיין געלט איז נישטאָ;
משמני הארץ —
דאָס געלט איז בײַם פּריץ,
ורוב דגן
קריגסטו נאָך גוט אָנגעשלאָגן...

— דערצייל עפּעס נײַס, שׂרה־גיטל.

— וואָס קאָן יעך שוין נײַס דערציילן. כ׳בין נאָך מיטן אַלטן נישט אַדורכגעקומען.

— מיר ווערסטו נישט דערציילן קיין מעשׂיות, שׂרה־גיטל. אַז דו ביסט שוין יאָ געקומען צו דער פֿולער וואָך, איז עס נישט בחינם. מרוזשעט[139] הערש לוסטיק שטיפֿעריש מיטן לינקן אויג. שׂרה־

[139] קוקט דורך אַ האַלב פֿאַרמאַכטן אויג.

גיטל צענעמט דעם טערקישן שאַל און גיט זיך אַ האַסטיקן שטעל־אויף:

— און וואָס איז דאָ לאַנג צו ברײַען, הערש, כ׳בין געקומען מאַכן אַ טאָלק מיט צוועטלען. וואָלף האָט נישט קאַ׳ רו אין קבֿר. זאָלסט וויסן, הערש, — קיין פֿרעמדער הערט דאָך נישט — צוועטל געפֿעלט מיר נישט. מען מוז דער מויד צודעקן דעם קאָפּ. כ׳האָב מורא פֿאַר אַ פֿינגערל... גיב מיר אַן עצה, הערש, וואָס צו טאָן.

לוסטיק קלאַפּט מיט די פֿינגער אין נאַקעטן טיש.

— געבן ווײַבער עצות? כ׳האַלט נישט דערפֿון. אויב יאָ געבן אַן עצה, פֿאַר וואָס זאָל איר בערטשיק טאַקע נישט אָנטאָן קיין פֿינגערל? זאָל ער איר אָנטאָן דאָס פֿינגערל און זאָגן דעם פּסוק.

בײַ שׂרה־גיטלען שטעלן זיך אויף די האָר אונטערן שייטל. איר פּנים איז איין פֿלאַם. זי שפּרינגט־צו צו הערשן, גרייט אים אויס־צודראַפּען די אויגן.

— וואָס האָסטו געזאָגט, הערש? בערטשיק זאָל זײַן מײַן איידעם? בערטשיק „שמאַטע״? נישט בײַ מײַן לעבן!

זי ציט־איבער דעם שאַל איבערן קאָפּ און כליפּעט.

— אַזוי געפֿאַלן בין איך שוין אין מענטשנס אויגן? פֿאַר וואָס קומט עס מיר? פֿאַר וואָס קומט עס וואָלפֿן אין קבֿר? אַז אַ מאַן שטאַרבט, האָט דאָס ווײַב נישט נאָך וואָס צו לעבן.

הערש לאָזט געלאַסן קײַקעלעך רויך אונטערן נידעריקן בעליק.

— נו, גיי, פֿאַרשטיי די ווײַבער. פֿאַר וואָס געפֿעלט דיר נישט בערטשיק? ער האָט אַ קאַמער מיט ביינער, איז אַ לויפֿער, גייט אויפֿן דאָרף און קאָן געבן אַ ווײַב צו עסן. י״ס־מענטשן געוואָרן! ישׂראלטשע בלימעלעס האָט געזוכט יחוס פֿאַר דער טאָכטער. כאָטש גיט אים פֿאַר אַן איידעם דעם מהר״ל. איצט פּלאַצט אים די גאַל. אַז דו ווערסט, שׂרה־גיטל, דווקא זוכן יחוס, וועט צוועטל האָבן אַזאַ סוף ווי כאַשע מיטן בלינדן אויג בײַ גרונם „מײַנע צרות״. אָנגעפּלאַדושעט אַ שטוב מיט קינדער, איצט נעמט ער, כ׳בעט־איבער אײַער כּבֿוד, די מחילה און לאָזט זיך אין וועג אַרײַן.

ראַצע שטייט בײַם קיכל, צעברעקלט צווישן די פֿינגער שטיקלעך ציקאָריע און שיט זיי אין פֿענדל אַרײַן. זי דרייט זיך אויס צום מאַן:

— הערש, צווינג זי נישט. אַז זי וויל נישט, שׂרה־גיטל, בערטשיקן, זאָלסטו זי נישט נייטן. אין שידוכים־זאַכן טאָר מען זיך נישט מישן. כ׳וואָלט נאָר געוואָלט וויסן איין זאַך: וואָס האָסטו, שׂרה־גיטל, פֿאַרצוהאַלטן בערטשיקן?...

— דו, ראַצע, אויך? מען דאַרף דאָך זײַן שטאַרקער פֿון אײַזן דאָס איבערצוהאַלטן. יענער האָט צו טאָן מיט „בלאַטע" [140] נקבֿות. ווו אַ קרעטשמע, איז בערטשיק. ווו אַ באָכניע [141] איז בערטשיק. און אַ פּיסק האָט דאָס! שלימזל, פּונקט האָט עס מיך געטראָפֿן. אַזאַ מויד! נישט געהאַט אין ווען צו פֿאַרליאַפּען [142], נאָר אין בערטשיקן. זי זעט שוין אַליין, ווי זי האַלט מיט אים. צווישן צוויי ווערטער זאָגט ער איר באַלד: „צוועטל, דרײַ מיט זעכצן אַ בילעט; פֿאָר קיין וואַרשע און שטעל זיך דינען", ניין, שוואָגער־לעב, פֿון דעם קאָרן וועט קיין ברויט ניט זײַן. איך האַלט נישט דערפֿון. וואָלף אין קבֿר אויך נישט. ס׳וועט אונדז אַלעמען באָקעם אויספֿאַלן.

הערש לוסטיק רײַבט זיך די אָפּגעפֿרוירענע פֿינגער:

— אָבער שׂרה־גיטל, מען גיסט נישט אַרויס דאָס אומריינע ביז וואַנען מ׳האָט נישט דאָס ריינע. מיר וועסטו קיין מעשׂיות נישט דערציילן. דו האָסט דאָך סמתּמא עמעצן אָנגעגרייט פֿאַר צוועטלען?

שׂרה־גיטל מאַכט אַ ברוגז פּנים.

— וועמען האָב איך אָנגעגרייט? כ׳האָב קיינעם נישט אָנגעגרייט. פֿאַר ענק האָב איך נישט קיין סודות. נאָר אויב זי פֿאָלגט מיך, צוועטל, וואָלט זי גענומען האַרשלען. דו ווייסט דאָך וועמען איך מיין. דעם גראָדזשיסקער יונגן מאַן.

— אַזוי גאָר, דאָס איז די מעשׂה? האָסטו דאָך ווידער יאָ אַ שידוך פֿאַר צוועטלען. וועלכער האַרשל? האַרשל קאַמאַשן־מאַכער?

---

[140] די וואָס קענען אַלע טריפֿענע שטיק. — [141] זעץ. — [142] פֿאַרליבן.

— האַרשל קאַמאַשן־מאַכער. ער איז אַ שטילער בחור און אַ יתום. איז ער נישט קיין שיינער. ווו שטייט דאָס געשריבן, אַז אַ מאַנסביל מוז דווקא זיין אַ שיינער?

פון הייפל טראָגט זיך אַ מיידליש געלעכטער. קינדער באַוואַרפן זיך מיט שניי. מען לויפט פון גאַרנס איבער די הילצערנע שטיגן. פון אַלע זייטן עפענען זיך טירן. כאַשע מיטן בלינדן אויג קומט צו לויפן פון ישראלטשע בלימעלעס הויף. זי רייסט זיך דעם האַלדז אויפן טרוקענעם פראָסט:

— שלמהלע, שלמהלע, גיי אַהיים! פאַר וואָס טשעפעסטו די מיידלעך? ביסט נאָך פון דר׳ערד נישט אויסגעוואַקסן. וואַרט, וואַרט, כ׳וועל דיר צושטעלן אַ בענקעלע ביים טאַטן. גרונם, גרונם, דער יונג שטעכט־אויס מענטשן די אויגן.

אין פאָדער־הייזל טופעט עמעצער מיט די פיס. מען שאַרט שניי. די טיר עפנט זיך ראַפטעם אויף. צוועטל פאַלט־אַריין נישט־טויט, נישט־לעבעדיק, נאָך איר פעסעלע. זיי ווישן זיך דעם שניי פון פנים. צוועטל, אַ פאַרשנייטע, מאַכט זיך גלייך די פייכטע, בלאָנדע האָר. זי ברוגזט זיך.

— צ׳זענט אַ מבֿין? אַזאַ סמאַרק! באַוואַרפן מיך אין גאַנצן מיט שניי.

פעסעלע, אַ דרייצן יעריק מיידל מיט גרעקלעך פאַרקעמט איבער די אויערן און בלויע פאַרחלומטע אייגעלעך, פיעשטשעט זיך:

— און מיך האָט ער געקנייפּט, דאָס חסידל.

הערש לוסטיק קוקט אויף פעסעלען מיט אַ צעשטראַלט פנים. ער איז אויפגעלייגט. אין די אויגן צינדט זיך אָן אַ פאָטערלעך בלישטשל.

— קום אַהער, טעכטערל. קום צום פעטער אויף דער קני. כ׳וועל אים שלמהלען גוט אָנפּיצקען, וועט ער האָבן צו געדענקען. גיב, פעסעלע, אַ קוש דעם פעטער.

שׂרה־גיטל קאָרטשעט זיך אין טערקישן שאַל. איר לענגלעך פּנים צעציט זיך נאָך מער.

— קושן גאָר! אַ מויד פֿון דרײַצן יאָר קושט נישט קיין מאַנס־לײַט.

— איך בין דען אַ מאַנסביל, פּעסעלע? אַ פֿעטער איז דאָך נישט קיין מאַנסביל. אַ פֿעטער מעג מען יאָ קושן.

צעלאַכט זיך הערש לוסטיק און כאַפּט אָן פּעסעלען פֿאַרן אָרעם. פּעסעלע ראַנגלט זיך מיטן פֿעטער. ראָצע „שווער געמיט" נעמט־אַראָפּ דאָס פֿענדל אָפּגעוואָלענע מילך פֿון די פֿײַערקעס [143] און שאָקלט מיטן קאָפּ צום מאַן.

— פּוסטער קאָפּ, לאָז מיר צו רו דאָס מיידלטשינע! אַזוי איז, אַז מ׳האָט נישט קיין אייגנס.

שׂרה־גיטל בייזערט זיך אָן אויף צוועטלען:

— אויף אַ מינוט קאָן מען זיי נישט לאָזן אַליין. נאָך וואָס זענט עטץ מיר נאָכגעגאַנגען?

צוועטל מאַכט זיך גלײַך די האָר בײַם שפּיגעלע.

— דער אַגענט פֿון דער וואָליטשקע איז געקומען. ער וויל שוין ווידער רײַסן די פּרײַזן. אין גאַרוואָלין שטרײַקן צוויי הונדערט שטרײַקערינס. מאָרגן וואַרף איך די אַרבעט.

— און ווען האָט עטץ איבערגעלאָזט מיטן אַגענט אין שטוב. מ׳עט דאָך אונדז בדלות שטעלן...

צוועטל הייבט מיט די אַקסלען:

— האָרשל זיצט דאָרטן. כ׳ווייס, ער דרייט זיך פּאַפּיראָסן. אין אויג, הערש לוסטיקס, לאַכט; דאָס אַנדערע איז פֿאַרמרוזשעט.

— אַזוי גאָר, צוועטל? מ׳רײַסט־אָפּ די טירן. חתנים קומען, חתנים גייען. שטייסטו דאָך ווידער גוט, שׂרה־גיטל.

— מײַנע שׂונאים זאָלן בעסער נישט שטיין.

---

[143] אײַזערנע רעדלעך, שטערצלעך, אויפֿן אויוון, צו שטעלן טעפּלעך.

צוועטל פֿאַרקרימט זיך.

— טאָמער ווייסט עטץ: האַרשל אַ חתן! אַז ער קומט, איז ער דאָ, כ'וועל דאָך אים נישט אַרויסוואַרפֿן. פֿעטער — מאַכט זי מיט אַ זויערע מינע — ער איז אַ געלער.

שׂרה־גיטל צינדט זיך שוין ווידער אָן:

— איז וואָס, אַז אַ געלער? בײַ בערטשיקן וועט דיר ווערן ברוין־און־בלוי אונטער די אויגן. יענער איז אַ פֿאַרדינער, האָט קיין טאַטן, האָט קיין מאַמען.

צוועטל הייבט מיט די אַקסלען:

— און לאָמיך שוין געמאַך מיט זײַנע פֿאַרדינסטן. מומע, ראַצע, וואָס פרעגלסטו דאָרטן? ראַצוכעס האָב איך ליב.

שׂרה־גיטל לאָזט זיך גיין צו דער טיר. אויף דער שלאָפֿבאַנק זיצט פעסעלע, זי פֿאַרגייט זיך אין לאַכן פֿון דעם, וואָס דער פֿעטער האָט איר אַרײַנגערוימט. צוועטל העלפֿט דער מומען איבערדרייען די לאַטקעס אויף דער פאַטעלניע. זי טופּעט מיט די פֿיס און ברומט אַ לידל:

די מאַמע איז געגאַנגען אין גאַס אַרײַן נאָך קוילן,
האָט זי מיר געבראַכט אַ יונגעלע פון פוילן.
אוי, איז דאָס אַ יונגעלע, אַ שיינס און אַ פײַנס,
מיר פאַר זײַנע אייגעלעך, קעצעלע מײַנס.

## 22 ווו איינער עס האָט די נערוון

אַ יונג פֿרעסטל גיסט־אָן דעם אויפֿגייענדיקן טאָג מיט פֿריש־קייט. אין ישׂראלטשע בלימעלעס הויף שײַנט־אַרײַן אַ געזונטע, ווינטערדיקע זון. פֿון די פֿענצטערלעך ווינקען־אַראָפּ קרוינען מיט די טײַערסטע איידלשטיינער. אָבער גרונם „מײַנע צרות" זעט דאָס אַלץ נישט, פֿילט נישט. חושים אַזעלכע, אָפּטעמעפּט. צו כאַשען, זײַן וויַב, די מיטן בלינדן אויג, קאָן מען קיין טענות נישט האָבן.

זי זעט אויף אַן אמת נישט. וואָרעם דאָס אַנדערע אויג איז איר אויך פֿאַרלאָפֿן מיט אַ נעפּל. ביי אַ ליאַדע עגמת־נפֿש נעמט עס וואַסערן. עס גיסט מיט טרערן, ווי פֿון אַ קוואַל. כאַשע מיטן בלינדן אויג, ווייסן אַלע, איז שוין אַ פֿאַרפֿאַלענע. אָבער גרונם איז נאָך אַ יונגער מענטש, וואָס האָט פֿון שטענדיק אָן צוויי. גרונם איז גרונם. אַ ייִנגליש פּנים. אַ מאָל דאַכט זיך, אַז דאָס פּנים לאַכט און אַ מאָל זעט עס אויס, ווי עס וואָלט געוויינט. וואָרעם עס זאָל זיך אַזוינס נישט טרעפֿן ווי עס פֿאַרלויפֿט זיך: גרונם, אַ טאַטע פֿון זעקס קינדער, האָט נישט קיין חתימת־זקן, קיין זכר נישט פֿון אַ באָרד.

ווי שלעכט ס׳איז כאַשען, האָט זי נאָך פֿון דעסט וועגן אַ קאָפּ אויף זיך. זי דעקט־אַרום די קינדער מיט די קישנס. לאָזט זיי ליגן ביז מיטאָג אין בעט. אי ס׳איז וואַרעם, אי ס׳פֿאַרגייט זיי דער הונגער. אָבער גרונם, ווי ס׳זאָל נישט זײַן, אַ מאַנסביל, זאָל ליגן ביז צען אַ זייגער אויסגעצויגן אויפֿן געלעגער, דאָס פֿאַרשטייט נישט כאַשע, שטעלט זי זיך אַוועק אים צוקאָפּנס, וויל נישט אָפּ־טרעטן און די צרות ריידן פֿון איר אַרויס:

— גרונם, וואָס ליגסטו? גרונם, וואָס גענעצסט דו? מענטשן פּאָרען זיך. דער אַרײַן און דער אַרויס. מען האַנדלט, מען וואַנדלט. און דו, גרונם? גאָלדענער שפּײַזער מײַנער! אַ שטוב מיט זיבן אירע[144]. מיך אַליין רעכן איך שוין נישט. אָבער פֿאַר די עופֿעלעך, גרונם, פֿאַר די עופֿעלעך...

גרונם שפּילט זיך מיטן ייִנגסטן קינד, הדסלען. דעקט־אָפּ די קאָלדרע, גלעט אירע קרומע פֿיסלעך און גיט זי אַ הייב אין דער לופֿטן. די קליינע קאָרטשעט זיך פֿאַר קעלט און באַהאַלט זיך אויפֿן טאַטנס ברוסט. גרונם לייגט זי צוריק אַוועק. פֿאַרדרייט אַ פּאַפּיראָסל פֿון היימישע טיטון־בלעטער. דער רויך דראַפּעט כאַשען אין דעם

---

[144] נפֿשות, מענטשן, פּערזאָן.

געזונטן אויג. עס הייבט אָן צו וואַסערן, ווי עמעצער וואָלט מיט אַ מאָל עפֿענען די שלויזן [145] פֿון אַ געהאַמעוועטן טײַך. זלאַטקע, מיט פֿאַרפּלאָנטערטע, פֿאַרפֿעדערטע צעפּלעך, זיצט אויפֿן ראַנד פֿון געלעגער, אַ נישט־אויסגעשלאָפֿענע און קוקט־אַרויס דורך די פֿאַר־פֿרוירענע שײַבלעך אויפֿן הייפֿל. אויף איר טונקל מיידלש פּנים טאַנצט־אַרום אַ שמייכל.

— מאַמע, מאַמע. זע נאָר, וואָס פֿאַר אַ זון ס׳איז הײַנט.

כאַשע פֿינטלט מיטביידע קראַנקע אויגן:

— אַ זון מיט אַ רעגן. עס וואַקסן אין שטוב די מיידן. גרונם, גרונם, אפֿשר שוין גענוג געכאָליעט [146]?

גרונם קריכט־אַראָפּ פֿון געלעגער. ער שטייט אין דער נאַכט־וועש אַ צעטראָגענער, מיט אַ גערונצלטער הויט און ציטערט ווי אַ פֿיש.

— כ׳ווייס נישט, כאַשע, וואָס דו רײַסט מיך אויף פֿון שלאָף. די געשעפֿטן מײַנע וועלן מיר נישט אַנטלויפֿן.

אָבער די יאָרן אַנטלויפֿן, גרונם. די קינדער וואַקסן־אונטער. נעם דיך צו עפּעס, גרונם. זע אַ תּכלית. חנא בעקער האָט מיר אָפּ־געזאָגט די ברייטלעך. מען מוז דאָך אַרײַנגיין אין יענעמס „פּאָלאָ־זשעניע" [147] אויך. ווי לאַנג איז דער שיעור צו געבן אויף באָרג? כ׳האָב מיר שוין אויסגעאַרבעט בײַ דיר, גרונם. ווי איינער איז ווערט, אַזוי ליגט ער אין דר׳ערד...

גרונם ציפּט זיך אין פֿאַרלעגנהייט די נאַקעטע גאָמבע:

— וואָס קאָן מען אויפֿטאָן, כאַשע, מיט ליידיקע הענט? ווען דער שווער גיט מיר אין האַנט אַרײַן אַ פּאָר הונדערט גילדן...

כאַשע גיט זיך אַ ריס פֿון אָרט. ביידע אויגן ווערן רויט ווי פֿײַער:

— נאָר געלט גיט׳ס אים. האָסט ווינציק גדנען גענומען? פֿאַר־קירצסט דעם טאַטן די יאָרן. ער איז אַן אַלטער מאַן. איין טאַטע,

---

[145] ווענט צו פֿאַרהאַלטן דאָס וואַסער פֿון טײַך. — [146] זיך געמאַכט פֿאַר אַ קראַנקע. — [147] לאַגע, סיטואַציע.

מישטיינס געזאָגט... כ׳האָב דאָך נישט מער. געלט, געלט... אַ קונץ מיט געלט. טו עפּעס אויף אַן געלט!

גרונם טוט זיך אָן. די שוואַרצע, צעדריוולטע קאַפּאָטע איז ענג, און גרונם קאָן נישט אַרײַנטרעפֿן מיט דער האַנט אין אַרבל. ער דרייט זיך אַזוי אַ לענגערע ווײַלע אַרום דער קאַפּאָטע, ווי אַ קאַץ אַרום דעם עק.

— ווען כ׳האָב אַ דרײַ הונדערט גילדן, עפֿן איך מיר אַ שפּײַז־געוועלבל.

— אַ געוועלבל, אַ געוועלבל... — שאָקלט כאַשע מיטן קאָפּ — האָסט שוין געהאַט געוועלבלעך. ביסט דאָך נאָך שולדיק שטײַערן פֿאַרן דרײַ און דרײַסיקסטן יאָר.

— איז אַ שטעל מיט בלוי געפֿעס אין מאַרק. כ׳וואָלט געפֿאָרן איבער די יאַרידן.

כאַשע פֿאַרברעכט די הענט.

— מיט בלוי געפֿעס וועט ער מיר האַנדלען אין מאַרק. צעליי־גער מײַנער! און טאָמער מאַכט זיך אַ גראַטשקע און מען דאַרף פֿון יאַריד אַנטלויפֿן... דו ביסט דאָך נאָך געבריכט [148] פֿון פּריזיוו אָן.

גרונמס גלאַטיק, אָנהאַריק פּנים ווערט צונטער רויט.

— דעם פֿעלער מײַנעם זאָלסטו מיך נישט דערמאָנען. דו הערסט, כאַשע? בלינדער האָקן!

כאַשע קלאַפּט זיך מיט דער פֿויסט איבער דער אײַנגעמעליק־טער בליוזקע. איבער דער שטוב גייט זיך פֿונאַנדער אַ שטויב, וואָס טריקנט אין האַלדז.

— איך בין בלינד? בלינד בין איך? און ווער האָט מיך בלינד געמאַכט, אויב נישט דו?

זי כליפּעט מיט אַ דערשטיקטן געוויין.

— אַ משפּחה אַזאַ. אַלע זײַנען מיר קראַנקע מענטשן. גיטל אין אַמעריקע האָט די נערוון אין האַרץ. גרינע אין סאָרטשעוו האָט

---

[148] געקראָגן אַ קילע.

די נערוון אין די פֿיס און כאַשע האָט די נערוון אין די אויגן. קיינער קלײַבט זיך נישט אויס. ס'איז אַ באַשערטע זאַך...

גרונם „מײַנע צרות" שמייכלט אַ צופֿרידענער.

— זאָג איך דאָך טאַקע דאָס אייגענע, אַז עטץ זענט אַ קראַנקע משפּחה. צײַט כ'האָב דיך דערקענט גייט עס מיר מיט דער פּוטער אַראָפּ. בחורווײַז בין איך געווען אַן אויפֿטוער, אַן אײַנרײַסער, שטענדיק געהאַט זילבערגעלט אין קעשענע...

די קינדער רײַסן זיך אַרום צוליב אַ פֿאַרטריקנטן בלומענקער. די קליינע האָדעסל רוקט זיך איבערן דיל און שטאַמלט:

— פּעטשע־מעטשע, מעטשע־פּעטשע.

אַלע מישן זיך אויס אין איין קנויל. מען זעט נישט מער, ווי קויטיקע העמדלעך. גרונם נעמט־אַראָפּ דעם גאַרטל צו שלמהלען, מיט איין האַנט האַלט ער צו די הויזן, מיט דער אַנדערער שלאָגט ער דעם זון. כאַשע לויפֿט־צו צום מאַן, קלאַפּט אים בלינדערהייט מיט די פֿויסטן אין די פּלייצעס.

— מערדער, אַנטיסעמיט, וואָס ווילסטו האָבן פֿון ייִנגלטשינע? וויפֿל ייִנגלעך האָב איך דאָס אין גאַנצן? איין אויג אין קאָפּ. גרונם, די הענט זאָלן דיר אָפּגעדאַרט ווערן, ג־ר־ו־נ־ם כ'וועל מאַכן אַ גוואַלד, אַז מענטשן וועלן זיך צונויפֿקומען.

שלמהלע, מיט אַ צעקרעלט פּנים, רײַסט זיך אַרויס פֿון פֿאָטערס נעגל, קוקט מיט ווילד אויסגעבאַלושעטע[149] אויגן אַרום זיך, ווי ער וואָלט עפּעס זוכן.

— טאַטע, סמאַטע... — קריצט ער מיט די ציין, לויפֿט־צו צו דער קאָמאָדע, וואַרפֿט־אַראָפּ דאָס נאַפּטלעמפּל אויף דר'ערד, שטעקט־אַרויס אויפֿן פֿאָטער אַ לאַנגע רויטע צונג און מיט צוויי שפּרײַזן איז ער אין דרויסן אויפֿן פֿראָסט.

כאַשע זעצט זיך אַוועק נעבן דער קיך שיילן קאַרטאָפֿל. די פֿינגער אירע ציטערן. זי באַטאַפּט דעם שאָלעכץ פֿון די קאַרטאָפֿל,

---

[149] אַרויסגעשפּאַרטע, אויסגעשטאַרצטע.

זוכט די „אייגעלעך“, שנײַדט זיי אויס מיטן קנײַפּערל[150]. זי רעדט צו זיך אַליין:

— אַ דאָלמאַן געהאַט צו דער חתונה, אַ פּליושענעם זשאַקעט... גאָלדענע פּינגערלעך... כּלי־זמרים האָבן געשפּילט...

גרונם גייט־צו צו דער קיך, לייגט־אַרויף די האַנט אויפֿן שטערצל פֿון קאַלטן טשײַניק. דאָס יינגלישע פּנים פֿאַרקרימט זיך.

— כאַטש אַ ביסל געקאָכט וואַסער. אַ שליק[151] טיי.

כאַשע רעדט־אַרײַן אין טעפּל קאַרטאָפֿל.

— טיי, טיי. טיי גיט׳ס אים. אַנדערש נישט געוווינט. ס׳איז מיר אַזוי אויך זיס אָן טיי.

— דײַן מזל אַזוי, כאַשע. וואָס האָסטו צו מיר?

— מײַן מזל? ס׳איז דײַן מזל. אין דײַן זכות לעב איך דאָך, קידוש־מאַכער מײַנער!

אירע אויגן נעמען ווידער וואַסערן. שטיקער נאַקעט לײַב זעען זיך אַרויס פֿון כאַשעס בליוזקע. גרונם דערמאָנט זיך, אַז צו דער חתונה האָט כאַשע פּאָרט אַנדערש אויסגעזען. דאָס לײַב אירס איז געווען ווײַס און זי האָט געזען אויף ביידע אויגן. וויל ער איר זאָגן עפּעס אַ גוט וואָרט, איז אים אָבער טרוקן אין גומען... ער הערט נישט זײַן אייגן קול. שטעלט ער אויף דעם קאָלנער ביז צו די אויערן, גיט אַ קוש די מזוזה און גייט־אַרויס.

## 23 גרונם האַנדלט מיט האָניק

ער גייט אין הייפּל, ווו עס וווינען די סאַדאָווניקעס, זיך אַן עצה האַלטן מיט הערש לוסטיקן. אין שטיבל בײַ לוסטיקן איז געמיטלעך. דער טאָרף קנאַקט פֿריילעך אַראָפּ פֿון קיכל און דער קאַנאַריק אין שטײַגל איבערן פֿענצטער צוויטשערט־צו. הערש זיצט אין שפּענצער בײַ דער ניימאַשין און שטעפּט הויזן. ראַצע גייט־צו

[510] אַ מעסערל מיט אַ שפּרינגפעדער. — [151] שלונג.

די קנעפּלעך גיך, גיך. וואָרעם אויף די מערק איז שטילער געוואָרן. דער יאַריד פֿון הייליקן מאַרטשין דערגנענטערט זיך און עס פֿעלט־אויס גרייטוואַרג [152]. הערש מיט די פֿאַרקאַטשעטע אַרבל וואַרפֿט־אַרויס איין פּאָר הויזן נאָך דער אַנדערער. ער ברומט אַ ניגונדל:

בין איך מיר אַ חסידל,
אַ לוסטיקע בריאה.
בין איך מיר אַ חסידל אָן אַ תנועה,
בין איך מיר אַ חסידל, אַ לײַבסערדאַק,
און איך טאַנץ מיר אַ האָפּטשיקטשאַק.

די טיר רוט נישט. מענטשן דרייען זיך אַרײַן און אַרויס. דאָ קלאַפּט די מאַשין און דאָ רעדט מען אין אים אַרײַן. ער האָט שוין באַלד אַ וואַסער אויף די געהירן. שׂרה־גיטל אין טערקישן שאַל שטייט און מאָנט יושר. איר דראָבנע געל פּנים איז פֿאַר דער צײַט נאָך מער אײַנגעשרומפּן געוואָרן. די האַרטע, בייניקע גאָמבע — שפּיציקער. וואָלף איז איר די נאַכט ווידער געקומען צו חלום. שטייט זי אַזוי מיט אַן אַנגעלענטער גאָמבע אויף דער מאַשין.

— הערש, כ׳האָב דאָך נישט קיינעם אַחוץ דיך, אָן איין און איינציקן שוואָגער. זאָג, לויף, טו עפּעס. זי באַשטייט שוין. צוועטל. זי זעט דאָך, אַז זי איז אַרײַנגעפֿאַלן מיט בערטשיקן, האַרשל גייט־אויס פֿאַר אירע טריט. כ׳דאַרף האָבן, הערש, אויף אַ ניימאַשין, אויף אַ קוואַרטל דירה־געלט, אויף אַ פּאָר בעטן. שאַפֿט מען זיך דאָס אַלץ, ברעכט מען טעלער און מען פֿאַרדעקט דעם מויד דעם קאָפּ. פֿון וואַרטן, הערש, וועט קיין גוטס נישט אַרויסקומען. גלייב מיר, שוואָגער־לעב, אַז מ׳קאָן שוין מער נישט וואַרטן...

הערש הייבט־אויף דעם קאָפּ פֿון דער מאַשין.

— און בערטשיק וועט פֿאַרשווײַגן אַזאַ זאַך?

שׂרה־גיטלס שפּיציקע גאָמבע ווערט נאָך שפּיציקער.

— כ׳זאָל נישט האָבן געזינדיקט מיט די רייד: ער האָט שוין,

---

[152] צוגעגרייטע סחורה (צום נייען).

בערטשיק, אַראָפּגענומען די סמעטענע. וואָס דאַרף ער מער? דו וואָלטסט זיך געריכט אויף דעם, הערש? וואָלפּס טאָכטער, האַ?...

די מאַשין שטעלט זיך אָפּ, ווי פֿון זיך אַליין. הערש בלײַבט זיצן, אַ געליימטער. זײַן טויבלעך קול קומט־אַרויס ווי פֿון אַ ליידיק פֿאַס.

— ווער ס׳האָט אַראָפּגענומען די סמעטענע, דער זאָל אויפֿעסן די זויערמילך. זאָל זי חתונה האָבן מיט בערטשיקן! אַזוי פֿירט זיך בײַ אונדז ייִדן.

שׂרה־גיטלס פּנים צעציט זיך אין אַ גרימאַסע.

— דאָס איז דאָך די צרה, הערש. ער שלעפּט־אָפּ, בערטשיק. און דאָ קאָן מען מער נישט וואַרטן. טאָמער מאַך איך מיט אים אַ רייד, ענטפֿערט ער מיר באַלד:

— דרײַ מיט זעכצן אַ בילעט. זאָל זי פֿאָרן קיין וואַרשע.

איצט איז ער אין גאַנצן פֿאַרכאַפּט געוואָרן. מ׳ווייסט גאָר נישט, ווו זײַן געביין איז אַהינגעקומען. רעדט, וואָס מען דאַרף נישט. ווידער, אַ פּראָצעס? געזאָגט „אַזוי און אַזוי״...

גרונם „מײַנע צרות״ רוקט זיך אַרײַן מיט אַ טרוקן הוסטל. עס ווייעט אים נאָך אַ שטיק פּראָסט. הערש דרייט זיך אויס מיט דער פּלייצע צו דער מאַשין.

— אַ גוט־מאָרגן, גרונם. ווי אַזוי ווינט זיך עס עפּעס אין דער נײַער דירה בײַם שווער?

גרונם שטייט בײַם צעגליטן קיכל און וואַרעמט זיך די הענט איבערן פּלאַם.

אַ דאַנק פֿאַרן פֿרעגן, ר׳ הערש. ס׳ווינט זיך מיר גאַנץ גוט. אַחוץ פּרנסה פֿעלט מיר גאָר נישט.

— אײַ, פּרנסה, פּרנסה... — נעמט הערש לוסטיק די שפּאַקאָוואַטע באָרד אין דער האַנט אַרײַן — ייִדן זײַנען מאָדנע מענטשן. נאָר גיב זיי פּרנסה. אָן פּרנסה רירן זיי זיך נישט.

גרונמס נאַקעט פּנים שפּיגלט זיך אָפּ אין פּלאַם.

— איר פֿאַרשטייט, ר׳ הערש, ס׳איז נישטאָ צו וואָס זיך צו

נעמען. פּשוט נישטאָ. כ׳וואָלט שוין באַקומען די פּאָר הונדערט גילדן פֿון שווער. מײַן משפּחה וועט מיך אויך נישט לאָזן שטיין אין מיטן. אָבער צו וואָס נעמט מען זיך?... כ׳קלער צו מאַכן אַ קראָם מיט גאַלאַנטעריע. ווי מיינט איר, ר׳ הערש: ס׳האָט אַן אָנהאַלט גאַלאַנטעריע [153] ?

הערש קוועטשט מיט די פּלייצעס.

— כ׳רעד דיך נישט צו. וואָס איז הײַנט גאַלאַנטעריע? גאַל מיט מאַטעריע...

גרונם קראַצט זיך דאָס אָרט, וווּ ס׳האָט געדאַרפֿט זײַן, ווי בײַ אַלע ייִדן, אויך בײַ אים די לינקע פּאה.

— און אפֿשר אַ ווײַנהאַנדל? ס׳גייט צו פּסח. ווען כ׳קאָן ברענגען אַ ביסל ווײַן פֿון אונגערן...

הערש לוסטיק קוקט אויף שׂרה־גיטלען, אויף איר חושכדיק פּנים, און טראַכט אַלץ אין איינעם פֿון דעם, וואָס אַזוינס בערטשיק האָט געזאָגט אויפֿן יאַריד, אַז מ׳האָט אים ווידער געלאָזט זעצן אין דער פּלאָצקער תּפֿיסה. ער ענטפֿערט גרונמען פֿון אַ זײַט.

— וואָס טויג דיר, גרונם, אַ ווײַנהאַנדל? וואָס טויג דיר, גרונם, אונגאַרן? דעם אמת געזאָגט, איז פֿאַר דיר אַלץ איינס, צי אָן גאַרן [154] צי מיט גאַרן, אַז די שטעך צעקריכן זיך סײַ ווי...

אויף גרונמס פֿינצטער פּנים באַווײַזט זיך אַ שווינדזיכטיקער שמייכל.

— די וועלט, ר׳ הערש, איז מיר ענג. וואָס טוט מען פֿאָרט? זעקס אָפֿענע מײַלער. אַ ווײַב אַ קאַליקע. וואָלט זי כאָטש געטויגט. טויגן מיר ביידע נישט...

— אמת, אמת... — שאָקלט הערש מיטן קאָפּ — עטץ טויגט צו בריתן און צו בריתניטשעס. אָבער קינדער האָבן איז נישט קיין מלאכה, ס׳איז אַ חכמה. אַז דו וועסט דיר שוין, גרונם, עפֿענען אַ געוועלבל, איז עס שמינגע־דעגינגע [155], שטייט אויף הינערישע

---

[153] אַלע אַרטיקלען וואָס האָבן צו טאָן מיט נייגעצײַג. — [154] פּאָדעם. — [155] שמאָנצעס, קלייניקייטן, זאַכן וואָס האָבן קיין ווערט נישט.

פּיסלעך. דו זוך דיך אויס עפּעס אַזאַ פּרנסה, וואָס זאָל האָבן אַ קיום.

— דהיינו, ר׳ הערש? אַדרבה, וואָס אַזוינס אַ שטייגער לייגט איר מיר פֿאָר?

הערש רײַבט זיך דעם שטערן. עס בליצט עפּעס אויף אין זײַן געהירן. דאָס פּנים צעשטראַלט זיך.

— דער שוועור דײַנער האָט אַ הויף מיט אַ גאָרטן?

— אמת.

— עס וואַקסן בלומען אין ישׂראלטשע בלימעלעס גאָרטן?

— עס וואַקסן.

— בײַ מײַן זיידן ניסן קרעטשמער פֿון באָזשע־וואָליע זײַנען אין גאָרטן געשטאַנען בינשטאָקן. גאַנצע פֿעסער מעד געשיקט מיט דער ווײַסל קיין דאַנציק. שטעל־אויף, גרונם, אַ פּאָר בינשטאָקן בײַם שווער אין גאָרטן. גרייט דיר צו אויפֿן זומער. כ׳בין אַ סאַדאָווניק, גרונם, און קאָן זיך אויף די זאַכן. כ׳וועל דיר די ערשטע צייט צו־ווײַזן. דער דײַטש וויטבראָט וועט דיר געבן אַ פּאָר בינשטאָקן. בײַ אים וועל איך פּועלן.

גרונמס פּלאַטשיק מויל ציט זיך אויס אין אַ גרימאַסע.

— כע, כע, כע, ר׳ הערש. ווי פֿאַלט אײַך גאָר אײַן? צו וואָס טויג ייִדן האָניק? צו ראש־השנה איז נאָך ווײַט. און דאָ דאַרפֿן מײַנע לײַט שוין מאַכן אַ המוציא.

— איך האַלט זיך בײַ מײַן דעה, גרונם. אויב דו זוכסט אַ תּכלית, עפּעס אַזוינס, וואָס קיינער זאָל דיר נישט קאָנען זאָגן: טו עס נישט... טאָ נעם דיך צו האָניק. האָב נישט מורא, גרונם: ייִדן זײַנען נאַשערס. מ׳עט לאָזן אויסרופֿן אין שול, אַז מען זאָל עסן האָניק. ס׳איז אַזוי ביטער, טאָ זאָל כאָטש זײַן אַ ביסל זיס. גיי אַהיים און לייג זיך איבער מיט דײַן ווײַב. זי וועט באַשטיין, כאַשע. פֿאַר וואָס זאָל זי נישט באַשטיין?

גרונמען פֿאַרשמעקט דער ריח פֿון האָניק אויפֿן ניכטערן מאָגן. ער פֿילט די זיסקייט אין גומען און זוכט פֿאַרשיידענע תּחבולות, ווי אַזוי די זאַך איבערצורייזן מיטן שווער. ער וועט זאָגן צו דער

משפּחה: ביז אַצינד האָט איר געגעבן געלט אָן צוועק, איצט גיט׳ס געלט אויף האַניק. ער פֿאַלט־צו צו הערשן, כאַפּט אים אָן פֿאַר דער האַנט.

— אַ יישר־כּוח, ר׳ הערש, אַ יישר־כּוח!

— מוחל, מוחל! — רײַסט זיך הערש אַרויס פֿון זײַנע אָרעמס

— וועסט מיר שפּעטער דאַנקען, וועסט מיך מכבד זײַן מיט האַניק. גיי אַהיים און טו, וואָס כ׳האָב דיר געהייסן.

## 24 צוועטל

צווישן אַ יאָ און אַ ניין איז צוועטל געוואָרן האַרשל קאַמאַשן־מאַכערס ווײַב. קיינער ווייסט נישט, ווי אַזוי דאָס איז געשען. צוועטל אַליין אויך נישט. אין וועמען געראָט צוועטל אַרײַן? אַ הויכע, מיט אַ שמאָלער טאַליע, האָר גאָלדקאָליר, טונקעלע מאַנדל־אויגן, שוואַרצע ברעמען און אַ לײַכט גענגל. צוועטלס זיידע, וואָלפֿס טאַטע, האָט געהאַנדלט מיט וואַלד און געהאַט צו טאָן מיטן פּירשט. ער האָט געהאַט שיינע טעכטער, צוועטלס זיידע. זיי אַלע האָבן אים צוגעהאַלפֿן אין מסחר, רופֿט מען די גאַנצע משפּחה קשאָנזשעס[156] אייניקלעך... ווען צוועטל גייט דורך דעם סמאָלינער מאַרק מיט אַ פּעקל סוועטערס, קוקט מען איר נאָך פֿון אַלע זײַטן.

— די שיינע שטריקערין.

אַז זי שמועסט זיך אָפּ מיט עמעצן, איז צו דער רגע און צו דער מינוט. זי פֿאַרענטפֿערט זיך. פֿאַרציט דאָס שמאָלע מײַלעכל אין אַ זיס געלעכטער.

— כ׳קאָן נישט יענעם לאָזן שטיין, ווען כ׳וויס, אַז מ׳וואַרט אויף מיר.

זי פֿאַרגינט אַלעמען, צוועטל, און באַהאַלט גאָר נישט אויס

---

[156] פּירשטן.

פֿאַר זיך... אַ קוש, אַ גלעט. זאָלן יונגע מענטשן הנאה האָבן. און וואָס שײַך װײַטער און עפּעס מער, איז דאָ בערטשיק, בערטשיק שמאַטע. ווי קומט בערטשיק מיט די שוואַרצע, ווויל יונגערישע וואָנסעלעך און עגבערנדיקע אייגעלעך צו צוועטלען? דאָס ווייסט זי, צוועטל, אַליין נישט. זי ווייס נאָר, אַז ער האָט זי „גענומען"[157] פֿון דער ערשטער מינוט אָן. ווען דער טאַטע אירער איז נאָך קראַנק געווען, אַנשטאָט אָפּצוהיטן אים מיט רפֿואות, איז זי געלאָפֿן צו בערטשיקן, געלייענט אים טשיקאַווע שטיקעלעך פֿון די צײַטונגען, אַ ראָמאַן פֿון דער „בעטלער־גרעפֿין" און דעם „גלחס זינד". צוועטל ווייס, אַז בערטשיק פּאָזוואָליעט[158] זיך צו פֿיל מיט אַנדערע. פֿון דעסט וועגן איז זי אים געטרײַ. אַזוי וויל זי. איז דאָך פֿון איר זײַט איידל און פֿײַן. קומט גאָר בערטשיקן צוצוצאָלן. יעדן שבת־צו־נאַכטס, נאָכן שפּאַציר הינטערן מיל, קומט זי אַהיים מיט בלויע צייכנס אונטער די אויגן. צוועטל ווייס שוין, אַז בערטשיק וועט מיט איר קיין מאָל נישט חתונה האָבן.

— יאַך וויל זײַן אַ פֿרײַער מענטש און דו אַליין, צוועטל, וואָס טויג דיר צו פֿאַרדרייען זיך דעם קאָפּ מיט חופּה־וקידושין און קלעזמאָרים, אַז דו האָסט אַלץ, וואָס דו דאַרפֿסט?... — זאָגט בערטשיק האַלטנדיק ביידע הענט אין די קעשענעס פֿון די זאַמשענע הויזן און פֿאַרמרוזשעט שטיפֿעריש מיטן לינקן אויג.

צוועטל ענטפֿערט נישט, ווײַל זי וויל נישט בערטשיקן אָקעגן האַלטן. אָבער טיף אין איר גליט נאָך אַ פֿונק האָפֿענונג, אַז בערטשיק וועט זיך „אָסטאַטקעווען"[159] און פֿאַרבענקען נאָך אַן אייגענער שטוב.

שׂרה־גיטל די מאַמע, האַלט איר פֿאָר:

— צוועטל, פֿון דעם קאָרן וועט קיין ברויט ניט זײַן. דער יונג פֿאַרדרייט דיר אומזיסט און אומנישט דעם קאָפּ. בערטשיק וועט נאָך שלעסער האַקן.

---

[157] געפֿאַנגען, געפעלן געוואָרן. — [158] פֿאַרגינט זיך. — [159] ווערן אַ לײַט.

און דער פּעטער הערש פון זיין זייט:

— זאָל זיין בערטשיק. אָבער ווי לאַנג איז דער שיעור צו וואַרטן? אַ יאָר זאָל עס דויערן, אַ סוף זאָל עס נעמען. פון בלויזן גיין וועט דאָך גאָר נישט זיין.

— גיט צוועטל אַ שטיפּערישן לאַך דעם פּעטער הערש אין פּנים אַריין:

— באַלד מוז דען עפּעס זיין?

— אַ שיינער באַלד. דער באַלד איז שוין באַלד צוויי יאָר און מען זעט נישט קיין עק.

ציטערט דאָס שמאָלע אַלמנהשע טשיפּיקל ביי שׂרה־גיטלען.

לויפּט־אָפּ אַ שטיקל צייט און עס קומט־אונטער האַרשל קאַ־מאַשן־מאַכער. אין אָנהייב דערשרעקט זיך צוועטל. אַ געלער גאָר! אין פּוס אַ קירצערער און שווער אויף דער צונג. אַ נישט דרייס־טער און שעמעוודיקער. ווייס נישט ווי אַזוי זיך אומצוגיין מיט אַ מיידל.

— מיין „פשיאַטשעל”, נעם אים גוט אויף! — האָט בערטשיק געזאָגט האַלב באַפּעלעריש, האַלט גוטברודעריש, ווען ער האָט אים געבראַכט אין שטוב אַריין.

שׂרה־גיטל איז צוגעפּאַלן, ווי צו אַ הייס געבראָטנס:

— אַ שטילער בחור, אַ פּאַרדינער, נישט קיין אויסברענגער און אַ יתום דערצו.

וואַרפּט צוועטל מיטן בלאָנדן קאָפּ.

— וואָס בין איך שולדיק, אַז ער איז אַ יתום? אַז איך קאָן אים סיי ווי סיי קיין מאַמע ניט זיין.

— נישט קיין מאַמע, צוועטל, נאָר אַ ווייב. אַ ווייב אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטן. וואָרעם דו מיט בערטשיקן.. זאָל מען מיך ניט שטראָפן פאַר די רייד... צי מיך בעסער נישט, טאָכטער, פאַר דער צונג.

דערנאָך איז געווען דאָס קנס־מאָל און באַלד דערויף די חופּה.

אָבער צו מאָרגנס נאָך דער חתונה האָט האַרשל געגומען בורטשען, לאָזט צוועטל אַראָפּ די אויגן פֿאַרשעמט.

— האָסט דאָך געוווּסט, אַז איך גיי מיט בערטשיקן.

האַרשל איז ווילד. דאָס גאַנצע פּנים זײַנס איז רויט ווי קופּער. ער קריצט מיט די ציין און טרייסלט מיטן צעשויבערטן קאָפּ האָר.

— מ׳וועט שוין וויסן, מ׳וועט שוין וויסן.

ווערט צוועטל בייז.

— וועט מען וויסן. כ׳האָב זיך נישט געבעטן בײַ דיר.

האַרשל כאַפּט אַ פּאָר כאַליעוועס, גיט זיי אַ טרייסל אין דער ערד און צעטרעט מיט די פֿיס. זעט דאָס צוועטל, נעמט זי דעם קויש מיטן אויסשטײַער און גייט אַהיים צו דער מאַמע אין אַלמנהשן שטיבל און ברעכט־אויס אין אַ געוויין.

— אַזוי ווי דו האָסט געוואָלט, מאַמע, אַזוי האָסטו. לעבעדי־קערהייט מיך באַגראָבן.

לויפֿן־אָפּ וואָכן. צוועטלס בעט שטייט אין דעם פֿאַרפֿאָלקישן שטיבל צוגעבעט. די פֿאָטאָגראַפֿיע אירע, ווי זי איז אָנגעטאָן אין וועלאָן [160], קוקט־אַראָפּ פֿון דער קאָמאָדע מיט מאָנענדיקע אויגן. פֿאַרכאַפּט עס האַרשלען אונטערן האַרץ. זעען די שכנים, ווי די ווירטשאַפֿט שטייט פֿאַרלאָזן, און האַרשל גייט־אײַן ווי אַ שאָטן, שיקן זיי נאָך לוסטיקן, ער זאָל זען צו מאַכן שלום. קומט הערש לוסטיק צו גיין, מעסט־אָפּ האַרשלען מיט אַ פּאָר עגבערנדיקע בליקן און זאָגט אים אַרײַן גוטברודעריש:

—פּראָוועסט יינגלשע שטיק, האַרשל. וואָס געווען, איז געווען, קאַליע מאַכן זיך דעם הײַנט צוליבן נעכטן טאָר מען נישט... וואָלטסטו זי נישט ליב געהאַט, צוועטלען, איז אַן אַנדערע זאַך. איז דאָ בײַ יידן אַן עצה. אָבער דו, האַרשל, האָסט דאָך זי יאָ ליב. דאָס גאַנצע גערודער איז, ווײַל דו האָסט זי ליב. ס׳וועט דיר אַרי־בערגיין, האַרשל, ס׳וועט דיר אַריבערגיין...

דרייט זיך האַרשל אויס צו דער פּאָליצע לעדער און גיסט

[160] שלייער, גאַנץ־צודעק איבערן פּנים (צו דער חופּה).

מיט מענערישע טרערן ווי אַ ביבער. זעט הערש לוסטיק, אַז ער איז אויף אַ דרך, נעמט ער אָן האַרשלען פֿאַר דער האַנט, פֿירט אים אַריין צו שׂרה־גיטלען און הייסט אַוועקשטעלן אַ פֿלעשל בראָנפֿן מיט אייער־קיכלעך.

## 25 כאַשע מיטן בלינדן אויג וויל אָפּענע טירן

ווען ס׳איז שטיל ביי כאַשען, ווייסן די שכנים, אַז גרונם „מיינע צרות" איז אַוועקגעפֿאָרן. עפֿנט מען דעמאָלט די פֿענצטער און מען לופֿטערט־אויס די שטובן. כאַשעס לייב איז אויסגערוט. זי שלאָפֿט ווי אַ שׂררה, מיט האָדעסלען אין איין בעט. די איבעריקע פֿיר מיידלעך פּאַקט זי אַריין אין גרונמס בעט, און פֿאַר שלמהלען מאַכט זי אַ געלעגער אויף דעם דיל. כאַשע וואָלט קיין מאָל נישט גע־גלייבט, אַז ס׳קאָן אַזוי גוט זיין אָן אַ מאַן. עס וואָלט געווען נאָך בעסער, ווען נישט שלמהלע. ער לאָזט נישט קיין מענטש אויף די אויגן, רעדט אַקעגן דערוואַקסענע און האָט צו טאָן מיט דער גאַנצער שטאָט. דער סוף איז, אַז עס גייט־אויס צו כאַשעס קאָפּ. זי פֿאַר־לירט דאָס וואָכנגעלט ביי דער שוועסטער שבֿע. חנא בעקער וויל איר נישט געבן די זיצן  ברייטלעך אַ וואָך אויפֿן טאַטנס חשבון. שוויגט כאַשע. וואָרעם זי ווייס, אַז מענטשן זיינען שוין אַזוי. קוקן נאָר אויס, ווי אַזוי יענעם צו דריקן. מוסרן זי די שכנים.

— אַז מ׳האָט אַ מאַן אַ דר׳ערדליגער, טאָר מען נישט האָבן אַזאַ אָפֿן מויל. מען מוז מענטשן אָפּגעבן כּבֿוד. בייגן זיך מוז מען, כאַשע. בייגן זיך!

ווערט כאַשעס זעעוודיק אויג צוריק וואַסערדיק.

— כ׳בייג זיך גענוג. כ׳נעם מענטשנס גאָב. בעסער דאָס ביטע־רע פֿון גאָט איידער דאָס זיסע פֿון מענטש. דאָס שוועסטערל... אַז זי קאָן מיך אַ שטאָך געבן, טוט זי דאָס. אָפּגעשטעלט דאָס וואָכנ־

געלט. פֿאַר וואָס קומט עס מיר? כ׳בין דאָך מיט איר געלעגן אונטער איין לונגען־לעבער. זע, קדיש מײַנער, וואָס פֿאַר אַ פֿײַער דו האָסט אָנגעמאַכט?

נאָך דעם ווי גרונם מײַנע צרות איז אַוועק צו הערש לוסטיקן אין סאָד אַרײַן קיין צינצימין, אויסלערנען זיך בײַם דײַטש וויטבראָט די חכמה פֿון האָניק מאַכן, איז שלמהלע אַרײַן צו חנא בעקער און ראָצעריש, מיט אַ פֿאַרשפּיצט קוויטשיק קעלעכל, אַ זאָג געטאָן:

— ר׳ חנא, דער זיידע צאָלט אײַך געלט. מיר ווילן נישט קיין אַלט געבעקס. פֿריש ברויט זאָלט איר אונדז געבן. גאַנץ סמאָלין עסט פֿריש ברויט.

חנא בעקער האָט פּונקט געהאַט צונויפֿגעלייגט אַ גרויסן טיש פֿאַרדאַרטע זעמל פֿאַרן רבֿס וועגן אויפֿן חשבון פֿון עטאַט, וואָס ער איז שולדיק דער קהילה. דערהערט אַזעלכע רייד פֿון שלמהלען, ווערט חנאס ווײַס פֿאַרשלאָפֿן פּנים רויט ווי אַ גליאויוון. ער לייגט־צו די האַנט צום אויער, פּרוווט ווי מיט אַ קאַמערטאָן, צי ער האָט גוט געהערט.

— האַ? שייגאַץ, הולטײַ אײנער, וואָס האָסטו געזאָגט? ס׳פּאַסט דיר נישט צו עסן אַלט געבעקס. דעם רבֿ פּאַסט און ענק, שנאָרערס, פּאַסט נישט! דו הערסט, עלקע. גרונמס בן־יחיד וויל דווקא פֿריש געבעקס. כ׳האָב דען נישט געוווסט, אַז ס׳וועט אַזוי זײַן? אַזוי ווי זי האָט זיך אויסגעבעט, כאַשע, אַזוי שלאָפֿט זי.

דעמאָלט איז דאָס עלקע, חנא בעקערס ווײַב, אַרויפֿגעגאַנגען צו ישׂראלטשע בלימעלעס און צו דער אַלטער זיסל און אָנגעמאַכט אַ פֿײַער.

דאָס איז גראַטשקע נומער איינס.

צו מאָרגנס, דאָנערשטיק, איז שלמהלע אַרײַנגעגאַנגען צו דער מומע שבֿע נאָכן וואָכנגעלט. שבֿע האָט געהאַט אין געוועלב אַ שווערן קונה, האָט זי שלמהלען געלאָזט וואַרטן. וואַרט שלמהלע אַ שעה, וואַרט ער צוויי שעה. שיקט כאַשע אַלע ווײַלע אונטער אַן אַנדער קינד זען, וואָס עס דויערט אַזוי לאַנג. שלמהלע קאָן זיך

נישט הערוואַרטן. ער קריצט מיט די ציינדלעך. צום סוף שניידט שבֿע אָפּ פֿאַרן קונה די פּאָר אַרשין סחורה, פֿאַרשרייבט דעם חובֿ אין בוך, נעמט־אַרויס פֿון שופֿלאָד אַ צווייער־זלאָט און גיט אים מיט אַ זיפֿץ:

— נאַ, גיב דער מאַמען און זאָג איר, אַז פֿון היינט אָן וועל איך איר מער נישט קענען געבן ווי צוויי גילדן אַ וואָך.

גיט איר שלמהלע אַ שפּרונג אין פּנים אַרײַן.

— דו, מומע, לעבסט אויך פֿאַר צוויי זלאָטעס אַ וואָך?

שבֿעס הענט נעמען ציטערן. איר פּנים ווערט בלויז און בלוי.

— זאָג דער מאַמען, זי זאָל אַזוי אַרבעטן מיט די זײַטן, ווי איך אַרבעט מיט די קונים, וועט זי אויך האָבן.

ישׂראלטשע בלימעלעס איז פּונקט געהאַט אַהיימגעקומען פֿון בית־מדרש. אויף דער שוועל נאָך, קושנדיק די מזוזה, האָט ער פֿאַרגלייזט די פֿאַראָפּיעיִעטע אויגן און אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ.

— זיסל, כ׳בין פֿאַרביי.

די אַלטע זיסל האָט דעם מאַן אָקעגנגעהינקט אָנגעלענט אויף אַ שטעקעלע.

— וואָס איז דיר, ישׂראלטשע? אפֿשר אַ פּראָשעק[161] ? שוין ווידער די אַסטמע?

ישׂראלטשע האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אויף דער שטול.

— פּראָשקעס... פּראָשקעס... מוחל די פּראָשקעס. האָב נחת אויף די עלטערע יאָרן. שלמהלע האָט שוין ווידער אויסגעהאַקט אַ שויב אין בית־מדרש. דאָס האַרץ חלשט מיר, זיסל.

— אַוודאי, אַז מ׳וואַרט מיטן אָנבייסן ביז מיטאָג. ס׳איז דאָך שוין צוועלף אַ זייגער. דער אוניק, דער אוניק[162]... ער וועט אונדז נאָך אין קבֿר אַרײַנטרײַבן. ער האָט מיר אַ תּל געמאַכט פֿון געענדזן־שמאַלץ.

ישׂראלטשע פּאַטשט מיט די הענט.

---

[161] רפואה (אין מעלפּאַרעם). — [162] אייניקל.

— אײַ װײ, טאַטע זיסער. פֿאָטער אין הימל. אין אַזאַ צײַט, אין אַזאַ צײַט. װאָס, אויסגערונען דאָס יום־טובֿדיקע גענדזן־שמאַלץ?

— נישט אויסגערונען, נאָר פֿאַרשטונקען. ס'איז דאָך דײַן טאָכטער, ישׂראלטשע. נאָר ס'איז אַזוינס נישטאָ אויף דער װעלט. אַ „װיכאָװאַניע" [163] דאָס גיט די קינדער! נעמען אַ גופּגרטע קאַץ און אַרײַנװאַרפֿן אין שטוב... מיר זײַנען גוט באַקליידט, ישׂראלטשע... כ'האָב זעקס שלאַנגען איבער מײַן קאָפּ און כאַשע איז די זיבעטע שלאַנג.

ישׂראלטשע װאַשט זיך צום עסן. ער באַװײַזט נאָך נישט אײַנ־צוטונקען די האַרטע חלה אין זאַלץ, װי כאַשע גיט אַ קום־אַן און שטעלט זיך אַװעק אויף דער שװעל. ער דרייט זיך אויס צו דער טאָכטער. קרעקט זיך מיט דער חלה.

— האַ, כאַשע, נאָך װאָס ביסטו געקומען?

כאַשע טוט זיך אָן מיט כּוח:

— גלאַט אַזוי, טאַטע. כ'טאָר נישט קומען?

— פֿאַר װאָס נישט? זעץ דיך.

כאַשע שטייט אַלץ בײַ דער טיר אָנגעלענט מיטן עלנבויגן בײַ דער קלאַמקע.

— חנא בעקער װיל מיר נישט געבן קיין ברויט, טאַטע.

ישׂראלטשע טוט אַ זופּ קאַװע. ער רוקט־אָפּ דאָס זאַלצמעסטל. ער גרייט זיך מוסר זאָגן דער טאָכטער.

— איז דאָס אַ תּכלית אַזוי, טאָכטער? איך פֿרעג דיך. דער מאַן דײַנער האָט זיך גענומען די מחילה אין דער האַנט אַרײַן און אַװעק. אויף מיר, אויף מײַנע אַלטע ביינער, זאָל פֿאַלן דער עול. בין יעד בכּוח דיר צו געבן זיבן ברויטן אַ װאָך, האַ?

— זיסל מרוטשעט אונטער דער נאָז.

— פֿרישע ברייטלעך! אַנדערש באַשטייט מען נישט. פּוטער עסן. דאָס װאָלט נאָר געפּיטערט... געשמירט און געפּיטערט...

---

[163] דערציִונג.

כאַשע שטעלט אַ טריט ווײַטער.

— טאַטע, די וועלט איז מיר פֿינצטער. כ׳האָב פֿאַרלוירן די ליכטיקע שײַן. דאָס אַנדערע אויג איז מיר אויכעט קאַליע. גרונם זאָגט, אַז ס׳איז מײַן ביטער מזל אַזוי. האָדעסל זיצט צוזאַמען. זי איז אַלט פֿיר יאָר און שטעלט נאָך נישט קיין פֿיסל. גבֿריאל הייסט איר געבן יעדן טאָג מילך. זי האָט די ענגלישע קרענק. האַק־אויס, טאָטע, אַ פֿענצטער, מאַך מיר אַ שטיקל געוועלבל. אַן אָפֿענע טיר דאַרף איך. אַן אָפֿענע טיר אין גאַס אַרויס איז דאָך פֿאָרט אַנדערש...

ישׂראלטשעס פּנים איז פֿאַרכמורעט. ער נעמט קנעטן די באָרד.

— האַק פֿאַר זיי אַ פֿענצטער! אָפֿענע טירן גיט זיי! אָפֿענע טירן! האָסט שוין געהאַט אָפֿענע טירן. וואָס האָסטו אויפֿגעטאָן, האַ? וויפֿל נדנען איז דער שיעור צו געבן? ווייניק דעם טאַטן אויסגע־זויגן? כ׳האָב דיך חתונה געמאַכט, יאָ צי ניין? געגעבן דיר אַ מאַן. אויפֿגעשטעלט פֿאַר דײַנעט וועגן אַ שטוב אויפֿן הויף. האָסט זעקס קינדערלעך, זאָלן געזונט און שטאַרק זײַן. איצט ריכטסטו זיך מיטן זיבעטן. וואָס נאָך האָב איך געקאָנט טאָן פֿאַר דײַנעט וועגן?

כאַשע כליפּעט אויפֿן קול.

— טאַטע, די שײַן ווערט מיר צוגענומען פֿון מײַנע אויגן. דאָס גאַנצע לעבן, אַלע מײַנע יאָרן, האָסטו מיך געהאַלטן אין דער פֿרעמד. אויפֿגעכאָוועט זיך בײַ משפּחה. געוואַשן ווינדעלעך בײַ מומעס, אומעטום, ווו דו האָסט נאָר שוועסטערן. אַ דינסטמויד בין איך געווען, אַ קוכטשאָק, אַ קוטשעראַפּ[164]. נישט געווען קיינער ווער ס׳זאָל מיך עפּעס לערנען. נישט געלייענט און נישט געשריבן. שטענדיק געהאַלטן דעם בעזעם אין דער האַנט אָדער געשטאַנען בײַ דער באַליע און גרעט געוואַשן. דערנאָך האָסטו מיך חתונה גע־מאַכט. פֿון דער ערשטער מינוט אָן גייט עס מיר מיט דער פּוטער אַראָפּ. מיטן קאַשע־מילעכל איז אויס. די לעצטע קישנס וועל איך מוזן פֿאַרזעצן. איצט האָט ער זיך פֿאַרדרייט דעם קאָפּ מיט האָניק.

---

[164] (צוטעמעניש, זידלרייד) דינסט.

ישׂראלטשע קרעכצט.

— אוי, צער גידול בנים! דער נחת מײַנער אויף דער עלטער. דער איבערשטער וויל, אַז כ׳זאָל נאָך ציִען אַ ביסל די נשמה אויף דער עלטער. וואָס ווילסטו, טאָכטער, האָבן פֿון מײַנע געשענקטע יאָרן? גרונם מוז זיך צונויפֿשטעלן אַ מלמדות, אַז מען קאָן נישט אַריבער, מוז מען אַרונטער. פֿון דעם האָניק וועט גאָר נישט ווערן. לוסטיק האָט אים אומזיסט און אומנישט פֿאַרדרייט דעם קאָפּ. ייִדן ליגט נישט אין זינען קיין האָניק... אַ מלמדות זאָל ער זיך שאַפֿן. ער איז אַן אויסברענגער, דער מאַן דײַנער. רייכערט זיך פּאַפּיראָס־לעך, זינגט בני היכלא... גלײַכט זיך צו באַלעבאַטים...

כאַשע ווישט זיך די אויגן מיטן אַרבל. אירע טרערן זײַנען אַ לעבעדיקער קוואַל. זיי שעפּן זיך קיין מאָל נישט אויס.

— פֿאַר וואָס האָסטו מיר נישט געגעבן, טאַטע, אַ בעל־מלאכה פֿאַר אַ מאַן? וואָלט איך דעמאָלט פֿאַרשפּאָרט...

ישׂראלטשע פֿאַרברעכט מיט די הענט.

— זעסטו, טאָכטער, מיט דעם ביסטו יאָ גערעכט. דאָס איז מײַן שולד. דאָ בין איך דער חיבֿ. מ׳טאָר נישט רחמנות האָבן אויף קינדער. עס שטייט אַל תּחוס... און איך, נאַר, האָב דיר געוואָלט געבן אַ לײַטישן מאַן אַ לערנער... מען מוז זיך אָבער מאַכן אַ האַרץ פֿון אַ שטיין. חנא בעקער וועט דיר צוריקגעבן די זיבן ברייטלעך אַ וואָך. און וואָס ווײַטער? איז דאָס אַ תּכלית אַזוי? די קינדער וואַקסן־אונטער...

— אַ געוועלבלטשינע, טאַטע. אַ שטיקל געוועלבלטשינע... — כליפּעט כאַשע — אַן אָפֿענע טיר אין מאַרק אַרײַן. אַז עס גייט מיר נישט, לא עלינו, פֿון דער ערשטער מינוט אָן. האָט ער זיך געמאַכט, גרונם, אַ געשעפֿט, איז אים דאָס פֿערד געפּגרט; האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט אַ קאַשע־מילכל, האָט מען אָנגעהויבן ברענגען קאַשע פֿון דער פֿרעמד. האָט ער גענומען מאַרינירן אייער, זײַנען אייער געוואָרן בחצי חינם. איצט ווייס איך נישט, צי די בינען וועלן געבן האָניק.

— נו, זעסט שוין? — טריומפֿירט ישׂראלטשע — ס׳איז דײַן מזל אַזוי. וועסט האָבן יעדן טאָג אַ ברויט בײַ חנאן.

— יאָ, טאַטעשי, ס׳איז מײַן מזל. קיינעמס נישט, נאָר מײַן מזל. מײַן פֿינצטער מזל...

לאָזט זיך כאַשע גיין צו דער טיר אַ געטרייסטע...

## 26 הערש לוסטיק ווערט אַ בעל־ברית

ווידער זײַנען ספֿירה־טעג אין סמאָלין. ווידער שטייען סוחרים מיט ווײַבער און טעכטער אויף די שוועלן פֿון די געוועלבער, די אויגן קריכן זיי אַרויס אײדער זיי דערזעען אַ גוייִשן קונה. פֿון לײדי־קייט קוקט מען אַריבער צום הילצערנעם הײַזל אויף דער אַנדערער זײַט מאַרק, עפּעס רוהערט זיך דאָרטן מער ווי געוויינלעך. און נאָך אַ נײַס: אויפֿן טויער הענגט אַ שילד מיט אויסגעמאַלעוועטע כאָליע־וועס, וואָס האַרשל קאַמאַשן־מאַכער האָט אַרויסגעהאָנגען. דאָס הייפֿל איז באַוווינט פֿון סאַדאָווניקעס און דאָרפֿלויפֿערס, וואָס האָבן אויפֿגעהערט צו גיין איבער די דערפֿער. זיי דערנערן זיך מיט פֿאַראַיאָריקע קאַרטאָפֿל און שטשאַוובלעטער, וואָס וואַקסן ווילד בײַ די סמאָלינער פּאַרקאַנעס. ברעכן זיך מענטשן די קעפּ איבער דעם, וואָס דאָרטן האָט געקאָנט אַזוינס פּאַסירן. פֿון דעם טרעפֿעניש קומט גאָר נישט אַרויס. גרונם „מײַנע צרות”, וואָס לייגט אַלץ אויס צום שלעכטן, מיינט אַז דער „סקראַב”[165] מאַכט אַ רעוויזיע צי גאָר אַן עקזעקוציע. כאַשע, וואָס האָט ליב צו גיין אויף חתונות און לוויות, פּינטלט מיטן בלינדן אויג.

— צ׳הערט, מענטשן? די שעה זאָל נישט זײַן דערבײַ, ס׳איז עמעצער פֿון דער וועלט געגאַנגען.

---

[165] לײדיק־גייער, אַנלייגער.

הערט דאָס שמואל לויוויטשערס ווײַב, שבֿע די שניט־סוחרטע, קרימט זיך בײַ איר אויס דאָס זיסע מײַלעכל.

— זאָל איך זאָגן, אַז ס'איז אַ חתונה, ווינען אין הייפֿל בלויז יונגע פֿאַרפֿעלקער. אַ לוויה ווידער? איז צו שטיל. — זי רוקט פֿרום אַראָפּ דאָס רויטע טיכל איבער די האָר — און ווידער אַ רעוויזיע? איז טאַקע דאָ בײַ ווען צו נעמען. וואָס וועט מען בײַ זיי געפֿינען, בײַ די דאָרפֿלויפֿערס? אַכצן פּייעם[166] מיט אַ הילצער־נעם הויקער. די אַלטע טאַבאַק־פּושקע טראָגט הערש לוסטיק שטענ־דיק מיט זיך און מיט ראַצעס פֿלאַנעלענע הויזן, איז דאָך אויך דאָס אייגענע. נישט מער אַן עקזעקוציע. דאָס לייגט זיך יאָ אויפֿן שׂכל. עפּעס שטייט דאָרטן אַן אַלטע ניימאַשין, אַ קליאַק[167]. ס'האָט די ווערט אויף שמעלץ. נישט מער, הײַנטיקע צײַטן...

הערש לוסטיק, הויך און מאָגער, לויפֿט איבערן מאַרק מיט פּאָלעס, צעשפּרייט ווי די פֿליגלען פֿון אַ ווינטמיל. אין איין שטוב אַרײַן, פֿון דער אַנדערער אַרויס. ער לויפֿט נישט, נאָר טאַנצט־אונ־טער יינגליש, שטיפֿעריש. ניין, ס'איז קיינער נישט געשטאָרבן אויף הערש לוסטיקס הויף. אים אַליין, הערשן, איז שווער אָפּצושטעלן, וואָרעם ער אײַלט זיך, נישט נאָך זײַן שטייגער נאָך. אָבער לייזער קורניק, וואָס האָט צײַט איבער גענוג, מוז אַלץ דערגיין. כאַפּט ער אים אָן פֿאַר דער פּאָלע.

— ר' הערש, וואָס איז דאָס געאײַלעניש? מה יום מיומים?

הערש רײַסט זיך אַרויס פֿון לייזערס הענט:

— כ'האָב קיין צײַט נישט, מײַנע ליבע לײַט. כ'בין הײַנט אַ בעל־ברית.

כאַפּן זיך מענטשן פֿאַר די זײַטן און אין מאַרק ווערט אַ הילכיק געלעכטער.

— הערש לוסטיק אַ בעל־ברית?

— אין די יאָרן?

---

[166] (סימן דלות) מטבעלעך. — [167] אַ "טשוואָק", וואָס טויג צו גאָרנישט.

— ראַצע, די עקרה, האָט געבוירן אַ בן־זכר?

הערש לוסטיק קומט־אַרויס פֿון שולגעסל. נעבן אים גייט דעם אַלטן שטומען חיימס ווייב, ייטע, בערטשיקס מאַמע, און וויגט זיך אויף ביידע באָקעס ווי אַ קאַטשקע. ביי זיך אין שטוב, אין דעם שטומען חיימס אַלט הייפֿל, האָט ייטע אַ שווייגל[168]. זי מאַכט קעז־לעך פֿון צוגעוואַרעמטער זויערמילך, פֿאַרקויפֿט צוואָרעך[169] מיט סמעטענע פֿאַר אַ דרייער און פֿאַר אַ זעקסער. זי איז אַן אַלטער מענטש, איטע די שווייגערין, מיט פֿאַרקלעפּטע אויגן, און טראָגט אויפֿן קאָפּ אַ הויב מיט אַ סך סטענגעס. ביי איר שטאַמלענדיקן מאַן, דעם „שטומען" חיים, האָט זי שוין באַלד פֿאַרגעסן דאָס לשון. אָבער זי האָט אַ סך מצוות, ייטע די שווייגערין. זי שפּרעכט־אָפּ עין־הרעס, שמירט־אויס קינדער די בייכלעך, אַז עס גייט־אום אין שטאָט אַ מגפֿה, קלייבט־צו באָקע־בלעטער, וואָס טויגן צו געשווירן און גייט צו קימפּעטאָרינס, ווען זיי באַקומען ווייען. איצט פֿירט הערש לוסטיק די נייַנציק יעריקע זקנה אין הייפֿל פֿון די סאַדאָווניקעס. עמעצער גייט צו קינד... דאָס זעט שוין יעדער איינער. אָבער ווער? אַוודאי נישט ראַצע. מיט אַ מאָל גיט שבֿע אַ פּליעסק מיט די הענט.

— צ'הערט, מענטשן, וואָס כ'וועל ענק זאָגן? ס'איז צוועטל. צוועטל דעם קאַמאַשן־שטעפּערס ווייב. עפּעס, מענטשן, שטימט מיר נישט דער חשבון. חתונה געהאַט האָט זי חנוכה־צייט און היינט האַלטן מיר ערשט ביי ל"ג בעומר. וואַרט'ס נאָר אַ ווײַלע...

זי רוקט־אַראָפּ נאָך פֿרומער דאָס רויטע טיכל און נעמט ציילן אויף די פֿינגער: כסלו, טבֿת, שבֿט, אָדר, ניסן, אייר.

— אַזוי, דאָס איז די מ־ע־ש־ה! נאָך גוט, שׂרה־גיטל האָט ביי ציַיטנס צוגעדעקט דער מויד דעם קאָפּ.

לייזער קורניק קאָן נישט ליידן, אַז מ'איז מבֿייש אַ יידישע טאָכטער.

— וואָס איז די „אַ־אַ־פֿקא מינה", ווען זי האָט חתונה געהאַט,

---

[168] אַ קליינער פּאַכט. — [169] ווייסע קעז אָן פעטס.

חנוכּה צי פּורים? אַבי, הערש לוסטיקס משפּחה ווערט באַגליקט מיט אַ קדיש. האַ? זעט׳ס נאַר: דער דאָקטער גבֿריאל גייט. ס׳איז נישט קיין לײַכט האָבן.

הערש לוסטיק שמײַעט־אַרום אַ גאַנצן טאָג. דאָ באָרגט מען אים אויס אַ וואַרעמפֿלאַש, דאָ אַן אײַזפּענכער, דאָ טראָגט מען אים אונטער אַ גלאָז הינערשע יויך פֿאַר דער קימפּעטאָרין. און אָט לויפֿט אים אַקעגן גרונם „מײַנע צרות" מיט אַ פּאַק „שיר המעלותן". שבֿע האָט ליב מצוות, האָט זי אָפּגעקאָכט אַ שיסל געזאָטענע אַרבעס אויף פֿרײַטיק־צו־נאַכטס צום שלום זכר [170].

— אויב נישט דאָס געבוירן, זאָל כאָטש דאָס „יִדישן" זײַן ווי גאָט האָט געבאָטן! — רוימט זי אײַן די ווײַבער.

שׂרה־גיטל, צוועטלס מאַמע, איז קראַנק אויף „רעמאַטן"[171], פֿאַרעט זיך ראַצע אַרום דער געווינערין. לייגט איר אונטער אַ האַק־מעסער אונטערן קישן, פֿאַרהענגט דאָס בעט מיט לײַלעכער, קלאַפּט־אָן די שיר־המעלותן"[172], שיקט רופֿן גרונמען, ער זאָל בודק זײַן די מזוזה, צי זי איז נישט פּסול. שוין נישט דאָס ערשטע מאָל ווי ראַצע גייט־אַרום בײַ אַ געווינערין. זי האָט חתונה געמאַכט אַלע הערש לוסטיקס שוועסטערן־קינדער, איז געווען בײַ זייערע געבורטן און געהאָלפֿן די קינדער אַנטווינען פֿון דער ברוסט. איר טראַכט אַליין האָט גאָט פֿאַרשלאָסן. די וואָרצלען פֿון אירע בריסטן האָבן קינדערישע מײַלעכלעך קיין מאָל נישט געביסן. און זיי זײַנען גאַנץ, די וואָרצלען, פֿריש, ווי בײַ אַ יונג מיידל. אָבער די בריסטן אַליין זײַנען דאַר און אײַנגעשרומפּן, נישט צעוואַקסן, ווי בײַ די זייגעדיקע ווײַבער. זיי קאָרטשען זיך פֿון טאָג צו טאָג, ווי זיי וואָלטן זיך שעמען איבער זייער עלנטקייט. מינוטנווײַז בלײַבט זי שטיין פֿאַרקלערט, פֿאַרגעסט צו מאָל, וואָס זי האָט געזאָלט דערלאַנגען דער קימפּעטאָרין. אַלץ פֿאַלט איר הײַנט פֿון די הענט. ראַצע האָט זיך מיט אַ מאָל דערפֿילט אין גאַנצן איבעריק אויף גאָטס וועלט.

---

[170] שבתדיקע סעודה פֿאַרן ברית. — [171] רעוומאַטיזם. — [172] קמיעות, אַ סגולה פֿאַר דער קימפּעטאָרין, אַלץ זאָל גיין כשורה.

הערש לוסטיק פֿאַלט־אַרײַן אַ צעהיצטער און אַ צעיאָכמערטער, גאָר נישט נאָך זײַן שטייגער נאָך. ער לייגט־אַרויף אַ וואַרעמע האַנט אויף ראַצעס אַקסלען און איבער אירע פּלייצעס קוקט ער אַריבער צו דעם עופּעלע, וואָס ליגט — אַ ראָז קעפּל און צוגעמאַכטע ציטערדיקע אייגעלעך — נעבן דער קימפּעטאָרין און באַוועגט אַזוי מיט די ליפּעלעך, ווי אַ פֿיש וואָלט כאַפּן לופֿט אויף דער יבשה. הערשס אויגן שטראַלן פֿון פֿרייד.

— ראַצע, ראַצע, דו פֿרייסט זיך גאָר נישט? אונדזער משפּחה ווערט גרעסער. נאָך אַ בן־זקונימל אויף דער עלטער. אַ זכרל, ראַצע, אַ קדישל. אַ צמ... צמ... צמ...

ראַצע קאָן זיך נישט היצן אַזוי ווי הערש. טרערן שטייען איר אין די אויגן. דאָס זײַנען טרערן פֿון פֿרייד. דעם מאַנס שׂמחה איז איר שׂמחה. אָבער הערש לוסטיקן געפֿעלן נישט ראַצעס טרערן. עס קאָכט אין אים אינעווייניק, לאָזט ער אויס דעם כּעס צו האַרשל שטעפּער, וואָס שטייט אַן אָנגעכמורעטער.

— האַרשל! — גיט ער אויף אים אַ ריטש — האַרשל, וואָס ביסטו הײַנט אַזוי אָנגעמלאכהנט? מזל־טובֿ דיר, האַרשל. דו ביסט דאָך עפּעס געוואָרן אַ טאַטע!

האַרשל האַלט דעם געל צעשויבערטן קאָפּ האָר אַראָפּגעלאָזט איבער אַ צעטערענטן קאַמאַש און באַטראַכט מיט אַ וואַזשנער מינע די שטעך פֿון דער נאָענט, וואָס ער האָט נאָר וואָס צענומען. זײַן פֿאַרשלאָפֿן האַריק פּנים איז שוואַרץ און אײַנגעפֿאַלן. די אויגן קוקן אומהיימלעך און טראָכטן שלעכטע מחשבֿות. פֿאַרדריסט עס הערש לוסטיקן, גייט ער צו נענטער, ציט האַרשלען אַראָפּ דעם דאַשעק פֿון היטל איבער די אויגן און זאָגט מיט אַ חוזק־מינע:

— נו, טאַטע, בעל־ברית. האָסט אַ בכור געבוירן. מזל־טובֿ דיר!

הייבט האַרשל קאַמאַשן־מאַכער אויף דעם קאָפּ. קוקט מיט אַזעלכע אויגן, וואָס הערש לוסטיק האָט בײַ אים קיין מאָל נישט געזען. מיט אַ מאָל גיט ער אַ טרייסל מיט זײַן ווילד צעשויבערטן

קאָפּ האָר, ריטשעט עפּעס צווישן די ציין, ווי מען וואָלט לײדיקע טעפּ געריבן אײנעם אין דעם אַנדערן.

— מזל־טובֿ אײַך, ר׳ הערש, און גיט־אָפּ אַ מזל־טובֿ... מײַן געטרײַען „פּשיאַטשעל" בערטשיקן.

ווערט הערש לוסטיקן פֿון די דאָזיקע ווערטער זייער נישט הימלעך. דאָס פּנים זײַנס ווערט לאַנג, משונהדיק לאַנג און אויס־געצויגן, ווי דער שטעקן זײַנער.

— הע? — זאָגט ער צו האַרשלען מיט אַ טויבלעך, ווײַט קול — וואָס האָסטו געזאָגט, האַרשל?

ער וואַרט נישט אויף קיין ענטפֿער, לאָזט האַרשלען שטיין בײַ די צעטרענטע כאַלוועס און כאַפּט זיך אַרויס פֿון דער קימפּעטאָ־רינס שטוב, ווי פֿון אַ מגפֿה...

## 27 הערש לוסטיק טיילט עליות

ואלה — און דאָס זײַנען, נשׂיאי העדה — די חשובֿע באַלעבאָ־טים פֿון סמאָלין. ישׂראלטשע בלימעלעס: טוט־אויף גרויסע זאַכן פֿאַר עולם הבא וועגן און לעבט פֿון שבת צו שבת מיט אַ פּאָר אַלט געבאַקענע חלהלעך און אַ ביסל פֿלוימען־יויך. שמואל לוויווי־טשער, דער איידעם זײַנער, האָט אַ גרויסע שניטקראָם, איז ראש־הקהל און אַ נאַשער. זיי ביידע קאָנען אַלץ. איצט קומט נאָך צו: בער פּײַטאַלאָוויטש — אויסגעגעבן אַלע טעכטער, אַחוץ די ייִנגסטע, רוזשקע, וואָס שפּילט פּיאַנע. בער פּײַטאַלאָוויטש האָט שטיין געלט בײַ פּריצים. נאָר אַזוי ווי ס׳איז מאָראַטאָריום אויף הויפּישע חובֿות, איז ער פֿון אַלע גיטער געבליבן בײַ אַ „שטאָט" אין שול. יאָסל „קיכן", דער „קאַטאַזשאַן": אַ מויער אין מאַרק, אַ גרויסן תּבֿואה־שפּײַכלער. האָלט פֿון די עשׂרת הדברות, אַחוץ פֿון דעם זיבעטן גע־באָט, אַמאָל... וואָס אַמאָל איז געווען — פֿון דעם רעדט מען נישט. הײַנט אַ חסיד (די שענסטע זײַדענע קאַפּאָטע). אין דער לעצטער

מינוט, אומגעריכטערהייט, איז יאָסל „קיכן“ געוואָרן דאָזער און אַרייַנגייער אין די קאַנצעלאַריעס. איטשע שפּילפֿויגל האַנדלט מיט וואַלד. נישט קיין חסיד און נישט קיין ציוניסט. ער איז אַ מיטל־מעסיקער... אַ מזרחיסט. ביז עס וועט זיך געבן עפּעס אַ קער־איבער אין סמאָלין... זייַנען זיי די פּני.

דער סדר פֿון די עליות איז אַזוי: כּהן — אַלע מאָל איטשע „טשאַפּ“, דער בריוון־שרייַבער, וואָס די לינקע זייַט פּנים איז בייַ אים אַ ביסל פּאַראַליזירט. ער איז אַ ביסל טויבלעך. נאָר אַזוי גע־דענקט ער גאַנץ גוט די טערקישע מלחמה: „אָסמאַן־פּאַשאַ האָט זיך געלאָזט אונטערקויפֿן“. ער איז דער איינציקער כּהן אין שול. אויס מחלוקת. שני קומט דעם רבֿ, וואָרעם ער איז לוי. אויף שלישי, זייַנען אַלע מודה, האָט חזקה ישׂראלטשע בלימעלעס. אי מחמת פֿרומקייט, אי מחמת אָנגעזעענקייט, אי מחמת דעם, וואָס די שול קאָסט אים אָפּ אַ הון מיט געלט (קישקעגעלט, פֿון מאָגן אָפּגעשפּאָרט). חמישי האָט אָפּגעקויפֿט שמואל לוויוויטשער, דער ראש־הקהל. ער קומט אין שול אַרייַן נאָך „נשמת“, מחמת ער האָט אַ נערוועזשן מאָגן און מוז איבערבייַסן פֿאַר שחרית (כאַשע, גרונמס ווייַב, האָט די נערוון אין די אויגן). ששי געהערט נאָך דערווייַל צו בער פּייַטאַלאָוויטשן, וואָרעם ס'איז דאָ אַ האָפֿענונג, אַז דער מאָראַטאָריום אויף חובֿות זאָל אָפּגעשאַפֿט ווערן. וועגן מפֿטיר פֿירט זיך אַ שטילע מחלוקת צווישן יאָסל „קיכן“, דעם פֿריש געבאַקענעם דאָזער און איטשע שפּילפֿויגל, דעם אַלטן מזרחיסט. דאָס איבעריקע, דאָס באָוול[173]: הגבה, גלילה, רבֿיעי[174] — פֿאַלט־אַרייַן צו דעם „נאַראָד“, צו דעם געמיינעם מאַן. ויתלוננו העם[175] — אַ געמורמל איז דורך צווישן דער מחנה: ווו איז יושר און ווו איז צדק, אַז די פֿעטסטע עליות קומען שטענדיק אָן צו די גבֿירים?!...

הערש לוסטיק האָט שוין לאַנג געטראַכט וועגן פֿאַרריכטן די

---

[173] וואָס ס'בלייַבט־איבער. — [174] אויפהייבן די תורה, אייַנוויקלען. — [715] (שמות, בשלח, טו, כ"ד) וילונו העם, ס'פֿאָלק האָט געמורמלט.

עוולה. הײַנט איז אים אונטערגעקומען אונטער דער האַנט אַ שעת־הכּושר. ער איז האַרשל קאַמאַשן־מאַכערס פּירשפּרעכער אין שול און דער עליות־טײלער. דער געמײנער עולם פּילט זיך געהויבן. זיי האָבן זיך אַלע צוגעשטעלט צום לייענען: לייזער „קורניק", בערטשיק „שמאַטע", אַבֿרהמל „טריפֿענע יאַטקע". בערטשיק איז אָפּגעזעסן אַ האַלב יאָר אין דער פּלאָצקער תּפֿיסה, מחמת אויפֿן יאַריד אין װישעגראָד האָט ער געזאָלט זאָגן „אַזוי און אַזוי". איצט שטייט ער, בערטשיק, אין שול אַ מאָגערער און אויסגעאײדלטער, שטאַרק געהויבן בײַ זיך, װײַל ער האָט געליטן צוליב ייִדנס װעגן. ער קוקט־אַריבער מיט גנבֿישע בליקן צו האַרשל קאַמאַשן־מאַכער, וואָס זיצט אַ שװײַגנדיקער און בייזער אונטערן באַלעמער. ער האָט גאָר נישט צו האַרשלען, בערטשיק. עס פֿרייט אים, וואָס צװעטל, זײַן געװעזענע כּלה, האָט געהאַט אַ ייִנגל, און דאָס ייִנגל האָט אַ טאַטן, און דער טאַטע איז האַרשל קאַמאַשן־מאַכער. ער איז נישט קיין נישט־פֿאַרגינער, בערטשיק. שוין נישט פֿון אײן אויװן ברויט געגעסן.

בלײַבט איטשע „טשאַפּ", דער פּאַראַליזירטער בריװן־טרעגער, װי געװען: כּהן. לוי לאָזט הערש לוסטיקן אויפֿרופֿן לייזער קורניק. ער װערט גאַנצע נעכט פֿאַרשװאַרצט אויף פֿרעמדע װעגן, װאָרעם קיין אייגענע פֿור האָט ער שוין נישט. טאָ זאָל ער אַ מאָל הנאה האָבן פֿון אַ רעכטער עליה. שלישי, װי געװײנלעך, לאָזט מען איבער פֿאַר ישׂראלטשע בלימעלעס. ער איז אַן אָפּגעהיטענער ייִד און אַ שװאַכער מענטש. מען טאָר אים נישט מבֿייש זײַן. רבֿיעי באַקומט אַבֿרהמל „טריפֿענע יאַטקע", װאָס שעכט שוין װידער אויף כּשר. בערטשיק „שמאַטע" איז געװען אַ קרבן פֿאַר כּלל־ישׂראל, לאָזט אים הערש אויפֿרופֿן צו חמישי. גרונם „מײַנע צרות" איז אויסגע־הונגערט נאָך אַ לײַטישער עליה, באַקומט ער ששי.

בײַ מפֿטיר איז געװאָרן אַ גערודער. די גאַנצע חתונה האָט אָנגעמאַכט יאָסל „קיכן". ס'איז געװען אַ גלײַכע זאַך, וואָס מפֿטיר האָט מען צוגעטײלט האַרשל קאַמאַשן־מאַכער. ער איז דאָך אַ טאַטע און אַ בעל־ברית. װעמען האָט געקאָנט אײַנפֿאַלן, אַז יאָסל „קיכן"

זאָל אַרויסשפּרינגען מיט תּקיפות און סטראַשען מיט פּאָליציי? האַרשל קאָמאַשן־מאַכער אַליין איז דער מפטיר גאָר נישט ניחא גע־ווען. ער איז געגאַנגען ווי אַן איינגעשפּאַרטער, געבונדענער אָקס צו דער שחיטה און דער אונטערטרייבער זיינער איז געווען הערש לוסטיק. אין מיטן דער ברכה האָט ער זיך גענומען קרעקן. אַלץ האָט זיך אויסגעמישט, פאַרטוישט געוואָרן, דער אַשר בחר מיטן אַשר נתן. ער איז געוואָרן רויט ווי פייער. אַנגסטן האָבן אַרויסגע־שלאָגן איבער זיין לייב. אין דעם דאָזיקן מעמד האָט האַרשל קאָמאַשן־מאַכער אויפגעהויבן זיינע שטומע אויגן צו דעם עולם דאָוו־נערס און געבעטן הילף. אָבער אַנשטאָט אים אַרויפצופירן אויף דעם ריכטיקן וועג און אויסגלייכן דאָס, וואָס פריִער און וואָס שפּעטער, האָבן האַרשלס אויערן פאַרנומען גאָר אַנדערע רייד. אויף דער מזרח־וואַנט האָט יאָסל „קיכן" גערעדט פון ממזרים, וואָס מ׳טאָר זייערע טאַטעס נישט אַריינלאָזן אין שול. שוין לאַנג ווי יאָסל זוכט אַ טענה צו מאַכן צוליב מפטיר. ווי לאַנג אָבער איטשע שפּילפויגל איז געווען דער צד שכּנגד, האָט ער געשוויגן. איטשע שפּילפויגל, כאָטש אַ מזרחיסט, קאָן לערנען. ער אָבער, יאָסל קיכן, איז אין די יונגע יאָרן פאַרשיקט געוואָרן פון סמאָלין, איז געווען „פּאָביט־ניק"[176] פאַר גאָר נישט קיין שיינע זאַכן. הײַנט אָבער, אַז ער איז שוין יאָ דאָזער און מ׳נעמט אַזוינעם, וואָס מ׳ווייסט גאָר נישט, ווי אַזוי יענער איז געוואָרן אַ טאַטע, און מען גיט אים מפטיר, קאָן דאָס „פּאָביטניק" נישט ליידן. ער קלאַפּט מיט די פויסטן אין שטענ־דער, טופּעט מיט די פיס גאָר נישט מעשׂה־חסיד און שמואל לווי־וויטשער, דער ראש־הקהל, היצט אים נאָך אונטער:

— בערטשיק „שמאַטע"... עליות־מענטשן געוואָרן! דער ביינער־קלייבער... מיט אַן אשת־איש...

ווערט שוין יאָסל „קיכן" נאָך תּקיפותדיקער ביי זיך, לויפט־צו צו הערש לוסטיקן און וויל אים אַראָפּשטופּן פון באַלעמער. דער־

---

[176] אַרעסטאַנט.

זעט דאָס האַרשל, לאָזט ער ליגן די תורה אַן אָפֿענע, שפּרינגט־צו צו יאָסלען און הייבט אים אָן צו שטיקן מיט זײַנע בערישע לאַפּעס.
—נאַ, דאָ האָסטו פֿאַר די ממזרים...

חסידים פֿון אַחדות־שטיבל, וואָס זײַנען אַראָפּגעקומען אין שול אַרײַן צום לייענען, לויפֿן־אונטער אָננעמען זיך פֿאַר יאָסל „קיכן“, כאַטש אין האַרצן ווינטשן זיי אים, דעם עם־הארץ־חסיד, אַל דאָס בייז. זיי מישן זיך אַלע אויס אַרום באַלעמער אין איין קנויל. בער־טשיק שמאַטע שפּרינגט איבער שטענדערס, שפּרײַזט איבער קעפּ און אַקסלען, רײַסט טליתים, פֿאַרפּלאָנטערט זיך מיט די שוואַרצע נעגל צווישן באָרד און פאות. צעקרעלט פנימער. די גאַנצע איידל־קייט זײַנע איז אַוועק ווי מיטן רויך. נישט אַנדערש: ער מוז זיך אָפּנעמען פֿאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס ער איז געזעסן אין תּפֿיסה. מיט אַ מאָל בלײַבט בערטשיק שטיין ווי געליימט. ער דערשפּירט שטאַרקע לייגעס [177] אויף דער פּלייצע. חידושט עס אים: פֿון וואַנען קומט אַזאַ כּוח צו נגידישע, אויסגעקעכלטע הענט? אָבער די קלעפּ הערן נישט אויף. בערטשיק דערזעט אַ פֿויסט אונטער דער שלייף, אַז די אויגן פֿאַרלויפֿן אים מיט בלוט. ניין, דאָס זײַנען היימישע, חבֿרישע קלעפּ. נעמט בערטשיקן אַרום אַ רחמנות אויף האַרשלען. ער לאָזט אים טאָן, וואָס יענעמס האַרץ גלוסט, און ווערט זיך נישט. וואָס שטאַרקער די קלעפּ, אַלץ מער נעמט זיי בערטשיק פֿאַר ליב. עמעצער שרײַט:
— וואַסער, וואַסער!

דאָס חלשט ישׂראלטשע בלימעלעס. ער האָט באַקומען מיט אַ שווער ספֿר איבערן קאָפּ און איצט פֿאַכעט ער מיט דער נשמה. איטשע שפּילפֿויגל, בער פּײַטאַלאָוויטש שטייען פֿון ווײַטנס. דער רבֿ פֿאַרשטעלט זיך די אויערן, שאָקלט מיטן קאָפּ אויף גאָטס הויז, וואָס איז מגולגל געוואָרן אין אַ שענק. באַלד לויפֿן אַלע צו מינטערן ישׂראלטשע בלימעלעס. יאָסל „קיכן“, אַ צעבלוטיקטער, אין אַ

---

[177] קלעפּ (לאַפּעס, הענט).

צעריסענעם טלית, סאַפּעט שווער, מחמת ער האָט שמאַלץ אונטערן האַרץ. ער לויפֿט צו דער טיר. דאָ קומט־אָן פּאָליציי. בײַם אָנבליק פֿון די בלויע מונדירן בלײַבט דער עולם שטיין מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. איצט נעמט יאָסל „קיכן" איבער די שול. ער פּלאָנטערט זיך אין צעריסענעם טלית, טייטלט מיט די פֿינגער אויף בערטשיקן, אויף אַברהמל „טריפֿענע יאַטקע", אויף האַרשלען.

— נעמט זיי, פּאַניע קאָמיסאַזשו. אַרעסטירט זיי! דאָס זײַנען סאָציאַליסטן. שלאָפֿן מיט פֿרעמדע ווײַבער.

לייזער קורניק קאָן נישט פֿאַרטראָגן אַזאַ חוצפּה. גיט ער יענעם אַ מיש־אויף אַלטע חטאים.

— „פּאָביטניק"! שיקסע־קריכער, גנבֿישער חסיד! טליקעט[178] זיך אַרום מיט אַלע דינסטמיידן. אויסגעפּאַשעט חזיר! דאָס שמאַלץ גיסט זיך דיר פֿון די באַקן.

פֿון מאַרק זײַנען געקומען צו לויפֿן „גאַיעס" און גענומען אָפּ־שפּעטן פֿון די סמאָלינער ייִדישע תּפֿילות.

פֿון קיינעם נישט באַמערקט איז געשטאַנען אין אַ ווינקל פֿון שול גבֿריאל פּריווער און זיך צוגעקוקט צו זײַנע שטאָטלײַט. נישט דאָס ערשטע מאָל ווי ער קומט דאָ צו גיין. ער קומט דאָ אַהער זיך צו שטאַרקן. ניצט־אויס יעדע געלעגנהייט, כּדי אַרויסצופֿילן דעם כּוח פֿון זײַן ראַסע. (גבֿריאל האָט זיך שוין אויך צוגעוווינט צו טראַכטן וועגן ראַסע. דאָס מאָל איז ער באַשטראָפֿט געוואָרן אַזוי ווי אַלע מאָל, ווען ער לאָזט זיך פֿירן דורכן געפֿיל. דאָס, וואָס ער האָט געזען אין דער סמאָלינער שול, איז פֿאַר אים הײַנט געווען פּײַנלעכער פֿון די רעדעס אין ראַדיאָ, פֿון די געריכט־אורטיילן.

— נאַ, דאָ האָסטו דײַן ייִדיש פֿאָלק! — הערט ער ווי עמעצער שפּעט פֿון אים אָפּ. אַ כאַאָטישע, נישט אָרגאַניזירטע מאַסע.

ער באַטראַכט די אויסגעמאָגערטע, מיט קאַרטאָפֿל גענערטע פּנימער. ווידער טליִעט אין אים אויף דאָס רחמנות־געפֿיל צו די

---

[178] שלעפּט זיך אַרום.

דאָזיקע מענטשן, וואָס ווערן דורך יעמעצן, אַ זײַטיקן, אָנגערייצט איינער אויפֿן אַנדערן. ניין, זיי זײַנען ניט שולדיק אין זייער פֿינצ־טערניש. זיי זײַנען בלויז אומגליקלעך.

האַרשל קאַמאַשן־מאַכער האָט געדרעפּטשעט אַהיים אויף זײַנע קורצע, בערישע פֿיס. ער האָט זיך געווישט דאָס געלע צעדמטע פּנים. הערש לוסטיק האָט אים געטרייסט.

— כ׳האָב געוואָלט, האַרשל, זאָלסט אַ מאָל הנאה האָבן אין לעבן. און וואָס בין איך שולדיק, אַז ס׳איז דיר נישט באַשערט קיין מפֿטיר? אַז דער „פּאָביטניק" האָט געלאָזט „אַרעשטירן" די תּורה!

האַרשל הייבט־אויף דעם קאָפּ. צום ערשטן מאָל זעט אים הערש לוסטיק מיט אויסגעגלײַכטע פּלייצעס.

— מוחל, ר׳ הערש, פֿאַר אײַער גוט האַרץ. כ׳וויס, אַז איר האָט מיך גינציק, זשאַלעוועט נישט דעם מפֿטיר. מפֿטיר האָב איך געגעבן. כ׳האָב זיך אויסגעגלײַכט מיט בערטשיקן.

— שיין אויסגעגלײַכט... — שמייכלט הערש לוסטיק און יענער קוקט קרום — האָסט דאָך אים אַן אויג אונטערגעהאַקט.

האַרשלס געל פּנים גיסט זיך ווידער אָן מיט בלינדער רציחה. ער סיטשעט־אַרויס צווישן די ציין:

— ער האָט מיר ערגערס אָפּגעטאָן, ר׳ הערש, נאָך ערגערס...

## 28 אַ תּליה ביי נאַכט

וואָס איז דער סמאָלינער גלאָק?

אַ שטיק פֿאַרזשאַווערט בלעך מיט אַ הילצערנעם האַמער. גבֿריאלן אַרט נישט, וואָס דער גלאָק רײַסט זיך אין דער נאַכט אַרײַן. פֿון אַלע זײַטן טראָגט זיך אַ געבילערײַ פֿון הינט. דער מאָנאָ־טאָנער גלין־גלאָן אין דער פֿינצטער וועקט אין אים נישט קיין שרעק. אָבער די סמאָלינער ווערן לײַכט אויפֿגעריסן פֿון שלאָף. דער פּחד פֿאַרן פֿײַער, וואָס איז צו זיי איבערגעגאַנגען פֿון די אָבֿות,

ליגט זיי נאָך אין בלוט. דער ערשטער לויפט אין דער מעשענער קאַסקע בערטשיק „שמאַטע". נאָך אים אַבֿרהמל „טריפֿענע יאַטקע" מיט אַ פשאָדעק [179] פֿון אַ געשאָכטענעם אָקס אויף דער פלייצע. לייזער קורניק גייט אין דער בלויער, פֿאַרפֿעדערטער סטראַזשאַצקער בליוזע, פֿון וועלכער עס זעט זיך אַרויס דער טלית קטן. איטשע „טשאַפּ" דער בריוון־שרײַבער, שלעפּט זיך נאָך מיט אַ לאָמען פֿוס, הערש לוסטיק קריכט־אַרויף אויף דער פּלומפּ און שנײַדט־דורך די פֿינצטערניש מיט זײַנע אָדלער־אויגן.

— ס'ברענט נישט אין ערגעץ. סאַזשעס רייכערן זיך בײַ דער רביצין.

— ווו ברענט? ווער ברענט?

— אַלע שונאים זאָלן ברענען.

ווו אַ „מאַללער" [180], איז גרונם „מײַנע צרות" דער ערשטער. זײַן שמאָלער קערפּער מיטן שפּיציקן נאַקעטן פּנים וואַרפֿן לאַנגע שאָטנס אויפֿן ברוק. ער פֿאָכעט מיטביידע הענט.

— ייִדן, וואָס גלאָצט איר? ייִדן, וואָס שטייט איר? אַן אומגליק האָט געטראָפֿן. בער פֿײַטאַלאָוויטש...

פֿאַר בער פֿײַטאַלאָוויטשעס קאַמעניצע [181] איז אַ גרויס געדרענגעניש. אויף די פֿענצטער הענגען ווײַבער מיט קינדער אין די נאַכטהעמדער. אין דער טונקלקייט וואַקסט די שרעק צענפֿאַכיק. די אויגן זײַנען אָנגעשטרענגט צום סופֿיט אַרויף. אין מיטן, איבער דער שוואַרצער פּיאַנע, הענגט אויף אַ גראָבן גאַרטל בער פֿײַטאַלאָוויטש מיט דעם קאָפּ פֿאַרוואָרפֿן אין אַ זײַט. די געמזענע שטיוועלעך באָמבלען זיך אים נאָך. פֿון הינטער אַ פֿאַרשאַרצטער ליפּ בלישטשעט אַ גאָלדענער צאָן. צווישן די שפּאַלטן פֿון ראָק זעט זיך אַן איינזאַמע ציצה.

— אַ דאָקטער, אַ דאָקטער! — האָט מען געשריגן פֿון אַלע

---

[179] פּאָדערשטער טייל. — [180] (פֿון פראַנצייזיש) אומגליק, בראָך, צרה. — [181] געבײַדע (נגידיש).

זײַטן — װעקט־אויף דעם דאָקטער. װאָס פּאַפּט ער, װען די גאַנצע שטאָט איז „נאַ פּלאַצו״ [182]?

מען האָט איבערגעשניטן די פּעטליע און אַרונטערגענומען בער פּיטאַלאָװיטשן פֿון דער תּליה. גבֿריאל פּליװער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— שיקט׳ס נאָך דער חבֿרה קדישא.

ער האָט דערפּילט אויף זיך צװײ פֿײַנטלעכע בליקן פֿון אַ פּאָר מיידלשע אויגן, שטאָלצע און ריינע, אָן טרערן. די אויגן האָבן געשפּריצט מיט ביטערניש:

— סקאַנדאַל קומט, אַ גאַסט. באַװיליקט איבערצוטרעטן די שװעל.

פֿאַר דער טיר האָבן מענטשן אין בלוילעכן פֿאַרטאָג געשמועסט צװישן זיך.

— עס האָט אים צוגעדריקט בײַם האַרצן, בערן. אַזאַ עשירות געבליבן אין עשׂוס הענט.

— מען פֿאַרלירט דעם בטחון, מען פֿאַרלירט די אמונה... — קרעכצט ישׂראלטשע בלימעלעס — המאַבד את עצמו לדעת. אַליין זיך נעמען דאָס לעבן. בער, בער, צו װאָס האָסטו אַזעלכעס געטאָן?...

גרונם „מײַנע צרות״ האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פֿון בערס גאָלדענער קייט, װאָס האָט זיך געשנירלט איבער דער װעסט.

— כ׳זאָל עס פֿאַרמאָגן מיט נאָך צװאָנציק ייִדן אין איינעם. װיפֿל געלט בער האָט געלאָזט שטיין בײַ איין בזשאָזאָװער פּריץ.

— ייִדישע עשירות! איין מאָראַטאָריום און אויס מיט דער שפֿע.

— ס׳איז אַ קלוגער „ספּאָסוב״ [183]. בערן האָט עס געטריבן יונגערהייט אין דר׳ערד אַרײַן.

— װער איז געפֿאַלן אויף דער המצאה?

— אַ נפֿקא מינא, װער, אַבי מ׳נעמט־צו די קלינגערס, מיטן לעבן, מיט דער נשמה — זאָגט הערש לוסטיק און פֿאַרשפּילװעט זיך די קאַפּאָטע אַהיימצוגיין.

---

[182] אויפֿן אָרט (װוּ מ׳דאַרף זײַן). — [183] אײַנפֿאַל, מיטל.

— רוזשקע דאַרף חתונה האָבן מיטן בזשאָזאָווער פּריץ. ער האָט דעם נדן אירן — ווײצלט זיך בערטשיק „שמאַטע", בייז, וואָס דער גלאָק האָט אים געשטערט ביי דער כּלה זײַנער, וועלכע האָט אַ ברו־דער אין אַמעריקע. לייזער „קורניק" מאַכט זיך צו רעכט דעם פּאַ־סיק אַרום דער בליוזע. ער ציפּט זיך נערוועז די לאַנגע, שטרויענע באָרד.

— איך בין אַ נייטראַלער מענטש. נאָר אַז עס איז שוין יאָ געקומען צו רייד פון דער טאָכטער, בערס, טאָ פרעג איך אייך: פאַר וואָס, מענטשן־קרוין, זאָל זי נישט חתונה האָבן מיטן דאָקטער? די שטאָט דאַרף זיך אין דעם אַרייַנלייגן. ווי ס'זאָל נישט זײַן, די קאָמעניצע, וואָס בער האָט איבערגעלאָזט, שטייט אויף אַן אָרט.

גבריאל גייט פון איין שטוב אין דער אַנדערער. באַטראַכט די בילדער און אַנטיקן, וואָס בער פּײַטאַלאָוויטש האָט אַ גאַנץ לעבן אײַנגעהאַנדלט אויף ליציטאַציעס. זײַן בליק פאַלט אויף דער שוואַר־צער פּיאַנע. דערנעבן, אויף אַ ביסל שיטער שטרוי, ליגט בער פּײַטאַלאָוויטש צוגעדעקט מיט אַ שוואַרצן טוך. די ליכט טריפן ביי די אָפענע פענצטער און די קלאָווישן ציטערן פון ווינט. רוזשקע, אַ בלייכע, ווי אַ ווײַסע סטאַטוע, זיצט אַ נישט־הינעדיקע[184]. אירע אויגן זײַנען קאַלט, דאָס פּנים פאַרשטיינערט. עס טיילט זיך פון איר אָפּ אַ פירשטלעכער שטאָלץ.

זי קאָן אימפּאָנירן, בער פּײַטאַלאָוויטשעס טאָכטער... — טראַכט גבריאל מיט באַדויערן — עס איז אים אָבער נענטער און ליבער גאָלדע, וואָס שטייט דאָ איצט נעבן רוזשקען, אַ מיטפילנדיקע און האַרציקע. אירע אויגן וואַרעמען און גלעטן.

ישׂראלטשע בלימעלעס שאָקלט זיך איבער בערן. זײַן פּנים פאַלדעוועט זיך ווי אַ מאַגלברעט.

— ביסט געווען, בער, אַ גרויסער אײַנרײַסער. האָט זיך דיר

---

[184] נישט קיין היגער, נישט פון דער שטאָט.

דאָס געלוינט, האַ? מה יתרון לאָדם מכּל עמלו? — אַלץ איז הבֿל הבֿלים.

ער גייט־אָפּ צו דער טיר מיטן פּנים צום מת.

די צוויי טריפֿנדיקע ליכט שפּריצן מיט חלבֿ. גרונם „מײַנע צרות" און איטשע „טשאַפּ" דער בריוושרײַבער האַלטן שמירה. אָפּגערוקט פֿון זיי, אין אַ זײַט, זיצט רוזשקע. זי לאָזט נישט אַראָפּ די אויגן פֿון דעם שטיקל ברויט מיט זאַלץ, וואָס ליגט אויפֿן שוואַרצן טוך.

## 29 גבֿריאל וועט נישט חתונה האָבן

אויף די צונויפֿגעשלאָגענע ברעטער אין ווינקל צימער בײַ גבֿריאלן וואַקסט אַ שטויס צײַטונגען. זיי ליגן מיט פֿרישע קנייטשן, נישט געעפֿנטע, נישט פֿאַרפֿלעקטע, אַזוי ווי זיי זײַנען אַרויס פֿון דער דרוקערײַ. צו וואָס זיך קאַליע מאַכן דעם טעם פֿון די זומער־דיקע טעג? מעשׂה־שׂטן זײַנען די צײַטונגען אויסגעלייגט מיט די קעפּ אַרויף. גבֿריאלס בליקן פֿאַרגנבֿענען זיך צו די פּעטע, גלאַנ־ציקע איבערשריפֿטן פֿון אַ זײַט מיט דער תּאווה פֿון אַ שיכּור, וואָס לעכצט נאָך דעם ביטערן טראָפּן.

— זעלבסטפּײַניקונג! — טראַכט גבֿריאל, נעמט אַ נאָסע שמאַטע און דעקט־צו די צײַטונגען, אַז די פּעטע חוצפּהדיקע שריפֿט זאָל זיך נישט אַרײַנרײַסן אין זײַן וועלטל.

וואָס טויגן אים די נײַס פֿון אַביסיניע? וואָס טויג אים שפּאַניע? צו וואָס כינע? אַז ער איז נאָך נישט דורכגעקומען מיטן סמאָלינער זעלנערישן בית־עולם, וואָס מאָנט אים כּסדר באַשייד! סמאָלין אַליין איז אַ לעבעדיקע צײַטונג, וואָס קלעקט אויף אַ גאַנץ לעבן.

שבת אין דער פֿרי, ווען די סמאָלינער האָבן זיך אַרומגעריסן אין שול צוליב עליות, האָט דער ווינט פֿונאַנדערגענומען די שטעלן. אין פֿינף מינוט זײַנען די דרענגלעך צעטראָגן געוואָרן ווי שפּענער.

כראָניק: בער פּײַטאַלאָוויטש איז דרײַ טעג אַרומגעלאָפֿן איבער דער שטאָט און געשריגן „מאָראַ, מאָראַ"... אויפֿן פֿערטן טאָג האָט מען אים שוין אַ שטײַפֿן אַראָפּגענומען פֿון האָק. שלמהלע, כאַשעס יינגל, האָט זיך פֿאַרסמט: זיך אָנגעגעסן פֿאַר הונגער מיט ווילדע קאַשטאַנעס און מען האָט אים געמוזט אויספּאָמפּעווען דעם מאָגן. קוריאָזן: באַלטשע, דעם רבֿס טאָכטער, מיט די זומער־שפּרענקעלעך אויפֿן פּנים און מיט דער אײַנגעהויקערטער פּלייצע, טײַטשט־אויס חלומות און געפֿינט בײַ די סמאָלינער ייִדן קאָמפּלעקסן. אָבער נאָך זײַן, גבֿריאלס, דאָקטערישן קוק, וועט באַלטשע לאַנג נישט אָנטרײַבן. זי קאָן נישט לעבן מיט דער דאָזיקער פּרווידאָמאַניע. געגנוג סמאָלין. צו וואָס טויגן נאָך גבֿריאלן צײַטונגען? ייִדן מערן זיך צו פֿיל, טענהן די שונאים. גוט. ער, גבֿריאל, וועט נישט חתונה האָבן. אָבער וואָס וועט זײַן מיט גרונמס זעקס קינדער, וואָס וואַקסן־אונטער בײַ לײַדיקע שיסלען? מ׳זעט אין גאַנצן נישט קיין אָרט פֿאַר זיי. וואָס וועט זײַן מיט גאָלדען? יעדן פֿאַרנאַכט קומט דער פֿעטער ישׂראלטשע בלימעלעס צו אים זיך אַן עצה האַלטן. ער ברענגט מיט זיך נרו־יאירדיקע בריוועלעך, געשריבן מיט געציקלטן כּתבֿ. בריוועלעך פֿון קערנעזיע, פֿון ריטשעוואָל, פֿון קליין־מאַזורקע, פֿון גרויס פּאָלדאַשע, פֿון האָצעפּלאָץ.

— דו — זאָגט ער צו גבֿריאלן — ביסט אַ הײַנטוועלטיקער. דו פֿאַרשטייסט זיך אויף די זאַכן, ווער עס טויג און ווער עס טויג נישט.

— זאָל יעך טאָן מיטן קערנעזשעווער בחור?

ער קנייטשט דעם שטערן.

— יענער לערנט זיך שחיטה. איז ווידער די אייגענע מעשׂה: ווייס איך נישט, ווי עס וועט אויסזען מיט דער שחיטה אין אַ יאָר אַרום, צי מ׳וועט קאָנען פֿון דער מצווה מפֿרנס זײַן אַ ווײַב מיט קינדער... וואָס שײַך דעם שידוך פֿון ריטשעוואָל, האָט יענער סמיכה. מען שמועסט אָבער, אַז מיט היתּר־הוראה וועט מען אויך דאַרפֿן גיין דינען... חנא בעקער האָט אַ שטילן בחור, איז ווידער געקומען

אַ נײַע גזירה: מעכאַנישע אויוונס. מען מוז צולייגן דעם אַלטן אויוון און אַרײַנשטעלן אַ נײַעם, פֿון קאַפּלעס. טענה איך צו שמואלן: נעם, כאַפּ־אַוועק, טו אַ שידוך מיט גאָלדען. וואָס פֿריִער איז בעסער. דו ווייסט נישט, ווי אַזוי דו וועסט אויסזען אין אַ יאָר אַרום, ווי דו וועסט האַלטן אין אַ האַלב יאָר אַרום. בין יעך גערעכט, גבֿריאל, אָדער בין יעך נישט גערעכט?

שווײַגט גבֿריאל. וואָס האָט ער צו ענטפֿערן, אַז אים ווילט זיך שרײַען, בײַסן פֿאַר כּעס! ער קריצט שטילערהייט מיט די ציין. אַ ים ביטערניש האָט זיך בײַ אים אָנגעזאַמלט פֿון די צײַטונג־איבערשריפֿטן. ער פֿילט, גבֿריאל, אַז דאָס איז נישט קיין שׂנאה. ס'איז עפּעס ערגערס: מען פֿאַראַכטעט אים. ישׂראלטשע בלימעלעס וויל אָבער פֿון גאָר נישט וויסן. ער מוז ווײַטער שפּינען דעם לעבנס־פֿאָדעם, אַזוי ווי ער האָט אים אָנגעהויבן אין דער יוגנט. ער וועט זיך נישט ענדערן, ישׂראלטשע, אַזוי ווי מען פֿאַרלאַנגט פֿון אים...

ער זיצט עקשנותדיק אָנגעשפּאַרט אויפֿן שטעקן. זײַן צע־קנייטשטער שטערן איז שוואַרץ, שוואַרץ ווי אַ ליימענע כּלי. וואָס פֿאַר אַ טרייסט איז פֿאַראַן פֿאַר ישׂראלטשען, אויב נישט אַ שמעק טאַבאַק? ער צעניסט זיך טאַקע טיף און ברייט איבערן אָפֿענעם פֿענצטער. דער געזונטער ניס ציט־צו הערש לוסטיקן פֿון סעדער־הייפֿל. ער גייט איבערן מאַרק מיט מיושבֿדיקע טריט, ווי איבער זײַן נחלה, די אָדלער־ברעמען הויך פֿאַרריסן, די נאָזפֿליגלען ברייט צעעפֿנט און ברומט־אונטער:

— לאַדי דאַם, דאַם, דאַם, לאַדי, דאַם, דאַם, דאַם.

ער בייגט זיך אַריבער איבערן פֿענצטער, נעמט אַ שמעק טאַבאַק פֿון ישׂראלטשע בלימעלעס אָפֿן שקעטעלע און מרווזשעט־צו מיטן לינקן אויג.

— וואָס זיצט איר אַזוי, ר' ישׂראלטשע, מיט אַ פֿאַרזויערט פּנים, בײַ אַ דאָקטער אין שטוב?

ער שטעלט־אָן זײַנע שוואַרצע, שפּאָטישע אויגן אויף גבֿריאלן.

— הײַנטיקע דאָקטוירים טראָגן־פונאַנדער מרה־שחורה איבער דער וועלט.

ישׂראלטשע שאָקלט טראַציק מיטן קאָפּ.

— און אַז אַ דאָקטער, איז וואָס? האָט ער אַ טאָטעריש האַרץ? ער פֿילט, גבֿריאל, דעם גלות פּונקט ווי מיר אַלע. צײַטן, צײַטן. אַז מען טאָר גאָר נישט ריידן, מען מוז אַלץ דריקן אין זיך.

הערש לוסטיק גלעט זיך די באָרד.

— דער צאָן, פֿאַרשטייט איר מיך, ר׳ ישׂראלטשע, טוט מיר הײַנט ווי. גיי איך אַרום און טראַכט: ווויל איז דיר, הערש, אַז דער בויך טוט דיר נישט ווי. ווי גוט איז דיר, הערש, אַז די לונגען זײַנען בײַ דיר גאַנץ. גיב־אָפּ אַ לויב צו השם יתברך, הערש, אַז דו האָסט אַ געזונט האַרץ. איר ווייסט דאָך יאָ, פּאַניע גבֿריאל, פֿון אײַער דאָקטאָריע, אַז אַ מענטש האָט רמ״ח אבֿרים, צוויי הונדערט און אַכט און פֿערציק גלידער. טוט אונדז ווי איין גליד...

— אָבער דער ווייטיק, ר׳ הערש, גייט זיך פֿונאַנדער איבערן גאַנצן גוף. ס׳יאָגט־אָן די כוואַליע, מיר טרינקען זיך.

קרעכצט ישׂראלטשע בלימעלעס.

— בייגט מען אײַן דעם קאָפּ, ר׳ ישׂראלטשע, ביז וואַנען זי פֿאַר־ליעווועט פֿאַרבײַ... גם זה יעבֿור, ר׳ ישׂראלטשע, דאָס וועט אויך פֿאַרבײַגיין. אַ קונץ איז צו וויינען, אַז מען קריגט פּעטש. לאָמיר לאַכן, ר׳ ישׂראלטשע. באַקומען פּעטש און לאַכן...

גבֿריאל זאַפּט אײַן זיך אַרײַן יעדעס וואָרט. הערש לוסטיקס. עס איז אים אַזוי, ווי ס׳וואָלט געטריפֿט בוימל אויף זײַנע ווונדן. אַז ער הערט אַ גוט וואָרט, גבֿריאל, איז ער אויפֿגעלייגט און עס גלוסט זיך אים צו וויצלען.

— איר קענט זיך אפֿשר, ר׳ הערש, מיטן פּראָפֿעסאָר אַדלער? ער טײַטשט אַלץ אויס צום גוטן. נאָך זײַן שיטה נאָך לאָזט זיך דאָס קרומע שטענדיק אויסגלײַכן.

הערש הייבט מיט די אַקסלען.

— כ׳האָלט נישט פֿון קיין פּראָפֿעסאָרן, דאָקטער גבֿריאל. דער

בעסטער פּראָפעסאָר פאַר אַ ייִד זײַנען די צרות... שטאַרקט אײַך, ר׳ ישׂראלטשע, כאַפּט־אַרײַן דאָס ביסעלע, וואָס איז אײַך געגעבן געוואָרן אויף גאָטס וועלט...

ישׂראלטשעס פּלײצעס קורטשען זיך. ער וואַקסט אין גאַנצן אַרײַן אין זיך.

— ס׳גייט דען אין מיר, ר׳ הערש? איך האָב שוין מײַן וועלט אויסגעשפּילט. מ׳האָט דעם איידעם מײַנעם, גרונמען, ווידער פאַר־חתמעט דאָס קאַשע־מילעכל. כ׳האָב אַן אייניקל חתונה צו מאַכן. ס׳איז שווער אַ לײַטישן שידוך צו טאָן הײַנטיקע צײַטן. נישטאָ עפּעס רעכטס.

— טוט מען מיט אַ בעל־מלאכה.

— יאָ, יאָ... — שאָקלט ישׂראלטשע מיטן קאָפּ — מען ווערט וואָס אַ מאָל שפּעטער... אַזוי שלעכט פון דעסט וועגן האַלט עס נאָך נישט מיט אים, מיט דעם איידעם מײַנעם, שמואלן. ער קאָן זיך נאָך פּאָזוואָליען אויף עפּעס רעכטס. דאָס רעכטע זוך איך טאַקע.

הערש וואַרפט אַ פאַרשנדיקן בליק אין גבריאלס זײַט.

— טוט מען מיט אַ דאָקטער, ר׳ ישׂראלטשע. איר האָט דאָך אַ דאָקטער אין דער משפחה.

ישׂראלטשע בלימעלעס שפּיצט־אָן די אויערן.

— האַ, וואָס? וואָס האָט איר געזאָגט? ווי פאַלט אײַך גאָר אײַן?

ער קוקט זיך אַרום איבער גבריאלס שטוב, וואָס איז פאַרלייגט מיט ביכער און פאַרשטעלט מיט פלעשלעך רפואות.

פון הינטער דער וואַנט טראָגן זיך אומעטיקע אַקאָרדן פון בער פײַטאַלאָוויטשעס שטוב.

— אַ דאָקטער, האָט איר געזאָגט, ר׳ הערש? אַ דאָקטער? ס׳איז מיר גאָר נישט אײַנגעפאַלן.

הערש לוסטיק הערט אים נישט. ער פאַרקערעוועט אויפן צינצי־מינער וועג. ער גייט אין סאָד אַרײַן שמירה האַלטן.

## 30 סמאָלינער פֿאָרן זוכן פּרנסה

אַחוץ צינצימין איז נאָך פֿאַראַן אַן אָפֿענע וועלט פֿאַר די סמאָלינער. זומערצײַט זעט די שטאָט אויס ווי אַ קרעטשמע. מען פֿאַרהאַלט זיך נאָר איבערצונעכטיקן און מען פֿאָרט ווײַטער. אָבער פֿון טאָג צו טאָג ווערט נענטער ווי ווײַטער... מען טאָפּטשעט אַלץ אין אײנעם איבער די אײגענע זאַמדן. מען הערט אָבער נישט אויף צו פֿאָרן. אַלע פֿאָרן. עס פֿאָרן אָרעמע מענטשן פֿון שוסטער־געסל און עס פֿאָרן באַלעבאַטים, וואָס רופֿן זיך נאָך אין די פּאַפּירן „בירגער", אָבער אַחוץ דעם נאָמען פֿון באַלעבאַטים פֿאַרמאָגן זײ גאָר נישט. זײ גיבן זיך אַ לאָז־אַרויס אַזוי ווי די פֿייגל פֿון די נעסטן זוכן שפּײַז. אָבער די זאַמדן אַרום סמאָלין קאָנען קײנעם נישט שפּײַזן. זײ בריִען די טריט פֿון די סמאָלינער... מען קוקט נישט דערויף און מען פֿאָרט ווײַטער... סמאָלין פֿאָרט קיין באָזשע־וואָליע און באָזשע־וואָליע פֿאָרט קיין סמאָלין. מען פֿאָרט אויף וועגענער און מען גײט צו פֿוס. כאָטש מען ווייסט ווויל, אַז עס זײַנען פֿאַראַן הײַנטיקע צײַטן אויטאָבוסן און נישט ווײַט איז אויך דאָ אַ באַן. פֿרעגט מען אַ סמאָלינער, פֿאַר וואָס ער גײט צו פֿוס, שעמט ער זיך אין דער ערשטער מינוט צו ענטפֿערן. באַלד אָבער קומט ער צו זיך און דרייט ביטולדיק מיטן קאָפּ.

— ס'איז נישט קיין אומגליק. מ'קאָן זיך באַגײן אָן אַ באַן אויך. ס'איז געזינטער, אַז מען גײט צו פֿוס...

אַנדערע ווייצלען זיך.

— וואָס איז דאָס געזאַ‍ײַלעניש? די שיפֿן וועלן מיר אונטערגײן?

אַ סך זאַכן זײַנען פֿאַראַן אין שטאָט, אָן וועלכע די סמאָלינער באַגײען זיך. זײ באַגײען זיך אָן ראַדיאָ־הילכערס, וואָס יעדער סמאָלינער באַאַמטער האָט בײַ זיך אין שטוב. זײ באַגײען זיך אָן די בעדער, וואָס דער מאַגיסטראַט האָט אויסגעבויט. אַפֿילו דאָס יונגוואָרג, וואָס האָט אַמאָל וועלטן אײַנגעלייגט און געוואָלט אײַנפֿירן

אַ נײַעם סדר אין סמאָלין, באַגײט זיך אויך אָן אַ בוך, מחמת די ביבליאָטעק, וואָס זיי האָבן זיך אײַנגעשאַפֿן פֿאַר די אַכצן יאָר, רוט זיך אָפּ אין ערגעץ אַ קעלער. די סמאָלינער, וואָס האָבן אין גאַנצן אַ קורצע צײַט פֿאַרזוכט פֿון עולם הזה, זײַנען צוריק געוואָרן שטאַרקע מסתּפּקים במועט. אַ סמאָלינער האָט זיך אויסגעלערנט לעבן פֿאַר אַ גילדן אַ טאָג, פֿאַר אַ האַלבן גילדן און פֿאַר גאָר נישט אויך. און אַזוי אין יעדער זאַך: סײַ אין אָנטאָן, סײַ אין עסן, סיי אין גיין שפּאַצירן (אויף באַשטימטע גאַסן...) זײַנען דאָ צוויי סמאָלינס.

דערפֿאַר איז שטילער געוואָרן אויף די מערק. די יאַרידן קומען ווידער פֿאָר. אָבער מען אַרבעט זיך נישט איבער אויף די יאַרידן... מען זיצט זיך רויִק בײַ די שטעלן און מען דערציילט זיך זכרונות פֿון אַמאָליקע יאַרידן.

פֿאַר די דאָלאַרן, וואָס בערטשיק האָט באַקומען פֿון זײַן נײַער כּלה (זי האָט אַ ברודער אין אַמעריקע), האָט ער זיך געמאַכט אַ געשפּאָן. איצט פֿירט ער די סמאָלינער סוחרים איבער די יאַרידן. מען איז מקנא בערטשיקן צוליב די דאָלאַרן. אָבער יעדער איינער פֿון אונדז, טראַכטן די סמאָלינער, האָט אַמאָל געהאַט דאָלאַרן...

ער זיצט, בערטשיק, אויפֿן וואָגן ווי אַ פֿילאָסאָף. ער האָט זיך אויסגעלערנט שווײַגן. פֿאַר די זעקס חדשים, וואָס ער איז אָפּגעזעסן אין דער פּלאָצקער תּפֿיסה, זײַנען אים צוגעקומען בלויע רעדער אונטער די אויגן. ער האָט זיך צוגעוווינט צו האַלטן די הענט בײַ זיך, ווען עס ווילט זיך אים דווקא געבן אַ קלאַפּ. בערטשיק שמאָטע איז אָפּגעפּאָרן. ער איז געוואָרן אויס שלעגער. דאָס הייסט, אַז ער איז געוואָרן אויס בערטשיק. ער שווײַגט, ווען דער שטאָט־היצעל[185] וויל נישט אויסמײַדן זײַן וואָגן אויפֿן שאָסיי און נעמט אים זידלען:

— יִידישע מאָרדע! שלעכטע זרע!

בערטשיק פֿאַרבײַסט די ליפּן און שווײַגט. וואָרעם ער ווייסט

[185] דער הינטכאַפּער (דער וואָס דערגייט די יאָרן).

ווייל, בערטשיק, אַז טאָמער לאָזט ער נאָר אַרויס די פּאָרע פֿון מויל, אַזוי פֿליט ער באַלד קיין פּלאָצק. ער האָט זיך אויסגעלערנט בער־טשיק, נישט צו ענטפֿערן, כאָטש דאָס איז קעגן זײַן נאַטור. ווונדערן זיך מענטשן: גאָר נישט דער אייגענער בערטשיק. בערטשיק איז געוואָרן אַן עניו, אַ למד־וואָווניק.

אויך אַצינד, ווען האַרשל קאָמאַשן־מאַכער פֿירט גרייטע שיך אויפֿן יאַריד קיין קליין־ביאַלע און מורמלט הינטער בערטשיקס פּליי־צעס, אַז די כאָלערע האָט אים, בערטשיקן, געמעגט טרעפֿן אין איי־נעם מיט צוועטלען, האַרשל שטעפּערס ווײַב, איידער ער האָט זי דער־לעבט צו דערקענען — אויך איצט שווײַגט בערטשיק. ער געדענקט נאָך די לייגעס, וואָס ער האָט געכאַפּט אין שול פֿון האַרשלען, ווען צוועטל איז אַ מאָמע געוואָרן, און האַרשל האָט געמאַכט אַ ברית. ער איז ביז צו דער חתונה געווען אַ בחור, האַרשל שטעפּער, פֿאַרדריסט עס אים, וואָס צוועטל איז געגאַנגען מיט אַנדערע. ער, בערטשיק, וואָס האָט שוין פֿון נישט איין אויוון ברויט געגעסן, לאַכט זיך אויס פֿון אַזוינע זאַכן. עמעצער מוז דאָך זײַן דער ערשטער. אָבער האַרשל שטעפּער איז הייס געבאָדן און ער קאָן זיך אַלץ נישט שענקען, וואָס עס איז אַמאָל געווען מיט צוועטלען פֿאַר דער חתונה. אַ מענטש זאָל נאָר קלערן פֿון דעם, וואָס ס'איז געווען... ניין, זי וועט בײַ אים נישט האָבן קיין גוט לעבן, צוועטל — נעמען בערטשיקן אַרום חרטה־געדאַנקען...

האַרשל זיצט הינטער זײַנע פּלייצעס. אַ ליאַדע מינוט קאָן ער אים אַרײַנרוקן אַ מעסער אין דער זײַט. גוט, וואָס גרונם „מײַנע צרות" גייט בײַם וועג, האַלט די שטיוול אין האַנט און טאָפּטשעט אין זאַמד. בערטשיק שטעלט זיך אָפּ אויפֿצונעמען גרונמען. ער האָט זיך שוין לאַנג אָפּגעשטעלט, בערטשיק, און גרונם שטייט נאָך אַלץ, מאַכט מיט דער האַנט און גיט אים סימנים, ער זאָל זיך אָפּשטעלן. גיט בערטשיק אַ ריטש־אַרויס צווישן די ציין:

— גרונם, וווּ גייט איר? גרונם, וואָס שטייט איר? גרונם, וואָס

גלאָצט איר? פֿאַרקאַטשעט די קאַפּאָטע, און „וואַלײַ״ אַרויף אויפֿן וואָגן.

גרונם ציפּט די נאַקעטע גאָמבע, שלאָגט זיך אַ ווײַלע מיט דער דעה און קריכט־אַרויף אויפֿן וואָגן. האַרשל שטעפּער, אַן אָנגעדראָ־לענער, טרעט אים אָפּ זײַן אָרט. זיי זיצן אַלע דרײַ און שווײַגן. אָפּגעפֿאָרן אַ תּחום־שבת, גיט האַרשל אַ פּלאַץ־אַרויס:

— גרונם, ווּ פֿאָרט איר?

— יעך? — וווּנדערט זיך גרונם, וואָס מענטשן האָבן אים אין זינען — וווּהין יעך פֿאָר? קיין צינצימין פֿאָר יעך. צו הערש לוסטיקן אין סאָד אַרײַן, באַקוקן דעם דײַטש וויטבראָטס בינשטאָקן.

בערטשיק גיט אַ שמיץ די פֿערד.

— ריִרט׳ס ענק, נבֿלות! פֿאַר מײַנעט וועגן, גרונם, קאָנט איר פֿאָרן ביז ווישעגראָד. כ׳וועל צוליב אײַך נישט קויפֿן קיין עקסטרע האָבער.

גרונם זיצט פֿאַרטראַכט. די אויגן זײַנע בלאָנדזשען איבער ביידע זײַטן וועג. ער זעט פֿאַר זיך אַן אַנדערע וועלט. דײַטשישע קאָלאָניסטן באַוואָסערן טרוסקאַווקעס. פּאָמידאָרן־צווײַגן וויקלען זיך אַרום ווײַסע העלצלעך, דײַטשקעס רייניקן די קאַלאַפּיאָרן־פֿעלדער פֿון ווילדגראָז. שטעלט זיך גרונם פֿאָר אין געדאַנק, אַז דאָס דאָזיקע פֿעלד איז זײַנס. כאַשע מיט די קינדער דרייען זיך אַרום צווישן די גרעזער, קאָפּען קאַרטאָפֿל, רײַסן מערן, מאַכן בינטלעך בוריקעס. און אויב זי האָט נישט מער ווי איין אויג, כאַשע — זעט זי דען נישט ווי אַזוי צו טאָן די אַרבעט? שלמהלע, כאָטש אַ בן־יחיד זײַנער, פֿאָרט מיטן אַקער־אײַזן איבערן פֿעלד. מיטוואָך אין דער פֿרי שפּאַנט ער די פֿערד. ער האָט אַ וואָגן, גרונם, נײַך, צוויי וועגענער. ער פֿאָרט אין שטאָט אַרײַן אויפֿן מאַרק פֿאַרקויפֿן די סחורה, פּונקט ווי די דײַטשישע קאָלאָניסטן. פֿאַר נאַכט פֿאָרט ער צוריק אַהיים אין זײַן שטיבל אויפֿן דאָרף, לייגט זיך שלאָפֿן אונטער אַ ליפּע. די ליפּע־בלומען שמעקן. ער שלאָפֿט און דאָס בלִיִעכץ פֿון בוים שיט זיך אויף אים, שיט זיך ווי אַ פּוכיקער שניי,

אַ וואָרעמקייט צעגייט זיך איבער גרונמס גלידער. ער דרימלט־אײַן. לאַנג שלאָפֿן אָבער קאָן ער נישט. דער שטיינערנער ברוק וואַרפֿט אים אונטער פֿון געזעס. עס פּאַטשט־אַדורך אַ וואָגן מיט געשאָכטענע חזירים. דער סמאָלינער קײַלער פֿאָרט אַהיים פֿון שעכט־הויז. דער ווינט פּאָכעט מיט זײַן ווײַס פֿאַרבלוטיקטן פֿאַרטעך און בלאָזט עס אָן ווי אַ רויטן פֿענכער. ער שטעקט־אַרויס אַ בלישטשענדיקן, גאָלדענעם צאָן און נעמט אָפּחוזקן פֿון בערטשיקס פֿערד.

— זשידאָווסקי שקאַפּי...

די פֿערד, נישט געוווינט צו קײַלערישע בײַטשן, רײַסן זיך אין די האָלאָבליעס און פֿאַרקערעווען צום ראָוו. בערטשיק צוימט־אײַן די פֿערד. ער ענטפֿערט נישט דעם קײַלער, קוקט אַפֿילו נישט אין זײַן זײַט. פֿאַרדריסט עס קאָוואַלטשיקן. בײַלט ער די פֿויסטן און סיקעט־אַרויס צווישן די צײַן עפּעס אַזוינס, פֿון וועלכן אין בערטשיקן פֿרירט דאָס בלוט. אָבער בערטשיק רירט זיך נישט פֿון אָרט, האַלט די הענט בײַ זיך און טראַכט פֿון דעם, אַז אויף דער וועלט זײַנען פֿאַראַן צווייערליי יושרס. איין יושר פֿאַר אים, בערטשיקן, און דער אַנדערער יושר פֿאַר קאָוואַלטשיקל קײַלער.

גרונם זעט אַ ברייטע לאָנקע. שקצימלעך פּאַשען קי, טרײַבן סטאַדעס גענדז. אין מיטן דער לאָנקע איז פֿאַראַן אַ גרויסע סאַדזשווקע מיט פֿיש. שטעלט זיך גרונם פֿאָר, אַז די סטאַדעס גענדז פּאַשען זײַנע טעכטערלעך, די קי טרײַבט שלמהלע און ער אַליין, גרונם, פֿאָרט מיט פֿעדערן אויפֿן יאַריד קיין גריצע.

— שוין ווידער — זאָגט גרונם צו זיך אַליין אויפֿן קול, אַז הערשל שטעפּער דרייט־אויס דעם גע‏לן, צעשויבערטן קאָפּ האָר — שוין ווידער די דמיונות...

ער ווייסט, גרונם, אַז ער באַגייט אַ זינד מיט די דאָזיקע מחשבֿות, ווען ער שטעלט זיך פֿאָר נישט־פֿאַראַגענע זאַכן אויף דער וואָר... בשעת־מעשׂה פֿאַרשאַפֿט עס אים הנאה, אָבער שפּעטער קאָן עס זיך שלעכט ענדיקן. עס צעמישט אים די געהירן אַזוי ווי בחור־ווײַז, ווען ער איז געזעסן אין בית־מדרש און אין קאָפּ האָבן אַרומגע־

טאַנצט נאַקעטע נקבֿות: לילית, די מלכּה שבֿא, בת־שבֿע. ער איז געשלאָפֿן אויף האַרטע בענק און פֿון דעסט וועגן געמוזט גיין אַלע אין דער פֿרי אין מקווה אַרײַן זיך טובֿל זײַן... דעמאָלט טאַקע האָבן אים די האָר אָנגעהויבן אויסצוקריכן. ניין, ער מוז זיך שטאַרקן און פֿאַרטרײַבן די דמיונות. ס׳איז דאָך פּשוט צום לאַכן: פֿון וואַנען קומט צו אים אַ לאָנקע? פֿון ווען אָן האָבן דאָס ייִדן לאָנקעס? איין קהלשע לאָנקע איז פֿאַראַן הינטערן בית־עולם, איז דאָרטן אָן אמתער מושבֿ. דאָס גאַנצע שטאָטישע מיסט וואַלגערט זיך דאָרטן. חזירים שפּרינגען־אַרום און קאָפּען־פֿונאַנדער דעם באַרג מיסט מיט די געפּגרטע פֿערד און אָפּגעשונדענע הינט. דאָ דערמאָנט זיך גרונם אין דער קהילה און אין די דאָזאָרעס.

— אַ לאָנקע... — גיט ער אַ בורטשע אין בערטשיקס זײַט — ס׳איז דאָ אַ שטאָטישע לאָנקע. פֿאַר וואָס זאָלן די דאָזאָרעס ניט זען, אַז מען זאָל זי אָפּרייניקן? פֿאַרזייען אַ ביסל פּאָמידאָרן, קאַלאַפּיאָרן, פֿלאַנצן אַ סעדל, בינשטאָקן אַוועקשטעלן. טרוסקאַווקעס. שוין ווידער טרוסקאַווקעס... ס׳איז שלעכט מיט ייִדן. אָן עסק ביש, אַז די גע־דאַנקען מישן זיך.

ווען מען מישן זיך די געדאַנקען, האַ? נאָך גרונמס פֿאַרזויערטן פּנים, ווייסט נישט בערטשיק, וויס נישט האַרשל שטעפּער, ווען ס׳איז שלעכט: גרונמען צי די ייִדן. די קהילה און די דאָזאָרעס ברענגען עפּעס האַרשלען אַרויף אויפֿן זכּרון. ער מעסט־אָפּ בערטשיקן מיט אַ פֿײַנטלעכן בליק און וואָרטשעט צווישן די ציין:

— מפּטירלעך גלוסט זיך דעם פֿאַרך, יאָסל „קיכן", מפּטירלעך!... ווען נישט די פּאָליציי, וואָלט איך אים די זשעבערעס געוואָן צעבראָכן.

בערטשיק שווײַגט. וואָרעם ער ווייסט וויל, אַז דאָס מיינט נישט האַרשל אַזוי יאָסל „קיכן", וואָס איז דאָזער, ווי אים, בערטשיקן. אַלץ צוליב צוועטלען. פֿאַר יעדע זינד ווערט מען באַשטראָפֿט אויף דער וועלט...

— אָט איז צינצימין, ר׳ גרונם. דאָ, אַקעגנאיבער! — זאָגט הערש לוסטיקן, אַז בערטשיק וואָרט.

גרונם קאָפּעט זיך אַרויס פֿון צווישן האָרשל שטעפּערס שוכ־וואַרג און וואַרפֿט־צו בערטשיקן אַ „שקויעך"[186].

— יאָסל קיכן זאָל זיך אַזוי גלוסטן צו זײַן דאַזער, ווי מיר גלוסט צו גיין צום דײַטש לערנען זיך האָניק מאַכן.

— פֿאַראַן נאָך ערגערע זאַכן, ווי מאַכן האָניק. גלויבט מיר, אַז ס'זײַנען דאָ נאָך ערגערע זאַכן... — טרייסט אים האַרשל שטעפּער, נישט אַראָפּלאָזנדיק די אויגן פֿון בערטשיקן.

בערטשיק גיט אַ קנאַל מיט דער בײַטש און פֿאַרקערעוועט אויפֿן ווישעגראַדער שאָסיי. איצט זײַנען זיי בײדע צווישן זיך אַליין אָן אַ דריטן. ביידע שווײַגן פֿאַרביסן און צווישן זיי שוועבט־אַרום צוועטלס סוד.

## 31 צוועטלס שטראָף

אין שטאָט איז אַ מגפֿה. ס'גייט־אום שאַרלאַך[187]. עס מײַדט נישט אויס קיין איין שטוב. קליינע עופֿעלעך גייען פֿון דער וועלט און אין באָזשע־וואָליע איז אַ יונגע מאַמע פֿאַרשניטן געוואָרן אין די בעסטע יאָרן. בײַ הערש לוסטיקן איז אַ פֿולע שטוב מיט מענטשן. דער אַרײַן, דער אַרויס. מען קוקט אים אין די אויגן אַרײַן, וואָס ער האָט צו זאָגן. שׂרה־גיטל, אין טערקישן שאַל, רײַסט אים פֿאַרן לאַץ.

— הערש, אַפּוטרופּוס מײַנער! וואָס שווײַגסטו? וואָס גייסטו נישט? וואָס לויפֿסטו נישט? צוועטלס קינד איז פֿאַרבײַ. אין אייניקל, מישטיינס געזאָגט. ביסט דאָך עפּעס אַ קהל־מענטש, הערש. לויף, רײַס־אײַן די וועלט!

ראַצע „שוועך געמיט" קנײַפּט זיך אין די באַקן. זי איז געוועזן בײַם געבוירן פֿון צוועטלס קינד. זי גלעט דעם מאַן.

— גיי, גיי, הערש קרוין. זע, ראַטעווע, ווי ווײַט דו קאָנסט.

---

[186] (יישר־כוח) אַ דאַנק. — [187] שקאַרלאַטין.

מיט צוואַנגען האָט מען עס אָפּגענומען. זאָל מען איצט זיך צוקוקן, ווי דאָס קינד גייט־אויס?

לייזער קורניק ציפּט זיך פאַרן שטרויענעם בערדל. טאַקע אַזוי. מען מוז עפּעס זען צו טאָן אַקעגן דער מגפה.

— איר זענט דאָך פאָרט אַ דאָזער.

טרייסלט הערש מיטן קאָפּ:

— ביסט אַליין אַ גנבֿ. כ׳בין ענק מוחל דאָס דאָזעריי. לאָמיר גיין איבער דער שטאָט זען, ווי עס האַלט מיט דער מגפה.

ער אַנטלויפט פון שטוב. נאָך אים שאַרט זיך נאָך אַ מחנה מענטשן. דאָס סעדער־הייפל ווערט ליידיק.

צווישן מנחה־ומעריבֿ ווערט אַ יללה אין שול. אַ כאָפּטע ווייבער רייסט זיך אַריין מיט מענערישער גבֿורה. פאָרויס גייט שׂרה־גיטל און גראַזשעט מיט די דאַרע פינגער.

— חנא בעקערס שנור האָט אַזאַ געשווינדן כאַפּ געקריגן און עטץ, מאַנסלייט, שוויַגט? אין שטאָט גייט־אום אַ פייער, אַ מגפה אויף זויגקינדער. דרענגער, דר׳ערדליגערס, זאָגט׳ס תּהילים, לויפט׳ס קבֿרים רייסן! האַרשל, דו ביסט אַ טאַטע, צי דו ביסט נישט קיין טאַטע? וואָס שטייסטו ווי אַנגעמלאכהט?

זי לויפט־צו צום אָרון־קודש. טוט זיך אַ וואַליע אַנידער אויף דער ערד און נעמט האַקן מיטן קאָפּ אין די שטיגן. האַרשל שטעפּער איילט זיך נישט. ער גייט אויף זיינע קורצע בערישע פיס צו דער שוויגער, הייבט זי אויף פון דער ערד און זעצט זי אַוועק אויף אַ באַנק.

דאָס פינצטערניש האָט זיך אָפּגעטאָן פון האַרשלס פּנים. זיינע אויגן האָבן פאַרלוירן דעם שטאָלענעם, עקשנותדיקן בליק. איצט זיינען זיי מילד און ווייך. אַפילו דער צעשויבערטער, געלער קאָפּ האָר שרעקט שוין נישט אַזוי ווי אַמאָל. נאָך דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין קליין־אָסטרע און אין גרויס־פּאָדלאַשע אויף די יאַרידן, האָט האַרשל פאַרשטאַנען, אַז עס וועלן נאָך זיין אַ סך אומגליקן אויף דער וועלט. דער מענטש, האָט האַרשל דערזען, האָט

פֿאַרלוירן יעדן ווערט. דאָס מינדסטע ברעט אין פּלויט איז זיכע־רער ווי דער מענטש... קעגן דעם אַלעם איז דאָס, וואָס איז פֿאָר־געקומען צווישן צוועטלען מיט בערטשיקן, אַ גאָרנישט מיט גאָר־נישט... ביז איצט איז ער מיט אַלע זיינע געדאַנקען געווען אַריינ־געטאָן אין דעם רויען פֿלייש. נישט געזען קיין שום העכערע זאַך. איצט איז אים דער שלייער פֿון די אויגן אַוועקגענומען געוואָרן און ער האָט דערזען זיין געפֿאַלנקייט: דאָס, וואָס ער איז געווען אַריינ־געטאָן מיט אַלע זיינע געדאַנקען אין אַ נישטיקער זאַך. איז ער נישט געווען דער ערשטער ביי צוועטלען! און וואָס איז עס דען אין גאַנצן דאָס דאָזיקע טועכץ?... סכּנות לויערן אויף דער וועלט. צוועטלס קינד ראַנגלט זיך מיטן טויט. ניין, ער איז מוחל בער־טשיקן. ער איז מוחל צוועטלען. דאָס, וואָס זיי האָבן אַקעגן אים געטאָן, איז אויס. האַרשל פֿילט, אַז עס ווערט אים לויזער אויף דער נשמה, ווי מען וואָלט פֿון אים אָפּגעצאַפּט אַ גאַנץ פֿעסל סם...

די שול ווערט וואָס אַ מאָל פֿולער. עס קומען מאַמעס פֿון קינ־דער, מומעס און באָבעס. ביי לייזערן גייט־איבער דאָס האַרץ. גיט ער אַ קלאַפּ אין שטענדער.

— דאָ אַ רבֿ אין שטאָט און גאָר נישט.

אַלע אָנגעווייטיקטע הערצער זיינען געווענדט צום ווינקל מיטן שפּינוועבעכץ, ווו דער רבֿ שטייט אויסגעדרייט צו דער וואַנט אין שטיפֿן, אָפּגעבליאַקעוועטן קאַפּעליוש, פֿון אונטער וועלכן מען זעט אַפֿיר די בלויזע פֿאַרשפּיצטע אויערן. ער שטייט דאָ, פּלאַטשיק און דיק, ווי אַ זאַנג אויסגעקלאַפּט פֿון ווינט. איידער מען קוקט זיך אום גיט ער זיך אַ שאַר איבער דער שול און מיט צוויי שפּריינז איז ער שוין אויפֿן באַלעמער.

דער עולם שטייט מיט אָפֿענע מיילער, גלאָצט פֿאַרבליפֿט אי־בער דעם טונקעלן חלל פֿון בית־מדרש. דעם רבֿס האַסטיק קול קאָלערט זיך איבער דער קאַלטער שול, לעכערט די ווענט, דרינגט־אַריין אין די געהירן, בלייבט שטעקן אין די הערצער, יעדער איינער פֿילט זיך שולדיק. די זינד, ווי אַ באַרג, וואַקסט אַליין הע־

כער און העכער. אָט באַלד וועט זיך דער באַרג אַראָפּלאָזן און צע־קוועטשן די שול מיט די מענטשן אין איינעם.

— ...מפּי עוללים ויונקים, פֿאַר קליינע קינדערס וועגן שמייסט מען אונדז מיט ריטער. יסור יסרני יה, גאָט האָט אונדז געשטראָפֿט צוליב דער הפֿקרות, וואָס הערשט אין שטאָט. מען טרינקט גוייִשע מילך. די בעטן שטייען נישט אָפּגערוקט, נאָר צוזאַמען, וואָס אַזוינס איז קיין מאָל ביי ייִדן נישט געווען. נישטאָ קיין אַחדות. מען פּסלט ליסטעס. מחלוקת מיט דאָזאָרעס. מסירות. ייִדן זיינען געגליכן צו אַ בעזעם... כּל־זמן די ריטלעך זיינען צוזאַמען, אַזוי...

הערש לוסטיק שטייט־אויף פֿון זיין שטענדער.

— צו אַ בעזעם, רבי, פֿע נישט קיין שיינער משל. גיכער צו אַ לולבֿ. צו אַ לולבֿ, וואָס אַלע שאָקלען מיט אים. ווער ס'האָט אַ האַנט, דער שאָקלט מיטן לולבֿ...

— צו אַן איינגעדאַרטן לולבֿ... — פּאָטאַקעוועט דער רבֿ מיט זיין געל איינגעטריקנט פּנים — דאָס צניעות איז געפֿאַלן. מאַן און ווייב פֿאַרשוועכן די מצווה פֿון פּריה־ורבֿיה מיט אויסטערלישע זאַכן, וואָס דאָס איז אָסור... ס'איז אַ פֿאַל, אַז ייִדן זאָלן זיך, חס־ושלום, אויפֿהערן צו מערן...

יאָסל „קיכן", דער דאָזער, פּעטשלט זיך דאָס אויסגעפּאַשעטע בייכל. זיינע פֿעטע אויגן זיינען אָנגעגאָסן מיט תּקיפֿות. דאָס קול קומט־אַרויס אָנגעשוואָלן, נגידיש, באַלעבאַטיש.

— ווי הייסט די דאָרטן, די חצופֿה, וואָס האָט מזנה געווען? וואָלפֿס טאָכטער?

האַרשל שטעפּער שטייט מיט אַן אויסגעלייטערט פּנים, גרייט אַלץ און אַלעמען מוחל צו זיין. ער האָט אַ פֿול האַרץ מיט רחמנות אויף צוועטלען. אָבער דער פֿאַרכעוואַטער דאָזער, יאָסל „קאַטאַ־זשאַן", האָט באַליידיקט זיין ווייב, וואָס ער האָט מקדש געווען כּדת משה וישׂראל... זיין געל, פֿאַרוואַקסן פּנים ווערט צוריק פֿינצ־טער, די אויגן דרייען זיך איבער, קוקן מיט סם אין יאָסלס זייט.

דער רבֿ זעט, אַז עס שמעקט מיט מחלוקת, פֿאַרלויפֿט ער בײדע צדדים דעם וועג:

— מ׳טאָר נישט מוציא לעז זײַן אויף ייִדישע טעכטער. אָבער מ׳זאָל נישט געשטראָפֿט ווערן מיט די רייד... דאָס, וואָס ס׳טוט זיך אָפּ בײַ אונדז אין שטאָט... יונגען מיט מיידן, מ׳גייט און מ׳גייט, מ׳האַלט אין איין גיין...

הערש לוסטיק רוקט זיך צו נענטער צום באַלעמער.

— וואָס אַרט אײַך, רבי אַז זיי גייען? זאָלן זיי גיין. זאָלן זיי זיך נישט אָפּשטעלן... זאָלן זיי נאָר גיין...

טרויעריק איז אַלעמען אויף די נשמות. אָבער אַ שמייכל באַווײַזט זיך דאָך אויף די בלאַסע פּנימער. אויב הערש לוסטיק מאַכט הלצהלעך אין אַזאַ ביטערער צײַט, איז אַ סימן, אַז די מגפֿה וועט לאַנג נישט אָנהאַלטן.

דעם רבֿ פֿאַלט דער טלית אַראָפּ פֿון אַקסל. ער מאַכט אים אַלע ווײַלע צו רעכט און קרעכצט ווײַטער:

— אין אַזאַ צײַט, ווען שׂונאים שטייען־אויף אונדז צו פֿאַרטיליקן, שעכט מען אויף טריפֿה. אַנדערע קצבֿים טרייבערן נישט ווי עס געהער צו זײַן די הינטערשטע חלקים. די נשים זײַנען נישט אָפּגעהיט אין ווײַבערישע דינים. די שול פּוסטעוועט און דאָס יונגוואַרג מאַכט זיך טראַאַטער אויפֿצורײַסן יענעם די אויגן נחפּשׂה דרכינו, לאָמיר נאָכזוכן אונדזערע זינד, וואָרעם מיר זײַנען אַראָפּ פֿון ייִדישן וועג.

די ווײַבער שטייען בײַ דער טיר און כליפּען. אָבער אַבֿרהמל „טריפֿענע יאַטקע“ שרײַט אַלע איבער. עס שרײַט פֿון אים אַרויס דער ווייטיק. וואָרעם ער האָט מפֿרנס צו זײַן אַ ווײַב מיט קינדער.

— רבי — רײַסט ער זיך ווי אַן אָקס — יעך האָב אויך אַ פּאַראַליזשירטע מאַמע, וואָס כ׳דאַרף זי אויסהאַלטן. זאָגט מוסר די שיינע באַלעבאַטים! שמואל לוווויטשער בײַסט־אָן פֿאַרן דאַוונען. אַ שוואַך האַרץ האָט ער, דער נאַשער. אַלע ייִדן האָבן שוואַכע הערצער הײַנטיקע צײַטן. אַז ער פֿאָרט קיין פּלאָצק, לויפֿט ער מיטן

שוואַכן האַרץ צו זעלדעלען אין די טשײַנעס[188]. אים זאָגט מוסר, רבי, און יאָסל „קיכן" דעם דאָזאָר אונדזערן, דעם שיקסע־קרי־כער, דעם אַנזעצער, דעם פּאָביטניק, דעם... יעך דאַרף לעבן, רבי. וואָס וועל איך זיך אײַנשטעלן פֿאַרן רבונו של עולם מיט כּשרות? אַזוי ווי ער האָט געוואָלט, אַזוי האָט ער.

בערטשיק „שמאַטע" איז שוין נישט דאָס, וואָס אַמאָל. „פּלאָצק האָט אים אָוועקגעלייגט", שאָקלען זײַנע „פּשיאַטשעלעס" מיט די קעפּ, מ׳האָט פֿון דעם יונג אַ תּל געמאַכט. אָבער ווי עס זאָל נישט זײַן, אין צרות און אין ליידן, איז ער נאָך פֿון דעסט וועגן בערטשיק „שמאַטע"; בערטשיק, וואָס האָט פֿײַנט שיינע ייִדן, פֿאַלשע פֿרומאַקעס. איצט נעמט ער זיך אָן פֿאַר אַבֿרהמלען.

— וואָס האָקט איר, רבי, אַ טשײַניק מיטן ייִדישקייט? כ׳האָב געהאַנדלט מיט ביינער, איז אויס ביינער. געגאַנגען אויפֿן דאָרף, איז אויס דאָרפֿלויפֿער. צוויי זשעבערעס צעבראָכן, אַן אויג אונטער־געהאַקט. דאַכט זיך געגנוג. האָב יעך געמאַכט אַ געשפּאַן און געגנו־מען פֿאַרן אויף יאַרידן, האָבן זיך שוין די יאַרידן ווידער אָפּגע־שטעלט. פֿרעג יעך ענק, שיינע ייִדן, ס׳זאָל אויף ענק קומען „תּצא רוחות", וואָס האָב יעך פֿון אַזאַ ייִדישקייט?...

ישׂראלטשע בלימעלעס כאַפּט זיך פֿאַרן קאָפּ.

— ווי צו די אויערן, וואָס הערן אַזוינע רייד! זע, גאָט, צו וואָס דו האָסט אונדז דערפֿירט. ייִדן לעסטערן דײַן הייליקן נאָמען אין אַ מקום קדוש. זאָל שוין קומען די מלחמה פֿון גוג ומגוג! אַ יאָר זאָל עס דויערן, אַ סוף זאָל עס נעמען!

הערש לוסטיק ציפּט אים פֿאַרן אַרבל.

— לאָזט צו רו, ר׳ ישׂראלטשע. זיי ווייסן דען, וואָס זיי ריידן? דאָס ריידן דאָך די צרות פֿון זיי אַרויס. ווײַבער, אַהיים קאָכן וויע־טשערע! און עטץ, מאַנסלײַט, קומט מיט מיר. קומט׳ס, מ׳וועט פֿאַר־

---

[188] טרינקהײַזער (טײַהאַלעס).

טרייבן די מגפה. לאָמיר נעמען פּלעשער שפּירט, לאָמיר גיין איבער די שטיבער, לאָמיר...

דער עולם האָט זיך געגעבן אַ ריס פון די ערטער. איז אָבער באַלד שטיין געבליבן, ווי געליימט. אויף דער שוועל פון בית־המדרש איז געשטאַנען צוועטל, אַ האַלב־נאַקעטע, מיט צעלאָזענע האָר און אַרויסגעזעצטע אויגן. אין דער טונקלקייט האָבן געבליש־טשעט צוויי שורות ווייסע ציין, ברייטע און שאַרפע. מענטשן האָבן זיך אָפּגערוקט דערשראָקענע הינטערווייַלעכץ צום אָרון־קודש צו. צוועטל שטייט אַ ווײַלע אויף אַן אָרט. דערנאָך מאַכט זי זיך אַ וועג צווישן די מאַנסלייַט. זי גייט דרייסט און אומפאַרשעמט מיט אויס־געשטרעקטע, אַנטבלויזטע הענט. מיט אַ מאָל גיט זי אין גאַנצן אַ רייס־אַראָפּ פון זיך די בליוזקע. עס גיט אַ שפּראָץ מיט ווייַס, פריש לייַב, און אַ זאַמדיק, כריפּנדיק קול רייַסט זיך אַרויס פון איר ברוסט:

— נאַט'ס ענק, מענער, נעמט'ס מייַן לייַב, טרינקט'ס דאָס בלוט. צוליב ענק, מענער, איז מייַן קינד פון דער וועלט געגאַנגען!

זי גיט זיך אַ לאָז גלייַך צו בערטשיקן, עסט זיך אייַן מיט אירע נעגל אין זייַן פּנים:

— נאַ דיר, נאַ, דו האָסט מיך פאַר אַ פרויען־צימער געמאַכט!

זי לאָזט־אָפּ בערטשיקס צעקרעלט פּנים. זעצט זיך אַוועק אויף דער ערד, רייַסט־אַראָפּ פון זיך דאָס העמד, שטעקט־אַרויס אַ ווייַס־באַלייגטע צונג צום רבֿ און לאַכט ווילד:

— כאַ, כאַ, כאַ. משוגעים! אַלע זייַנען משוגע. כאַ, כאַ, כאַ, נישטאָ קאַ גאָט אויף דער וועלט! כאַ, כאַ, כאַ. מענער, ווער וויל מיט מיר גיין?

איר קול רייַסט זיך איבער, ווי עס וואָלט אינעווייניק צעבראָכן געוואָרן. באַלד אָבער הייבט זי אָן יעמערלעך צו וויינען, האַקט מיט די פויסטן אין די שלייפן און טוט אַ פאַל צו דער ערד מיט די אַנטבלויזטע ברוסטן.

## 32 גבריאל איז זיך נוקם אין סמאָלין

גאָלדע לויפֿט גיך, גיך מיט דראָבנע טריטעלעך צום וואַלד צו. אירע האָר זײַנען צעשויבערט. דאָס קליידל אין דער טאַליע לײַכט פֿאַרשפּילעט. עס בלאַנקט פֿון דאָרטן אַרויס עפּעס ראָזעס און שעמעוודיקס, וואָס ציט־צו מאַנסבילשע בליקן. בײַם וועג, אויף אַ שטיין, זיצט צוועטל און זינגט אַ וויגליד. גאָלדע בלײַבט שטיין, קוקט זיך צו צו דער ליאַלקע פֿון שמאַטעס, וואָס צוועטל טוליעט צו זיך, פֿאַרטראַכט זיך אויף צוועטלס גורל און לויפֿט ווײַטער אָן וואַקלעניש.

זי קומט־אַרײַן אין וואַלד. לויפֿט שנעל פֿאַרבײַ דאָס וואַלד־הײַזל פֿון גאַיאָווע. דערשראָקענע סאַרנעס קוקן איר נאָך מיט אויס־באַלושעטע אויגן. וואָס ווײַטער זי גייט, אַלץ טונקעלער ווערט אין וואַלד. די זונשטראַלן גליטשן זיך דורך די קרוינען פֿון די ביי־מער און ווײַזן גאָלדען דעם וועג. זי איז אַראָפּ פֿון דער סטעזשקע און בלאָנדזשעט אין וואַלד. דער אינסטינקט זאָגט איר אָבער אונ־טער: גיי ווײַטער! זי איז שוין מיד פֿון גיין. בלײַבט שטיין אויף ס'נײַ און קוקט זיך אַרום פֿון אַלע זײַטן.

ענדלעך האָט זי עפּעס דערזען. אירע אויגן לײַכטן־אויף. אויף אַ שטעמל פֿון אַן אַלטן דעמב זיצט גבֿריאל פּריוווער, איר קוזין, פֿאַרטיפֿט אין אַ דאָקטאָריש בוך. איצט פֿילט זיך גאָלדע ווי אַ טרינקענדיקע, וואָס איז ענדלעך צוגעקומען צו אַ ברעג. גאָלדען איז שווער פֿונאַנדערקלײַבן זיך אין דעם, וואָס מיט איר קומט־פֿאָר. זי פֿאַרלאָזט זיך אין גאַנצן אויפֿן קוזין: ווי ער וועט וועלן, אַזוי וועט זײַן. זי וועט אין גאַנצן פֿאַרשפּאָרן צו טראַכטן. זי שטייט אָנגעלענט בײַ אַ בוים און אָטעמט שווער. גבֿריאל דערפֿילט דעם הויך פֿון איר אָטעם.

— דאָס ביסטו, גאָלדע? אין מיטן טאָג...

דאָס בלוט אין אים לויפֿט גיך און הייס. גאָלדע, אָפּגעטיילט

פֿון סמאָלין, גיט זיך איבער אין זײַן רשות. דאָ, אין דער אַליינקייט פֿון וואַלד, פֿילט ער זיך צו זײַן איר באַשיצער. וואָס אַזוינס האָט געקאָנט געשען אין דער היים, וואָס האָט אים אַהער געבראַכט גאָלדען?

ער רוקט זיך אָז אויפֿן שטאַם, מאַכט פּלאַץ פֿאַר גאָלדען. זי איז אַזוי שמאָל אין דער טאַליע, גאָלדע. טראָגט אַ וואַכעדיק קליידל, וואָס מען טוט־אָן אויף דערווײַל, פֿאַר מיטאָג. אײַן ריר, און דאָס פֿאַלט־אַראָפּ. גבֿריאל פֿאַרוויטלט זיך פֿון דעם בלויזן געדאַנק. עס קומט אים פֿאַר, ווי ער וואָלט עפּעס פֿאַרשוועכט מיטן דאָזיקן טראַכטן.

פֿון דעם וואַלד־געדיכטעניש יאָגט־אָן אַ פֿײַכטע היץ. אויף אַ הויכער בזשאָזע ראַנגלען זיך צוויי פֿייגל. אָפּגעפֿליקטע פֿעדערן פֿאַלן־אַראָפּ אויף זײַנע אַקסלען. גבֿריאל שאָקלט זיי אָפּ פֿון זיך. דאָס בלוט אין אים ווערט אָפּגעקילט, דער געדאַנק — לויטערער. עס וואָרנט אים אָן אינערלעכע שטים:

— דאָ, גבֿריאל, איז נישט דאָס סטודענטן־הויז. דאָ איז סמאָלין. גאָלדע האָט אַ זיידן, וואָס הייסט ישׂראלטשע בלימעלעס. ער האָט זיך שוין געקויפֿט אַ קרקע אויפֿן סמאָלינער בית־עולם און וויל דאָס אייניקל חתונה מאַכן כּדת משה וישׂראל.

זײַן שטים האָט אַ וואַרעמען קלאַנג.

— גאָלד מײַנס, וואָס איז געשען? זאָג, גאָלדע.

ער איז אויפֿגעלייגט, צופֿרידן פֿון דעם נצחון, וואָס ער האָט אָפּגעהאַלטן איבער זיך, איבער אַ שלעכטער מחשבֿה.

— ער איז דאָך געקומען צו פֿאָרן. דער קוזין, ווייסט? ער שטייט־אײַן בײַם רבֿ.

גאָלדע, אויפֿגערעגט פֿון סענסאַציע־לעכצעניש מיט דעם פֿאַר־מיטאָגדיקן רייץ פֿון דער נישט־אָנגעטוענקייט, מאַכט ווידער אויפֿ־ברויזן דאָס בלוט אין גבֿריאלן. זײַנע בלויע, לײַכטנדיקע אויגן ווערן מיט אַ מאָל פֿאַרטונקלט.

— ווער שטייט־אײַן בײַם רבֿ, גאָלדע?

— דער שידוך פֿון ריטשעוואָל! — זאָגט גאָלדע אין אַ ברוגזן טאָן, וואָס גבֿריאל האָט זיך נישט אינטערעסירט צו וויסן אַזאַ זאַך.

גבֿריאלס פּנים ווערט אָנגעגאָסן מיט גלאַנציקער רויטקייט, ווי אַ קופּערנע פּאַן. אָבער די נאָז זײַנע ציטערט ווײַס, פֿאַרשפּיצט. אַזוי אויפֿגערעגט איז אַ מענטש, ווען מען רירט אין אים אָן דאָס הייליק־סטע. סמאָלין האָט אים אָפּגענאַרט. ישׂראלטשע בלימעלעס, דער פֿעטער זײַנער, וואָס רעדט ווייכע רייד, קאָן אַ מאָל אַ בריקע טאָן. און ער, גבֿריאל, גייט זיך אום אַזוי אײדל מיט סמאָלין, שווינט גאָלדען און וואָלט וועלן, אַז די גאַנצע וועלט זאָל אים לויבן דער־פֿאַר. נײַן, די סמאָלינער זײַנען אומדאַנקבאַרע מענטשן. אין מיטן דערינען, נאַ דיר גאָר אַ שידוך פֿון ריטשעוואָל! וועט ער פֿון הײַנט אָן זיך שטרענגער באַגיין מיט סמאָלין.

— ווו איז דער „שידוך", גאָלדע? האָסט אים אַליין געזען?

גאָלדע איז צעטראָגן.

— כ'האָב דאָך געזאָגט, אַז ער שטייט־אײַן בײַם רבֿ. באַלטשע זאָגט, אַז ער האָט אַ געל בערדל. דער „שידוך" איז קראַנק אויף עפּעס. ווי הייסט עס דאָרט? — אַ פּרווידישע קרענק...

— אַ געל בערדל... — חזרט־איבער גבֿריאל פֿאַרטראָגן אין די געדאַנקען.

ער גיט זיך אַ האַסטיקן דריי־אויס. גאָלדעס אויגן גליִען, וואַרטן אויף באַשייד. פֿון די בלעטער טראָגט זיך אַ הייסע פּאַרע. עס שמעקט מיט מיענטע. די מוקן זײַנען אומרויִק. זיי בײַסן גבֿריאלן מיט שטעכיקע, געלע בערדלעך... היץ גיסט זיך אין וואַלד, ווי אַ גליִענדיקע מאַסע. זי פֿאַרפֿלייצט דעם מוח, צעשרויפֿט דעם גע־דאַנק. גאָלדע איז הײַנט אַזוי פֿלאַטערדיק. איר לײַב איז דורכזיכ־טיק. די גאַנצע פֿאַרבאָרגענע ווײַבלעכקייט האָט זיך דאָ אין וואַלד באַפֿרײַט פֿון די באַהעלטענישן און געוואָרן פֿאַר גבֿריאלן אַזוי נאָענט, אָנספּקדיק, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך. דער קאָפּ שווערט אים ווי בלײַ און דאָס ווייכע גראָז לאָקט, רופֿט צו זיך. גבֿריאלס געדאַנקען, זײַן קלאָרער פֿאַרשטאַנד באַהאַלטן זיך ערגעץ, פֿאַרבאָרגן זיך.

די וועלט האָט זיך אָפּגעטאָן פֿון גבֿריאלן, אויס סמאָלין, אויס ישׂראלטשע בלימעלעס, אויס געלער שידוך. עס זײַנען מער נישטאָ ווי גאָלדע. זײַן גאָלדע און דאָס אַליין זײַן אין וואַלד אין אַ הייסן, פֿאַרנעם פֿאַרמיטאָג.

אין גאָלדען דערוועקט זיך אַ טיפֿע, אומרויִקע דערוואַרטונג, געמישט מיט זיסער שרעק. אין איר אָנמעכטיקן שווײַגן זעט זי פֿאַר זיך גבֿריאלס אָרעמס, ברייטע און נאָענטע. אירע אויגן פֿאַר־לויפֿן מיט אַ דורכזיכטיקער שײַן. זי זעט, גאָלדע, עפּעס אַזוינס, וואָס גייט־אויף נאָר איין מאָל אין לעבן. אַזוי ווי דער ווייטיק פֿון געבוירן ווערן. אַזוי ווי דער טויטאַנגסט. אָבער באַלד טוט זיך אַלץ אָפּ פֿון גאָלדען אין דער פֿאַרלוירנקייט פֿון דער צײַט...

## 33 הערש לוסטיק ווערט אַן אַלמן

וואָס איז געוואָרן מיט ראַצע „שווער געמיט"? ראַצע „שווער געמיט" איז אין גאַנצן נישט צום דערקענען. דאָס טונקעלע פּנים, ראַצעס, ווערט פֿון טאָג צו טאָג ליכטיקער און דורכזיכטיקער. עס שײַנט מיט אַ העלקייט, ווי נישט פֿאַר דער וועלט. דאָס ביטערניש פֿון אַ ווײַב, וואָס וועט קיין מאָל נישט ווערן קיין מוטער, האָט זיך פֿון איר אָפּגעטאָן, אין גאַנצן אויסגעוועפּט געוואָרן. אירע אויגן, פֿול מיט גוטסקייט, שמייכלען מיט קינדערישער אומשולד צו אַלע, אַפֿילו צו צוועטלען, דער משוגענער, וואָס שיט איר אַרײַן מיסט דורכן פֿענצטער. ראַצע האָט זיך שוין פֿאַרגלײַכט מיט דער וועלט. עס קומט איר מער נישט קיין רעשט בײַ קיינעם. זי מאָנט אַפֿילו גאָר נישט — נישט בײַ מענטשן, נישט בײַם רבונו של עולם. וועט זיך עמעצער אַ מאָל פֿאַרזינדיקן קעגן איר, איז זי אים פֿאַרויס מוחל. ווער ס'ברענגט זיבן קינדער אויף דער וועלט און ווער ס'איז אַן עקרה. ראַצע האָט פֿרעמדע קינדער אויסגעהאָדעוועט און צו קיין

איינגענעם קדיש נישט זוכה געווען. קדיש זאָגן וועט הערש, איר מאַן. אַזוי האָט מען גוזר געווען ערגעץ ווײַט, ווײַט פֿון סמאָלין.

דאָס ערגסטע איז, וואָס עס ברעכן זיך אונטער איר די קני. די געדאַנקען אין מוח שטעלן זיך אָפּ. עס דאַכט זיך איר, אַז זי זעט אַלץ און אין תּוך אַרײַן זעט זי גאָר נישט. און עס האָט שוין מיט ראַצען פּאַסירט אַזוינס, וואָס עס טרעפֿט מיט אַ קליין קינד... ראַצע האָט זיך מיט דעם שטאַרק איבערגענומען.

— הערש! — האָט זי געוועקט דעם מאַן — ס'איז אמת, אַז אַן אַלטער און אַ קינד זײַנען גלײַך?

דורך די שפּאַרעס פֿון די לאָדנס טריפֿן טראָפּנס ליכט. הערש לוסטיק ציט זיך אויס אויפֿן געלעגער. די אויגן זײַנע זײַנען פֿאַר־מאַכט, אָבער ער דרעמלט בלויז. ער ענטפֿערט ראַצען האַלב פֿון שלאָף:

— אַוודאי זײַנען זיי גלײַך, ראַצע. די נשמות פֿון אַלטע לײַט זײַנען ריין, אַזוי ווי בײַ קינדער.

— די נשמות, הערש. אָבער דער גוף זייערער. כ'זאָל בעסער נישט האָבן געזינדיקט מיט די רייד.

— נאַרעלע... — טרייסט זי הערש — כּל־זמן שהנשמה בקרבי, ווי לאַנג די נשמה איז אין מענטשן, אַזוי האַלט זי אויף דעם גוף און מאַכט אים איידל.

ראַצע פֿאַרקרימט זיך.

— לאָמיר שוין געמאַך מיט אַזאַ איידלקייט. כ'בין נישט ווערט אַנצורופֿן זײַן ליבן נאָמען, וואָרעם כ'האָב די הענט נישט געוואַשן.

זי שלאָפֿט צוריק אײַן. עס חלומט זיך איר די חופּה־נאַכט. זי זיצט אין אַ הימלבעט באַצירט מיט בלויען זײַד. אַרום הויכע שטאַנגען פֿליִען־אַרום מלאָכימלעך מיט ראָזע קעפּלעך און מײַלעכ־לעך, ווי פֿרישע קרעלן. זיי פֿליִען־אַראָפּ צו איר. אין סאַמע מיטן פֿליט צוועטלס קינד. ראַצע האַלט די גאַנצע שטאָט קינדער אויף איר שויס. די ברוסטן אירע שפּראָצן מיט מילך. זי זייגט די קינ־דער. זיי ציִען פֿון איר, ציִען אַזוי לאַנג די וואָרצלען, ביז עס פֿאַר־

פֿעלט איר אָטעם. עס גייט איר שוין גאָר נישט אַדורך דורך דער קעל און אין מוח איז אַ גאַנצער יאַריד. זי וויל, אַז הערש זאָל צונעמען די קינדער. זי שטרעקט צו אים אויס אַ האַנט, אָבער די האַנט בלײַבט שטײַף און רירט זיך מער נישט. מיט אַ מאָל טוט די מחנה קינדער אַ פֿלי־אַוועק פֿון איר. זי אָטעמט טיפֿער אָפּ. עס ווערט איר גרינגער. זי איז לײַכט און גרינג ווי אַ פּוכעלע. דאָס פּוכעלע נעמט פֿליִען העכער און העכער, ביז עס ווערט פֿאַרשווונדן ערגעץ אין די וואָלקנס — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

הערש איז געשטאַנען מיט אַן אָפֿן מויל. ער האָט געטרייסלט ראַצען פֿאַרן אָרעם און באַנעצט די ליפּן אירע מיט וואַסער. ראַצע איז געלעגן מיט פֿאַרגלייזטע אויגן און געשוויגן. וויל הערש נישט גלייבן, אַז ראַצע זאָל אים אָפּטאָן אַזאַ זאַך. בעט ער זיך בײַ איר:

— ווי פֿאַלסטו־אויס? מאַך דיך נישט נאַריש, ראַצע, ראַצע, ראַצעלע.

טראָפּנס שוויס לויפֿן־אויף ווי פּערל אויף זײַן גלאַטן שטערן. דאָס בלוט יאָגט אין די שלייפֿן. פֿאַר די אויגן קרײַזן־אַרום רויטע רעדער. מיט די לעצטע כּוחות שלעפּט ער זיך צו צו דער קאָמאָדע. וויל נעמען אַ ביסל עפּלזאַפֿט. די הענט לאָזן זיך אים אַראָפּ. ער בלײַבט שטיין אין מיטן.

— ווי פֿאַלסטו־אויס, ראַצע? אומגעריכטערהייט, אין גאַנצן נישט צוגעגרייטערהייט...

די אייבערשטע ליפּ בײַ ראַצען איז פֿאַרשאַרצט אַרויף. דאָס מויל אויסגעקרימט. אין די ווינקלען פֿלאַטערט נאָך אַ שאָטן פֿון אַ שמייכל. דאַכט זיך הערשן, ווי ער הערט ראַצעס קול. עס קומט פֿון אַ טיפֿן ברונעם אַרויס, ווי אַ שווערער שטיין איז נאָר וואָס אַרײַנגעפֿאַלן...

— ס'איז גאָר נישט, הערש, ס'איז גאָר נישט. זאָל זיך די וועלט פֿירן, אַזוי ווי זי פֿירט זיך.

טרערן ווערגן אים אין האַלדז. ער זעצט זיך אַוועק אויף אַ

פוס־בענקעלע ראַצען צוקאָפּנס. דער טרויער שווערט אים אַראָפּ דעם קאָפּ זײַנעם צו דער ערד.

— איצט ביסטו, הערש, אַן עלנטער מענטש... — שעפּטשעט ער אים אין אויער אַרײַן — ראַצע האָט דיך פֿאַרלאָזט... ביסט איי־נער אַליין אויף דער וועלט...

די זון גייט־אויף איבער סמאָלין אַ גלעטנדיקע און אַ הייסע. דאָס קאַנאַריקל אין שטײַגל טרעלט צו אים אַראָפּ און טרייסט אים:

— לאָז דיך נישט, הערש. גיב זיך נישט אונטער!

אַ מחנה טויבן שאַרט זיך אַרום די פֿענצטער. זיי קלאַפּן מיט די שנאָבלען אין די שויבן און מאָנען דרייסט דאָס זייעריקע, צו וועלכע ראַצע האָט זיי צוגעוווינט. נעמט הערש אַ פּאָר מוציאס אַלטע חלה, צעברעקלט אויף קרישקעס און זייעט־פֿונאַנדער פֿאַר די טויבן. עס קומען אים אויפֿן זינען די יינגלשע יאָרן, ווען ער האָט זיך געיאָגט נאָך טויבן, די זיידעס פֿון די פֿייגל, וועלכע ער וואַרפֿט איצט צו שפּײַז. און ראַצע שמייכלט אַלץ צו אים מיט דעם בלאַסן פּנים.

— גוט אַזוי, הערש. די וועלט איז שיין און גרויס. צו וואָס פֿאַרגיסן טרערן?

די זון איז הויך געשטאַנען אויפֿן הימל, ווען הערש לוסטיק איז אויפֿגעשטאַנען פֿון באַווײנען זײַן ווײַב. ער האָט אָנגעטאָן די גרינלעכע זשופּיצע, וואָס אויף דער עלטער האָט ער זי גענומען טראָגן אין דער וואָכן, זי זאָל אין גאַנצן נישט צעשאָטן ווערן. האָט פֿאַרוואָרפֿן דאָס זײַדענע טיכל אויפֿן האַלדז און אַוועק שאַפֿן פֿאַר ראַצען אַ קבֿר. ער איז געגאַנגען אָנגעלענט אויף דעם הויכן שטעקן, אַ ביסל אײַנגעבראָכן. אין די אויערן האָבן אים אָפּגעקלונגען ראַ־צעס ווערטער.

— זאָל זיך די וועלט פֿירן אַזוי ווי זי פֿירט זיך.

ער האָט אויסגעגלײַכט דעם רוקן און איז מיט אַן אויפֿגע־הויבענעם קאָפּ אַרײַן צום ראש־הקהל.

— ר׳ שמואל, ראַצע איז מיר צוגענומען געוואָרן. נו, בין איך געקומען בעטן אַ קבֿר פֿאַר מײַן ווײַב.

מער האָט ער נישט גערעדט ביז איבער די לוויה אַריבער.

## 34 וימת יוסף און יוסף איז געשטאָרבן

פֿון שולצס רעסטאָראַן שאַלט־אַרויס דער ראַדיאָ און פֿאַרהילכט אַ האַלבן מאַרק. יעדן אָוונט אַזוי, צווישן מנחה און מעריבֿ, זאָגט ער אָן די סמאָלינער נײַע גזירות. מען פֿאַרמאַכט די לופֿטשיקעס[189], מען לענט־צו די טירן פֿון די געוועלבער, מען ציט אויף זיך אַרויף געמאַכטע שמייכלען, אַז שכנים זאָלן נישט דערקענען, וואָס עס טוט זיך אויף דער נשמה. די סמאָלינער האַלטן פֿון דעם כּלל: קנײַפּ די באַקן, אַז די פֿאַרב זאָל בלײַבן... וועער עס האַלט זיך נישט פֿאַר אַ געשלאָגענעם, דער איז נישט געשלאָגן... זיי וויצלען זיך, שעלטן דעם דײַטש מיט זײַן ראַדיאָ. אויפֿן געמיט ווערט אָבער נישט לײַכטער. דער ראַדיאָ עגבערט דורך דיקע מויערן, פֿולט־אויס די טונקעלע הייפֿלעך און דערקוטשעט ווי אַ זלידנע פֿליג. פֿון איין פּלומפּ ביז צו דעם אַנדערן טראָגט זיך איבערן מאַרק אַ קלאָגערײַ:

— וימת יוסף, יוסף איז געשטאָרבן. ויקם מלך חדש, אַ נײַער מלך איז אויפֿגעשטאַנען, וואָס האָט יוספֿן נישט געקענט.

*

גבֿריאל פּריוועער לייענט מוסר־ספֿרים. צוויי רעיונות מיט אַ מאָל קאָנען נישט הויזן צוזאַמען. אָדער מען האָט אַ גוטן רעיון, אָדער אַ שלעכטן. פֿון די געלע בלעטלעך הערט ער אַ טרייסט: פֿריי זיך מיטן לעבן, גבֿריאל, פֿאַרשטיי און זײַ מוחל! דעמאָלט וועלן די גוטע רעיונות גובֿר זײַן די שלעכטע. ס׳איז אָבער איבער די מענטשלעכע כּוחות — הערט ער די שטים פֿון בלוט. דײַן מעדיציניש קונסט

---

[189] קליינע פֿענצטערלעך אין גרויסע, צו עפֿענען נאָר אַ טייל.

האָט דיך פֿאַרראָטן, די פּסיכישע טעראַפּיע האָט זיך דיר נישט איינגעגעבן. די גוטע מאַנירן װעלן דיר דאָ גאָר נישט העלפֿן. עס װענדט זיך נישט אין דיר. אַנדערע טרײַבן צו דעם. די בליקן פֿון פּאַסטאָר, פֿון בירגער־מײַסטער, פֿון אַפּטייקער. זיי זאָגן און דערמאָנען דיר אויף טריט און שריט: דו ביסט שוין נישט דער זעלביקער דאָקטער פּריוװער פֿון פֿאַר אַ יאָרן, דו ביסט שוין נישט דער זעלביקער פֿון פֿאַר זעקס חדשים צוריק, פֿון פֿאַר צוויי װאָכן צוריק. דער מענטשלעכער װערט, גבֿריאלס, פֿאַלט אין יענעמס אויגן אַזוי, װי עס פֿאַלט דער װערט פֿון פּאַפּירגעלט מלחמה־צײַט. נאָך יעדער ראַדיאָ־רעדע װערט זײַן װערט געמינערט. דער בשותּפֿותדיקער מענטשן־מין װערט בטל. מען איז שוין באַלד צוויי באַזונדערע מינים. אַזוי װי דער נבֿיא ישעיהו האָט פֿאָרויסגעזאָגט, נאָר אומגעקערט... בעט ער זיך, גבֿריאל, ער בעט זיך בײַ זיך אַליין: זײַ מסכּים, גבֿריאל, אַז דו לעבסט אין אַזאַ אַטמאָספֿער... אַז די אַטמאָספֿער איז אַזעלכע און נישט קיין אַנדערע. פּאַס דיך צו, ענדער דײַנע געװוינהייטן, דײַן אופֿן טראַכטן נאָך דער אַטמאָספֿער נאָך. און װי װאָלט געװען, גבֿריאל, װען דו װאָלטסט באַלד אין אָנהייב געבוירן געװאָרן און געלעבט אין אַזאַ צײַט, װי דו לעבסט הײַנט, האַ?... און אַז איינער איז בלינד פֿון געבוירן אָן?...

גבֿריאל שעמט זיך צו קוקן מענטשן אין די אויגן אַרײַן. ער שעמט זיך פֿון דעם, װאָס זיי שעמען זיך נישט. עס פֿאַרדריסט גבֿריאלן, װאָס מען רייצט אין אים דעם װאַלדמענטש, די חיה, װאָס זיצט אין יעדן איינעם פֿון אונדז. עס זאַמלען זיך אין אים סמען, גיפֿטיקע גאַזן, װאָס דראָען יעדע מינוט צו צערײַסן דעם קערפּער.

דאָס טויג נישט — װאָרנט אים עמעצער. דאָס איז די שטים פֿון דעם בראַצלאַװער. דו מוזסט דיר, גבֿריאל, געפֿינען אַ װעג. צנורות — שטייט דאָרטן געשריבן — רערן אַזעלכע, דורך װעלכע דער סם זאָל אַרויס, אויסגעװעפּט װערן... די שׂנאה דײַנע, גבֿריאל, װעט דיך ניט שיצן. די שׂנאה װעט דיך פֿאַרלענדן. און װאָס טויג שוין שׂנאה אָן קראַפֿט?... זאָל זיך דיר דאַכטן, גבֿריאל, אַז עס איז

נאָך פֿאַר דער „דעקלאַראַציע פֿון מענטשנרעכט“. דו ביסט אַ גוטאַ־ייִד! די סמאָלינער פֿילן זיך סײַ ווי סײַ ווי פֿאַר דער פֿראַנצייזישער רעוואָלוציע. זיי האָבן זיך שטענדיק אומגעקוקט, ווער עס גייט זיי נאָך פֿון הינטן...

גבֿריאלן איז ענג צווישן די פֿיר ווענט פֿון זײַן צימער. אין דרויסן איז דער הימל אויסגעשטערנט, אַזוי ווי אַלע מאָל, אָן שום הינטער־געדאַנקען. די נאַכט, אַ בלוילעכע, הילט־אײַן סמאָלין, צערטלט, גלעט און באַרויִקט. דער ראַדיאָ־הילכער טראָגט איצט פֿונאַנדער אויף דער זעלביקער פֿאַליע קלויסטער־געזאַנג, ליבע און מחילה. גבֿריאל טאַפּט דעם שטערן. צי מישן זיך אים נישט אַ מאָל די געדאַנקען? צי האָט ער גוט געהערט? ווי אַזוי פֿאָרן זיך די בײדע געדאַנקען? ער פֿאַרלירט יעדע ריכטונג. ער גייט אָן אַ ציל. אָבער די טריט זײַנע פֿירן אים פֿון זיך אַליין צו משפּחה. אַלץ קומט־פֿאָר אויף דער וואָר. די קוזינע שבֿע זיצט פֿאַרן געוועלב און שמועסט זיך אויס מיט די ווײַבער.

— אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו קאָכן אין אַזעלכע היצן.

די אַלטע זיסל גייט אים אַנטקעגן אָנגעלענט אויפֿן שטעקעלע.

— פּראָמיסיאָן, הער קוזין, די מכּה האָט שוין געפּלאַצט.

כאַשע מיטן נאַקעטן עלנבויגן שטייט אין טויער אָפּגערוקט פֿון דער נגידישער שוועסטער. די קינדער שפּילן זיך אין רינשטאָק, רײַסן זיך אַרום צוליב אַ צוקערל.

גבֿריאלן ווערט צוריק גוט אויפֿן האַרצן... אַלץ איז ווי געווען. אַזוי ווי נעכטן און אייערנעכטן... פֿאַרלויפֿיק האָט זיך אין סמאָלין גאָר נישט געענדערט. אָבער ווו איז גאָלדע? שוין דרײַ טעג ווי ער האָט זי נישט געזען. פֿון דעמאָלט אָן אין וואַלד... גאָלדע מײַדט אים אויס. מיט עטלעכע שפּרײַזן איז ער אין ישׂראלטשע בלימעלעס געררטנדל. ער לויפֿט־דורך די שמאָלע אַלייען, מאַכט זיך אַ וועג צווישן די בייטן. גאָלדע זיצט אויף דער באַנק אונטערן דעמב. זי איז נישט אַליין. באַלטשע, דעם רבֿס טאָכטער, זיצט נעבן איר, אַן

אײַנגעהויקערטע, אַ בלאַסע. זי האַלט גאַלדעס האַנט אין אירער און טײַטשט איר אויס אַ חלום.

— גלאַז... — זאָגט זי מיט אַ פֿיבער אין די אויגן — גלאַז... אויב ס'האָט זיך דיר געחלומט, אַז דו האָסט זיך צעקאַליעטשעט מיט גלאַז, זאָגט פֿרויד, אַז... וואַרט אַ ווײַלע, כ'וועל זיך נאָר דער־מאָנען...

— פֿרײַלין באַלטשע, פֿרויד טויג נישט. בעסער אַדלער. די אינדיווידועלע פּסיכאָלאָגיע גיט מער גליק דעם מענטשן, פֿרײַלין באַלטשע! — שלאָגט גבֿריאל אָן אַ שפּאַסיקן טאָן.

אויף באַלטשעס פּנים לויפֿט־אויף אַ רויטקייט. זי שטאַמלט שעמעוודיק:

— דער דאָקטער איז אַ ליבנסווירדיקער מענטש. איך וועל אָבער איצט נישט ענדערן מײַנע איבערצײַגונגען. פֿרויד איז פֿאַר מיר אַלץ. ער דערקלערט מיר, פֿאַר וואָס מײַן ווילן איז שוואַך, פֿאַר וואָס איך קאָן זיך נישט צונויפֿלעבן מיט מענטשן, פֿאַר וואָס איך קאָן זיך נישט שפּילן, לאַכן. אַלץ טײַטשט מיר אויס פֿרויד. איך בין אויף דעם שפּור פֿון ירושה־איינגעשאַפֿטן, וואָס כ'האָב איבערגענומען פֿון מײַן פֿאָטער. אין סאַמע מיטן פֿון דער אַרבעט איבער זיך קאָן איך נישט אַוועקוואַרפֿן פֿרוידן... אָבער איך וויל אײַך ניט שטערן. אַ גוטע נאַכט!

זי גייט שנעל אַוועק מיט האַסטיקע, נערוועזע טריט. גבֿריאל קוקט איר נאָך, ווי זי דערווײַטערט זיך. עס זעט־אויס, ווי דער אימפּעט וואָלט זי אונטערגעטריבן.

— זי וועט לאַנג נישט לעבן, באַלטשע. זי קאָכט זיך אין דעם אייגענעם זאַפֿט. דער זאַפֿט ווערט טרוקענער פֿון טאָג צו טאָג... — זאָגט גבֿריאל צו גאַלדען, וואָס זיצט אַ פֿאַרטראַכטע, די אויגן אַראָפּ־געלאָזט צו דער ערד, ווי זיי וואָלטן דאָרטן עפּעס זוכן.

ביידע זיצן און שווײַגן. עס איז דאָס זיסע שווײַגן פֿון מענטשן, וועלכע האָבן פֿון פֿרײַען ווילן גענומען אויף זיך אַ סוד, וואָס טיילט זיי אָפּ פֿון אַנדערע. זי לאָזט זיך גלעטן פֿון גבֿריאלן מיט

אונטערטעניקייט. יעדער ווידערשטאַנד, יעדעס ווערן זיך האָט נישט קיין זין.

— גאָלדע, וואָס איז דיר? דו ביסט אַזוי ערנסט, אַזוי פֿאַר־טראַכט. איך וויל, גאָלדע, אַז דו זאָלסט לאַכן. מיר איז אַזוי גוט, ווען דו ביסט אויפֿגעלייגט.

גאָלדע נעמט גבֿריאלס שטעקן און צייכנט עפּעס אויפֿן זאַמד. זי הייבט לאַנגזאַם אויף דעם קאָפּ, קוקט זיך אײַן אין גבֿריאלס פּנים, פֿאָרשט פּאַמעלעך יעדעס שטריכעלע, ווי זי וואָלט אים זען דאָס ערשטע מאָל.

— כ׳וויל אַוועקפֿאָרן פֿון סמאָלין. אַנטלויפֿן פֿון דאַנען ערגעץ ווײַט.

— פֿאַר וואָס, געפֿעלט דיר נישט סמאָלין? ווי ווײַט ווילסטו לויפֿן, גאָלדע?

— כ׳ווייס, אַלע גייען־אַרום און קרעכצן. מענטשן לייגן אַלץ אויס צו שלעכטן. כ׳האָב די נאַכט געהאַט אַ שרעקלעכן חלום.

— ווילסט, גאָלדע, אַוועקפֿאָרן און מיך איבערלאָזן?

גאָלדע פֿאַרוויטלט זיך, ווי מ׳וואָלט זי געכאַפּט בײַ אַ פֿאַר־באָרגענעם געדאַנק.

— כ׳קאָן נישט פֿאַרטרײַבן דעם חלום.

גבֿריאל נעמט זי אָן פֿאַר בײדע הענט.

— האָסט נישט, גאָלדע, וואָס צו לויפֿן פֿון דאַנען. מיטן לויפֿן מאַכט מען זיך גאָר נישט בעסער...

גאָלדע לאַשטשעט זיך ווי אַ קינד.

— כ׳האָב מורא, גבֿריאל. דער שאָטן מײַנער גייט מיר נאָך אַזאַ לאַנגער און משוגעדיקער. איך שרעק זיך אַזוי! יעדע נאַכט חלומט זיך מיר אַלץ דאָס אייגענע. איך שטאַרב און דער קוזין, דו, גבֿריאל, גייסט מיר נאָך. באַלטשע זאָגט, אַז אַ מענטש פֿילט פֿאָרויס, וואָס מיט אים וועט געשען.

גבֿריאל גלעט אירע האָר, פּעטשלט זי איבער די הענט.

— בטל־אויס, גאָלדע, דײַנע חלומות אויף אַלע ווייסטע וועל־

דער. באַלטשע ווייס נישט, וואָס זי רעדט. באַלטשע ווייס נישט, וואָס עס הייסט גליקלעך זײַן. באַלטשען פֿעלט הומאָר. זי פֿילט נישט דעם טעם פֿון לעבן... דיר, גאָלדע, וועט גאָר נישט געשען. דיר טאָר נישט געשען. מיר וועלן, גאָלדע, זײַן צוזאַמען. שוין נישט לאַנג וועט דאָס געשען. דער פֿעטער ישׂראלטשע גיט מיר עפּעס אָנצוהערן פֿון „ייִדישקייט״. פֿאַר מיר, גאָלדע, איז „ייִדישקייט״ נישט אַזוי שרעקלעך... איך קוק אַנדערש אויף די זאַכן... מיר וועלן, גאָלדע, אַ סך רײַזן, זען די וועלט. אָבער אונדזער היים וועט זײַן סמאָלין.

גאָלדע פֿאַרוואַרפֿט אירע הענט אויף זײַן האַלדז.

— איך האָב אַזוי מורא, גבֿריאל, איך שרעק זיך פֿאַר עפּעס. כ׳ווייס אַליין נישט. פֿון דעמאָלט אָן...

גבֿריאל פֿילט גאָלדעס הייסן אָטעם אויף זײַן ברוסט. ער לייגט צו זײַנע ליפּן צו אירע האָר.

— די ליבע איז אין אונדז אַליין, גאָלדע, זי איז נישט אָנבאַלאַנגט פֿון מענטשן. וווער עס ליבט אויף אַן אמת, קאָן אַ סך, אַ סך איבערטראָגן. שרעק זיך נישט, גאָלדע, פֿאַר דער צײַט, אין וועלכער מיר לעבן. דאָס גוטע אין אונדז, וועט קיינער נישט צעברעכן...

אויף די סמאָלינער פֿעלדער לאָזט זיך אַראָפּ דער טוי און דעקט־צו דאָס גראָז מיט אַ ווײַס געוועב. גאָלדע דרימלט־אײַן אויף גבֿריאלס אָרעמס. דאָס האַרץ אירס שלאָגט געלאַסן. ער פֿילט־אַרויס איר הייסן בלוטלויף.

אויפֿן גאָרן צינדט זיך אָן אַ ליכט. ישׂראלטשע בלימעלעס שטייט־אויף צו חצות.

## 35 מאָשקע ווערט אַ לייט

צוועטל ליגט אין וואָגן שטרוי אַ געבונדענע. דאָס גאַנצע געסל שטריקערינס שטייט מיט פֿאַרבאָרגענע הענט און הערט זיך צו צו אירע ווילדע קולות. שׂרה־גיטל, אין דעם אויסגעקראָכענעם שייטל,

דראַפּעט זיך אַרויף אויף דער פֿור. זי זעצט זיך אַוועק דער טאָכטער צוקאָפּנס. זי קלאַפּט מיט די דינע פֿויסטן אין די שלייפֿן. די אויגן אירע זײַנען לער.

— וואָס מיר איז צוהאַנגען[190] געקומען!

צוועטל, מיד פֿון שרײַען, שלאָפֿט־אײַן ווי אַ הינדל. ווי באַלד אָבער לייזער קורניק גיט אַ שמיץ מיט דער בײַטש און דער וואָגן רירט זיך פֿון אָרט, אַזוי כאַפּט זי זיך אויף, דרייט זיך אויס מיטן פּנים צו דער שטאָט און נעמט קלאָגן אויפֿן קול איבערן גאַנצן מאַרק:

— מענטשן, אַ גזר הדין האָט אונדז געטראָפֿן. גייט׳ס אַהיים, באַהאַלט אײַך אין די קעלערן, פֿאַרריגלט די טירן, פֿאַרקייטלט די לאָדנס! זיי גייען, זיי קומען, זיי זײַנען שוין דאָ. ווו איז מײַן קינד אַוועקגעקומען? משוגעים, וואָס שטייט עטץ? משוגעים, וואָס קוקט עטץ?

דעמאָלט, אין מיטן צוועטלס געשרייען, האָט זיך אַרײַנגעשאַרט אין מאַרק אַרײַן אַ שטיל ייִנגל מיט אַ הילצערן קעסטל אויפֿן אַקסל... ער איז געגאַנגען אַ פֿרעמדער און ווי אַ זײַטיקער באַטראַכט די שטאָט. איטשע „טשאַפּ״, דער בריוון־שרײַבער, האָט דער ערשטער דערזען מאָשקען און אים צוגערופֿן צום וואָגן. מענטשן האָבן גע־מאַכט אַ וואַרע, זײַנען געשטאַנען מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם אָטעם און זיך צוגעקוקט, ווי אַזוי שׂרה־גיטל באַגעגנט דעם זון. איר פּנים איז געווען פֿאַרשטיינערט. די ליפּן, אויסגעזויגענע און האַרטע, האָבן זיך קוים באַוועגט. זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צו מאָשקען:

— דאָס איז צוועטל, דײַן שוועסטער. איך בין די מאַמע, און דער טאַטע ליגט אין דר׳ערד.

מאָשקע האָט געשוויגן. קיינעמען וועגן גאָרנישט ניט געפֿרעגט. ער האָט גענומען דאָס קעסטל מיט דעם אָנגעקלאַזטן אַמנעסטיע־צעטל און געלאָזט זיך גיין אַהיים.

---

[190] ממיתן (די ביינער צעברעכן).

ער האָט זיך זעלטן געוויזן צווישן חבֿרים. עס האָט געיאָגט פֿון אים מיט פֿרעמדקייט און אײַנגעשפּאַרט שווײַגן. אין אָוונט, ווען יונגוואַרג האָט געשפּאַצירט לענגאויס דעם טראָטואַר פֿון די ייִדישע הײַזער, האָט מען דורך די שפּאַרעס פֿון די לאָדנס געזען מאָשקען, ווי ער זיצט בײַ אַ נאַפּטלעמפּל איבער שווערע ביכער.

פֿון דעמאָלט אָן, אַז ער איז דורכגעגאַנגען די גאַס, זײַנען פֿון אַלע זײַטן געפֿאַלן דרך־ארץ־בליקן. מען האָט זיך געסודלט הינטער זײַנע פּלייצעס און זיך צוגעקוקט ווי אַזוי ער שטעלט די טריט, ווי אַזוי ער האַלט דעם קאָפּ, ווי אַזוי ער באַגריסט זיך מיט מענטשן.

— ער איז געוואָרן לײַטישער און מיושבֿדיקער... — האָבן באַלעבאַטישע ייִדן געשאָקלט מיט די קעפּ.

— דאָס ייִנגל האָט זיך אָסטאַטקעוועט[191]... — האָבן מאַמעס פֿון כּלה־מיידלעך פֿרום זיך אײַנגערוימט אין אויער — ער באַהאַנדלט גאָר אַנדערש די מוטער.

— קען פֿראַנצייזיש און ענגליש! — האָבן די באַרשטן־מאַכערס, מאָשקעס חבֿרים, דערציילט מיט קנאה — דורכגעמאַכט אין תּפֿיסה אַ גימנאַזיע־קורס.

— אָבער אין סמאָלין וועט ער מיט דעם אַלעם גאָר נישט אויפֿטאָן. גאָר נישט...

— שׂרה־גיטל הערט די לויברייד פֿון די ווײַבער. איר פּנים איז פֿאַרשטיינערט. זי שאָקלט נישט־ניחאדיק מיטן קאָפּ:

— ווען צוועטל וואָלט מיר גענעזן געוואָרן, וואָלט איך געוווסט פֿון אַ לעבן אויף דער עלטער. אַזוי אָבער בין איך געגליכן צו יענער פּאַווע: קוקט זי אויף דעם שיינעם האַלדז, לאַכט זי; קוקט זי אויף די מיאוסע פֿיס, וויינט זי.

זינט ראַצע איז געשטאָרבן האַלט הערש לוסטיק שבת בײַ שׂרה־גיטלען. ער לאָזט זיך אויסטײַטשן פֿון באָשקען דעם סאָציאַליזם, טראַכט אַלץ אין איינעם פֿון ראַצען, זײַן ווײַב, פֿון וועלכער

[191] געוואָרן אַ סטאַטיק, באַלעבאַטיש, געזעצט.

עס איז אים נישט געבליבן קיין שום געדעכעניש, און טרייסט שׂרה־גיטלען:

— מען דאַרף קוקן, שׂרה־גיטל, אויף דעם שיינעם האַלדז... און נישט אויף די מיאוסע פּיס. נאָר אויפֿן שיינעם האַלדז זאָל מען קוקן...

## 36 ווו ליגט די שטאָט סאַ—מאַ—לין?

קאָן מען דאָך מיינען, אַז סאַ—מאַ—לין געפֿינט זיך ערגעץ אין רײַסן, אין ליטע אָדער בעמען.

די וואָס וועלן אַזוי טראַכטן וועלן זיך אַליין אָפּנאַרן און דער מחבר פֿון דער דאָזיקער באַשרײַבונג וועט דאָ גאָר נישט שול־דיק זײַן.

סאַ—מאַ—לין ליגט נישט אין דער ליטע, נישט אין רײַסן און אַוודאי נישט אין בעמען.

— ווו זשע פֿאָרט געפֿינט זיך סאַ—מאַ—לין?

וועגן דעם גייט־אָן אַ מחלוקה צווישן געלערנטע. טייל גע־אָגראַפֿן האַלטן, אַז סאַ—מאַ—לין ליגט אין מעקסיקע. אַנדערע זאָגן, אַז אין פּענסילוואַניע. פֿאַראַן אויך אַ יש אומרים, אַז סאַ—מאַ—לין ליגט אין דעם לאַנד אופֿיר, דאָרטן ווו מען גראָבט גאָלד און ווו ס׳געפֿינט זיך דער אוניקשטיין. אָבער נאָך דער עניוותדיקער השערה פֿונעם מחבר, וואָס האָט געמאַכט דאָס דאָזיקע בוך, גע־פֿינט זיך סאַ—מאַ—לין נישט אין מעקסיקע, נישט אין פּענסילוואַניע און אויך נישט אין אופֿיר. סאַ—מאַ—לין ליגט אין כינע, בײַם טײַך האָנג־קאָנג, דרײַ און פֿערציק ענגלישע מײַל צו דרום־מזרח פֿון דער שטאָט קו—אַן—פֿו, ווו ייִדן האָבן געוווינט נאָך אין די צײַטן פֿון ערשטן חורבן. אַן עדות דערויף איז די סאַ—מאַ—לינער שול מיט איר פּיראַמידנאַרטיקן, דרײַגאָרנדיק געבויגענעם כינעזישן דאַך, אויך דאָס פּרוכת מיט דער שלאַנג, וואָס איז באַפּוצט אויפֿן כינעזישן

שטייגער. נאָך אַ מיינונג איז דאָ, אַז דער מלאך סמאל האָט דאָרט געהאַט זײַן קיניגרײַך. פֿון דאַנען שטאַמט דאָס, זאָגן די כינעזישע ייִדן, דער נאָמען סאַ—מאַ—לין.

איצט, אַז מיר ווייסן שוין, ווו סאַ—מאַ—לין געפֿינט זיך, קאָנען מיר פֿאַרענדיקן די באַשרײַבונג. וואָרעם דער מחבר האַלט זיך בײַ הערש לוסטיקס כּלל, אַז אויב אַ מעשׂה, זאָל זי זײַן אַ קורצע.

טאָמער וועט דעם לייענער עפּעס נישט געפֿעלן, זאָל ער קיין קשיות נישט פֿרעגן און אויך נישט פֿאַראיבל האָבן אויף דעם מחבר, וואָס האָט אָן דעם אַזוי אויך געגוג האַרץ־קלעמעניש.

*

דאַכט זיך, אַז גבֿריאל פֿריוועס איז צוגעשוואומען צו אַ שטילן ברעג. סאַ—מאַ—לין האָט אים געגעבן די נשמה־רויִקייט, וואָס קומט נאָכן אָפּלעבן די ערשטע העלפֿט יאָרן. דער וואַלד ציט פֿון אים אַרויס די סמען, וואָס אַרבעטן זיך אויס אין די געדערעם פֿון די גרויסע שטעט. די קילע טײַכלופֿט שלעפֿערט־אײַן די גערייצטע חושים. פֿרישע כּוחות דרעמלען אין אים. וואָס עלטער ער ווערט, אַלץ שטאַרקער פֿילט ער דעם טעם פֿון לעבן. די צוועלף יאָר, וואָס ער האָט געלעבט אין דער פֿרעמד, קומען אים פֿאָר, ווי אַ יאָגן זיך נאָך שאָטנס. איצט איז ער צוריק אײַנגעוואָרצלט אין סאַ—מאַ—לין. ער טרעט אויף פֿעסטער ערד.

אין דער פֿרי גרייט אים גאָלדע צו דאָס אָנבײַסן. עס איז נישט קיין געוויינטלעך אָנבײַסן. דאָס קאַווע־קריגל איז פֿון אַלטן כינע־זישן משפּחה־פּאָרצעלאַן, און דאָס זאַלצמעסטל טראָגט אויף זיך שבתדיקע געמיטלעכקייט. גאָלדע פֿלאַטערט אַרום איבער זײַן צימער ווי אַ וואַרעם פֿרילינג־ווינטל. זי בעט־צו זײַן געלעגער, גלעט דאָס קישן מיט מוטערלעכער ליבע. דאָס, וואָס האָט גבֿריאלן געפֿעלט אין די קינדערשע יאָרן, גיט אים איצט גאָלדע. אין די דאָזיקע טאָג־טעגלעכע, ווײַבלעכע אַרבעטן פֿילט גבֿריאל דעם תּוך פֿון לעבן.

ער שטייט־אויף פֿון טיש, נעמט דאָס רענצל מיט די דאָקטער־

רישע מכשירים. גאָלדע, מיט דער זעלבפֿאַרשטענדלעכקייט פֿון אַ באַרעכטיקט ווײַב, דערמאָנט אים זײַנע פֿליכטן:

— בײַם דײַטש וויטבראָט איז עמעצער קראַנק געוואָרן.

— שׂרה־גיטל די אַלמנה האָט געקריגן אַן אַטאַק.

— דער זיידע האָט געבעטן פֿאַרשרײַבן אים פּילן.

עס מערן זיך גבֿריאלס פּאַציענטן. זײַן אָנזען וואַקסט אין סאַ—מאַ—לין צוזאַמען מיט דעם געפֿיל פֿון ניצלעכקייט, וואָס באַפֿרײַדיקט און הייבט דעם אייגענעם ווערט. אין דער אַרבעט ווערט ער פֿאַרפּאַנצערט קעגן יעדער דערנידעריקונג און באַליידיקונג. ער האָט צוריק געקראָגן די גלײַכגעוויכט.

בײַם אַוועקגיין קושט ער גאָלדען אין די ליפּן. איר פּנים ווערט אײדל פֿאַררויטלט:

— די מאַמעשי האָט געבעטן נישט פֿאַרשפּעטיקן זיך אויף מיטאָג.

גבֿריאל פֿאַרלאָזט די שטוב מיט דעם וואַרעמען געפֿיל, אַז הינטער אים בלײַבט אַ היים. ער קוויקט זיך מיט דער קרעפֿטיקער זון, וואָס פֿאַרפֿלייצט אין דעם ליכטיקן פֿרימאָרגן סאַ—מאַ—לין און טראַכט פֿון זײַנע חבֿרים אין די גרויסע שטעט אין אייראָפּע, וואָס פּײַניקן זיך אין די קאַפֿעען. וואָס פֿאַר אַ האַפֿט האָט זייער הויל טראַכטן, אָן טעטיק צו זײַן! אַ ריזיקער שאַרבן וואַקלט זיך אויף ראַכיטישע פֿיס.

גבֿריאלן צעטראָגט דעם לעבנס־אימפּעט און דאָס באַדערפֿעניש איבערצוגעבן זיך אַנדערע, טאָן פֿאַר זיי דאָס נייטיקע און גוטע. אַלע מאָל, ווען עס דערוועקט זיך אין אים די פֿליכט צו מענטשן, צו לײַדנדיקע, ווערט זײַן נשמה דערהויבן און געלײַטערט. אַ וואַרעמע כוואַליע פֿון ליבע רוישט אין זײַן בלוט. יעדן איינציקן מענטשן, וואָס ער וועט טרעפֿן, איז ער אים גרייט איצט צו דריקן די האַנט, פֿרייען זיך מיט יענעמס פֿרייד.

ווי אויף אָקעגנצוקומען זײַנע ווונטשן, לויפֿט סודותדיק צעטראָגן דעם כינעזישן פֿערדשינדערס ייִנגל, וואָס גבֿריאל האָט אים

מיט דריַ טעג צוריק אָפּגעמינטערט, ווען מען האָט יענעם אַרויס־געשלעפּט אַ טרינקנדיקן פון דעם געלן טײַך. דער אַלטער פערד־שינדער האָט געטרייסלט מיט דעם צאָפּ זײַנעם און געזאָרגט שוין וועגן אַ טרומנע פאַרן זון.

— אײַנגעשפּאָרט טשאַן־כײַען אַ זאָרג, הער דאָקטער! — האָט ער געקושט גבֿריאלן די האַנט פאַר דאָס אָפּראַטעווען זײַן יינגל.

איצט ווינקט גבֿריאל צו דעם קליינעם אין גוטן מוט:

— סאַ—טאַ—שעק, סאַ—טאַ—שעק, קום נאָר אַהער, ווײַז די צעקאַלעטשעטע קני.

סאַ—טאַ—שעק קוקט פון אַ זײַט בייז און טראָציק. ער שנאָפּלט[192] מיטן קײַלעכיקן נעזל, מרוזשעט מיט די דראָבנע כינע־זישע אייגעלעך און פאַרוואַרפט דאָס צעפּל, וואָס הענגט אים נאָך ווי אַ קעציש עקל.

— ווילסט עפּעס, סאַ—טאַ—שעק?

— כ'וויל אַלץ, אַלץ וויל איך.

ענטפערט סאַ—טאַ—שעק קינדעריש, צעפּיעשטשעט און שפּרינגט ווײַטער אין זײַנע כינעזישע שיכעלעך. אין מיטן לויפן דערמאָנט ער זיך עפּעס. בײַלט די פויסטן אין גבֿריאלס זײַט און דראָעט אים:

— יוד, יוד, יוד!

גבֿריאלן גלוסט זיך לאַכן צוליב סאַ—טאַ—שעקס ערנסטער מינע און זײַן אײַנגעריסט נעזל. אָבער די פאַרנעקייט, וואָס קומט אַלע מאָל פאַרן טײַפון, נעמט־אָפּ בײַ גבֿריאלן דעם חשק צו לאַכן.

עס קומט אים אויפן זינען די אַלטע מאַ—טאַ—שאַ, זײַן באַ־דינערין, וואָס שוין דרײַ טעג ווי זי קומט נישט אויפראַמען דאָס צימער און די גאַנצע אַרבעט פאַלט דעריבער אויף גאָלדען. וואָס אַזוינס קומט־פאָר מיט דער שטענדיק געהאָרכזאַמער, גוטמוטיקער כינעזערין מאַ—טאַ—שאַ?

---

[192] באַשמעקט, שפּירט־אויס.

די גאַס ענדיקט זיך שוין. גבֿריאל שטייט בײַם ראָג און דערמאָנט זיך, אַז הײַנט איז דאָנערשטיק, ווען די כינעזער ברענגען אויפֿן מאַרק רײַז און סאַ—מאַ—לין גרייט־צו שפּײַז אויף שבת. דער מאַרק איז אָבער פּוסט, טיר־און־טויער זײַנען פֿאַרהאַמערט. די ליימענע ייִדישע הײַזלעך שטייען אַזוי הכנעהדיק און תּחנונימדיק אַקעגן דער „פּאַגאָדאַ“[193]. סאַ—מאַ—לין האַלט־אײַן דעם אָטעם.

אַ היימלאָזער הונט הינקט איבער דער גאַס און באַשמעקט דעם שטיינערנעם ברוק. בײַ אַבֿרהמלס טריפֿענער יאַטקע שטעלט ער זיך אָפּ, דראָעט מיט די נעגל די פֿאַרשפּאַרטע טיר. ער דראַפּעט לאַנג מיט רוגזה און עקשנות, ביז ער שאַרט זיך עפּעס אַרויס פֿון דער שפּאַרע. אַזוי האַלטנדיק דעם ביין צווישן די ציינער ווערט ער אויסגערונען אין ישׂראלטשעס בלימעלעס הויף.

גבֿריאל שפּאַנט איינער אַליין איבער די סאַ—מאַ—לינער גאַסן. ער זוכט די געוויינטלעכע, וואָכעדיקע טומלדיקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך שוין אײַנגעלעבט. אָבער סאַ—מאַ—לין איז שוין געוואָרן צו סטאַטעטשנע. פֿון דער דאָזיקער אומנאַטירלעכער שטילקייט ווערט גבֿריאלן אומהיימלעך.

פֿון ערגעץ ווו קומט־אַרויס אַ פֿערד אָן אַ שמײַסער. ער גייט מיט אַן אַרויפֿגעשאַרצטן עק, פֿאַרבונדן אין אַ גרויסן קנופּ, אומוויליק צו דעם פּלומפּ, קוקט זיך אַרום מיט שטאַרע אויגן, שטעקט־אַרויס אַ לאַנגע, לעכצנדיקע צונג און בלײַבט שטיין בײַ דער ליידיקער קאָריטע אומבאַהאָלפֿן און איינזאַם אין זײַן פֿערדישקייט. אין צווייטן עק גאַס באַווײַזט זיך אַ „קולי“[194] מיט אַ נאָכהענגענדיקן שיטערן צעפּל. גבֿריאל דערפֿרייט זיך. ענדלעך דערזען אַ מענטשן. ער הייבט־אויף די האַנט, אָבער דער קולי גייט מיט אײַליקע טריט, קאָנטיק, מיט עפּעס אַ שליחות.

דער יאַפּאַנישער רעסטאָראַן איז געפּאַקט מיט „קוליס“. שיכּורע, הייזעריקע קולות רײַסן זיך אַרויס אין מאַרק אַרײַן. אין דער

[193] בודיסטישער טעמפּל. — [194] שוואַרצאַרבעטער אין ווײַטן מיזרח.

טרוקנקייט פֿון דער לופֿט דערפֿילט גבֿריאל ווי דער טײַפֿון רוקט־אָן. דאָס דאָזיקע פֿאָרגעפֿיל שטײַגט אין אים, ביז עס גייט־איבער אין ממשותדיקער שרעק.

ווי איינער חלומט און וויל זיך אין שלאָף איבערצײַגן, אַז ס׳איז בלויז אַ חלום, אַזוי גייט גבֿריאל פֿון איין הויף צום צווייטן, קלאַפּט־אָן צו זײַנע פּאַציענטן. קיינער עפֿנט אים נישט. ער באַטאַפּט די ווענט. ס׳איז נישט קיין חלום. זײַנע חושים זײַנען וואַך. אַ פּאָר גרויע אויגן האָבן זיך באַוויזן אין אַ דאַכפֿענצטערל און זײַנען באַלד פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. דאָס האָבן געדאָרפֿן זײַן גרונם „מײַנע צרות״עס אויגן. אָבער ווי קומען זיי אויף אַ בוידעם, אַז גרונם וווינט גאָר אין דער נידער? גבֿריאלן נעמט־אַרום אַ באַגער צוצוגיין אין מיטן העלן טאָג צום אַליאַרעם־גלאָק און קלינגען, אויפֿוועקן די מענטשן, וואָרעם דער טײַפֿון קומט־אָן.

גבֿריאל פֿילט די סכּנה מיט אַלע חושים. אין דעם דאָזיקן פֿאָרגעפֿיל טוט אים עפּעס מיט אַ מאָל אַ זעץ אין די שלייפֿן: גאָלדע.

ער פֿאַרקערעוועט צוריק אויפֿן מאַרק. בײַ די טירן פֿון דעם יאַפּאַנישן רעסטאָראַן זאַמלען זיך באָרוועסע קוליס מיט לאַנגע צעפּ, אָן גאַרטלען. פֿאַר זײַנע אויגן שאַרן זיך אַדורך כינעזערינס מיט צעפּלאַמטע פּנימער. פֿאָרויס שפּרײַזט די מאַ—טאַ—שאַ, זײַן דינסט. אירע נאָזלעכער זײַנען ברייט צעעפֿנט. דאָס געשטופּלטע פּנים גלאַנצט. גבֿריאל באַוווּנדערט איר גבֿורה. די אַלטע האָט אין גאַנצן אויפֿגעלעבט. אין גרויס צעטראָגנקייט זעט זי אים נישט, די דינסט מאַ—טאַ—שאַ. זי האַלט אין איין קאָמאַנדעווען:

— צו שאַ—מאַ—ליי! צו שאַ—מאַ—ליי!

דער טײַפֿון דערנענטערט זיך. יונגעביימלעך קרעכצן אין ווינט. דער האָגל שמײַסט די שויבן. הינט הייבן־אויף אַ בילערײַ אויף דער שטאָט. גבֿריאלס לײַב איז באַדעקט מיט אַ קאַלטן שווייס. ער וויל זיך ראַטעווען פֿון טײַפֿון. אָבער אומעטום איז פֿאַרשלאָסן. טיר־און־טויער זײַנען פֿאַרהאַקט. די ווענט זײַנען שטום, די שטיינער שטום. ער אַליין איז אויך שטום. שטום. שטום — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער שטורעם טרייבט אים אונטער. ער נעמט לויפֿן. אָט איז שוין די שטוב זיינע. בער פֿייטאַלאָוויטשעס פֿאָרטעפּיאַן האָט דער טייפֿון אַרויסגעריסן אויף דער גאַס אַרויס. דער ווינט באַרירט די קלאַווישן. זיי קרעכצן פֿון זיך אַליין אויף די אויסגעקאַלכטע שטיינער פֿון סאָ—מאַ—לינער ברוק. עפּעס אַזוי, ווי דאָס וואָלטן געוועזן רוזשקעס לעצטע זיפֿצן.

אַ דונער האָט געטראָפֿן אין גבֿריאלס הויז און אַלץ חרובֿ גע־מאַכט. ער טרעט אויף גלאָז, פֿאַלט איבער שטיקער מעבל, פּלאָנ־טערט זיך אין אַ וואַטאָווער קאָלדרע. ער דערפֿילט אַ ברי. לייגט־צו די האַנט צו דער באַק און שמירט זיך אויס דאָס פּנים מיט פֿעדערן און בלוט. מיט גרויס מי מאַכט ער זיך אַ וועג דורך דעם באַרג ברוכוואַרג אין שטוב אַריין.

אין מיטן צימער ליגט אַנגעוואָרפֿן אַ שטויס ביכער. אין די ווינקלען וואַלגערן זיך צעבראָכענע דאָקטערשע אינסטרומענטן. דאָס בעט, וואָס גאָלדע האָט דאָ נישט לאַנג פֿאַרבעט, שטייט מיטן קאָפּ־שטיק אַראָפּ און די פֿיס אַרויף. די גאַנצע פֿאַמיליארישע וואַרעמ־קייט, פֿון וועלכער גבֿריאל האָט געחלומט, האָט זיך אָפּגעטאָן פֿון דעם דאָזיקן בעט. עס זעט־אויס ווי אַ פּירפּיסיק באַשעפֿעניש, וואָס איז געליימט געוואָרן. אַ ריח פֿון קאַמפֿער און עטער טראָגט זיך איבערן צימער און בייסט אים אין די אויגן. זיין שטים ציטערט.

— גאָלדע, גאָלדע!

בלויז דאָס ווידערקול ענטפֿערט אים אין דעם האַלב לײדיקן צימער.

ער שאַרט־אַוועק מיט די פֿיס די אומגעוואָרפֿענע שטולן און לאָזט זיך גיין אין קיך אַריין. דאָ, אין מאַ—טאַ—שאַס ווירטשאַפֿט, שטייט אַלץ אויפֿן אָרט. אָבער צווישן די אויסגעשטעלטע טעלערס און סלאָיען לייגט זיך אויס אַ פֿיינלעכע שטילקייט. אַלץ אָטעמט

דאָ מיט שטומען פּחד, וואָס דער טײַפֿון האָט אָנגעוואָרפֿן אויף די מענטשן. גבֿריאל דערזעט אַ צעשויבערטן קאָפּ האָר פֿאַרשטעקט הינטער דעם קאַסטן קוילן. גאָלדעס פּנים איז פֿאַרשטיינערט פֿון שרעק. דיווינקלען פֿון מויל זײַנען אויסגעקרימט. אַ גרויסע, גרינע פֿליג לעקט די שוים פֿון אירע ליפּן אַראָפּ. גבֿריאל נעמט־אָן גאָל־דען פֿאַר די נאַקעטע, אײַנגעריסטע הענט. זײַנע אויגן לויפֿן־אויף מיט בלוט.

— גאָלדע, גאָלדע, וואָס שווײַגסטו, גאָלדע?

עפּעס ווייטיקלעכס און שאַרפֿס גייט־אויף אין גבֿריאלס מוח, ווי עמעצער וואָלט אים אַרײַנגעזעצט אַ שפּיז אין האַרצן. ער רײַסט־פֿונאַנדער די בליוזקע אויף גאָלדעס לײַב. צווי שטײַפֿע, קײַלעכיקע בריסטלעך מיט ראָזע וואָרצלען קוקן אויף אים אָפֿן און דרייסט. גאָלדע שעמט זיך נישט. לאָזט אַפֿילו נישט אַראָפּ די אויגן.

גבֿריאל לייגט־צו זײַן אויער צו אירע ברוסטן. ער האָרכט און האָרכט, אָבער ער הערט נישט מער ווי דאָס קלאַפּן פֿון זײַנע אייגענע שלייפֿן — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## 37 גבריאל בלייבט אין סאַ—מאַ—לין

פֿאָרויס האָט מען געטראָגן ישׂראלטשע בלימעלעס אָרון אײַנ־געהילט אין אַ טלית.

ס׳איז געווען פֿאַר זונאויפֿגאַנג. דער מאַרק, ריין אויפֿגערוימט פֿון גלאָזוואַרג, האָט זיך געבראָכן פֿון מענטשן. דער טויט האָט די סאַ—מאַ—לינער אַרויסגעפּלאָשעט פֿון די שטובן און זיי צוגעגעבן גרויס קוראַזש. זיי זײַנען געגאַנגען נאָך די לוויות אָן פּחד. אַזעלכע זײַנען זיי, די סאַ—מאַ—לינער. זיי האָבן שוין גאָר נישט וואָס אײַנצושטעלן, אַחוץ דאָס נאַקעטע לעבן...

די אַלטע זיסל מיט דעם בלאָסן, פֿון דרײַ טעג נישט געפּור־דערטן פּנים מאַכט זיך מיטן שטעקעלע אַ וועג צווישן די מענער,

— פּראָמיסיאָן, לאָזט מיך פֿאָרויס צו מײַן מאַן, צו ישׂראל־טשען.

צוויי שורות מאַנסלײַט לאָזן זי דורך. זי אָטעמט שווער, זיסל. דאָס שייטל איז פֿאַררוקן און מען זעט־אַרויס ביז אין דער העלפֿט איר קורץ געשוירענעם קאָפּ. פֿאַר די „דרײַ טעג", וואָס דער טײַפֿון האָט געבושעוועט איבער סאַ—מאַ—לין, האָט זיסל פֿאַרלוירן איר שיק. איצט איז זי אַן אַלטע, דרײַ און אַכציק יעריקע, סאַמאַלינער ייִדענע. זי כאַפּט־אָן אַ נאָכבאָמבלענדיקע ציצה פֿון דעם מאַנס טלית און לאָזט זי נישט אָפּ.

— און ווער האָט זיך דאָס געזאָלט ריכטן? אַזאַ ייִ—ד, אַזאַ ייִד!

פּאַטשט לייזער קורניק מיט די הענט. בײַ יעדן טריט לענט ער זיך אָן אויפֿן שטעקעלע, מחמת די זײַטן זײַנע זײַנען שוין נישט אַזוי גלײַך ווי געווען.

הערש לוסטיק, מיט אַ פֿאַרקלעפּט אויג און אַ הויכן טורבאַן, גאָרנדיק געדרייט איבערן קאָפּ, זעט־אויס ווי אַ אינדישער מאַהאַ־ראַדזשע. דאָס אָפֿענע אויג, דאָס רעכטע, שפּריצט מיט פֿײַער. ער קוקט זיך אַרום אין אַלע זײַטן. ער זוכט דעם מאַנדאַרין, וואָס האָט צו שאַפֿן איבער דער שטאָט. ס'איז אָבער נאָך פֿרי. לײַטישע בראַמינער שלאָפֿן נאָך. בלויז אַ פּאָר קוליס וואַרטן אויף די שוועלן פֿון יאַפּאָנישן רעסטאָראַן. זיי זײַנען אָנגעטאָן אין נײַע שיך. אויף די ווערסטן גלאַנצן, אין דער בלוילעכער פֿאַרטאָגיקייט, גאָלדענע קייטעלעך. אַ טייל פֿון זיי חוזקן־אָפּ פֿון די לוויות. קרימען־נאָך, די כינעזער, די בלינדע כאַשע, ווי זי באַוויינט איר טאַטן:

— הײַ־ווײַ, טאַ־טאַ־לאָ, מאַ־מאַ־לאָ!

די אַלטע זיסל האָט נישט קיין כּוח נאָכצוגיין נאָכן מאַנס לוויה. זי שטעלט זיך אָפּ אַלע ווײַלע צו כאַפּן דעם אָטעם. זי ביי־זערט זיך סתּם אין דער וועלט אַרײַן.

— פּראָמיסיאָן, וואָס איז דאָס יאָגעניש? נעכטן, פּראָמיסיאָן, און אייערנעכטן און אייער־אייערנעכטן, ווען ס'איז געווען דאָס געוויטער, האָט מען זיך נישט געאײַלט...

הינטער ישׂראלטשע בלימעלעס האָט מען געטראָגן אַ צוויטן מת, באַגלייט פֿון די סאַ—מאַ—לינער באַלעגאָלעס און שמאַטע־הענדלערס. אין די דרײַ טעג פֿון גרויסן געוויטער איז דאָס בית־עולם געשטאַנען הפֿקר. די עגלה איז ערגעץ פֿאַרפֿאַלן געוואָרן מיט די רעדער און אַקסן. בלויז דעם אָרון האָט מען געפֿונען אַ צעבראָכענעם אין אַ ראָוו אַקעגן איבער דעם הײַזל פֿון דעם פֿערד־שינדער טשאַן־כײַ. איצט האָט מען אין אים געטראָגן, בערטשיק „שמאַטע", אײַנגעהילט אין אַ שוואַרצער דערע.

— זײַן לײַב איז דורכגעלעכערט ווי אַ זיפּ.

שאָקלט אַבֿרהמל „טריפֿענע יאַטקע" מיט אַ פֿאַרפֿעדערטן קאָפּ:

— מײַן שוואָר איז דאָך געווען אַן ערלעכער ייִד. אָבער בער־טשיק איז אַ קדוש. ער האָט זיך אײַנגעשטעלט דאָס לעבן בשעתן געוויטער.

קרעכצט גרונם „מײַנע צרות". אין דעם קרעכצן איז דאָ די שאָדנפֿרייד פֿון איינעם, וואָס פֿילט בײַ זיך, אַז ער איז גערעכט געווען. אַז דאָס, וואָס ער האָט פֿאָרויסגעזאָגט, איז מקוים געוואָרן.

האַרשל שטעפּער האַלט אין איין מחילה בעטן בערטשיקן. קיין שלעכטס האָט האַרשל בערטשיקן, אויסער די פּאָר לייגעס אין שול, קיין מאָל נישט געטאָן. אָבער וואָס האַרשל האָט אים, בערטשיקן, געווונטשן, זינט זײַן חתונה אָן, מעג אַרײַן אין אַ משוגענעם הונט...

פֿון ווײַטנס לויפֿט צוועטל. איר שפּיטאָלהעמד איז האַרט ווי אַ ברעט און טונקל ווי דאָס אַנדערמעליקע [195] ברויט, וואָס חנא בעקער באַקט־אויס. צווי פֿאַרפֿלאָכטענע צעפּ פּלאָנטערן זיך איר נאָך אויפֿן אַקסל. זי שרײַט־נאָך דער לוויה.

— בערטשיק „שמאַטע"! דרײַ מיט זעכצן אַ בילעט... פֿאַר־אַוועק זיך שטעלן דינען...

---

[195] פֿון ביליקערן מעל.

זי שטעקט־אַרויס צו דעם מאַן אירן, האַרשלען, אַ לאַנגע, באַ־לייגטע צונג און הייבט זיך אויף דאָס העמד אין די אויגן פון מאַנסלייט.

מען דרייט־אַוועק די קעפּ און מען דערמאָנט זיך צוריק אין בערטשיקן. גרונם „מיינע צרות" קוקט אויף הערש לוסטיקן. זיי־נע אויגן ווינקען אויף דער שוואַרצער דערע, וואָס הילט־איין בער־טשיקן:

— אָט, וואָס מ'האָט פון דעם אָקעגנשטעלן זיך!

הערש לוסטיק שאָקלט־צו מיט דעם הויכן טורבאַן און ענט־פערט־אָפּ אויף שטום־לשון.

— אַ מענטש לעבט סיי ווי נישט אייביק.

— פון שרעק איז עס אים געקומען, ישׂראלטשען, פון שרעק...

— קלאַפּט זיסל מיטן שטעקעלע אין שטיינערנעם ברוק — באַ־רעכנט גוט: אַ מענטש מיט אַ שוואַך האַרץ ליגט אויפן בוידעם אַכט און פערציק שעה אָן עפּעס צו נעמען אין מויל אַריין... די שטשורעס האָבן אים נישט געלאָזט צוטאָן קיין אויג. און ווי אַ צולאָג, פּראָמיסיאָן, אַ געפּגרטע קאַץ...

גאָלדען האָט מען געטראָגן די לעצטע, אָפּגערוקט אַ דרייסיק טריט פון זיידן. דאָס שוואַרצע, שמאָלע טוך האָט בולט געמאַכט די ליניעס פון איר קערפּער, די קיילעכדיקייט פון די אָרעמס און דעם לאַנגן האַלדז.

שמואל איז נאָכגעגאַנגען נאָך דער טאָכטער מיט פרעמדלעכע טריט. ער האָט זיך געשעמט צו קוקן מענטשן אין די אויגן אַריין און געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן צו דער ערד. ער האָט וווּל געוווּסט, שמואל, אַז ער גייט אויף שטיינער, איבער דעם סאַ—מאַ—לינער ברוק, אָבער דאָך האָט ער געזען עפּעס אַנדערש פאַר די אויגן.

ער האָט געזען דעם אַלטן צעבראָכענעם פאָטעל, אויף וועלכן עס זיינען געזעסן די סאַ—מאַ—לינער ראשי־הקהל מיט הונדער־טער יאָרן צוריק. ער האָט געזען אַרומוואַלגערן זיך שטיקער

זײַדנס פֿון זײַן שניטקראָם, וואָס נאָך דער עלטער־זיידע זײַנער האָט געעפֿנט אין סאַ—מאַ—לין. דאָס איינציקע ריכטיקע אָבער, וואָס ער האָט געזען אויף דער וואָר, איז געווען, ווי מען טראָגט גאָלדען, זײַן איינציקע טאָכטער, אויף צוויי איינפֿאַכע, גיך צונויפֿגעשלאָגענע ברעטער.

און אָט איז שבֿע, גאָלדעס מאַמע. זי איז שוין מער נישט הויך, שבֿע. פֿאַר די דרײַ טעג האָט זיך שבֿעס גוף אײַנגעקאָרטשעט, נישט צום דערקענען. די לעבעדיקע, פֿײַכטע אויגן זײַנען איצט טרוקן, ווי דער גלאַנץ זייערער וואָלט ערגעץ אַוועקגעקומען, די ליפּן זײַנען בלוי. דאָס קול האָט אַ הילצערנעם קלאַנג.

— אַזאַ בלײַענדיקע רויז... זעט'ס, מענטשן. וואָס מיר איז צוהאַנען געקומען. קוקט'ס־אָן די שוואַרצע חופּה!

כאַשע שאָקלט־צו מיט איין אויג, מיט דעם זעעוודיקן, צו שבֿען:

— ס'האָט אונדז ביידע געטראָפֿן אַ שוואַרצער גזר־דין! אָן איין־און־איינציקן טאַטן, מישטיינס געזאָגט, געהאַט.

אין די צרות, כאַשעס, ליגט אַ ביטערע טרייסט, וואָס דער טויט האָט זיי ביידע, די שוועסטער, אויסגעגלײַכט.

די סאַ—מאַ—לינער באַלעבאַטים ריידן ווייניק. אָבער דאָס דאָזיקע שווײַגן, אַז עס טרעפֿט זיך צונויף מיט די שוואַרצע לעכער פֿון די פֿענצטער, מאַכט קיל דאָס בלוט אין די אָדערן.

דאָס געוויטער, וואָס האָט דרײַ טעג געבושעוועט איבער סאַ—מאַ—לין, האָט נאָכגעלאָזן. ס'איז גאָר נישט געבליבן פֿאַרהוילן. אַלץ איז אויפֿגעדעקט געוואָרן. מען ווייסט שוין, ווער עס האָט אַלץ אויסגעטאָן דאָס שעמהיטל. וואָס מען האָט געטראַכט און געפֿילט, איז אָפּגעטאָן געוואָרן. אָבער נאָך דער דאָזיקער פֿײַנלעכער באַרירונג איז מען זיך נענטער געוואָרן. שוין, מען האָט זיך שוין פֿאַרגלײַכט... מאָרגן וועט מען ווידער לעבן בשלום.

צווישן דער מענגע ייִדן גייט גבֿריאל ווי אַ פֿרעמדער. וואָס קער ער זיך אָן מיט די דאָזיקע מענטשן? זייערע שוואַרצע בערד

שרעקן אים איצט מיט דער ווײַטקייט פֿון פֿאַרגיין. ער האָט געוואָלט אין זיך דערוואַרעמען דאָס משפּחה־געפֿיל און געקומען קיין סאַ—מאַ—לין. ער איז געקומען דאָ אַהער אויפֿמאָנען זײַן קינד־הייט און באַצאָלן עפּעס אַ חובֿ. אָבער וואָס איז דען סאַ—מאַ—לין? צוויי הונדערט קרומע, צעפּלאַצטע הײַזלעך, וואָס מ׳דאַרף זיי אײַנ־וואַרפֿן... מיחושדיקע ייִדן, וואָס דערנערן זיך מיט ציבעלעס און קנאָבל, אַזוי ווי זייערע זיידעס און עלטער־זיידעס, וואָס האָט ער, גבֿריאל פּריווער, דער דאָקטער און איראָפּעער, מיט דעם אַלעם צו טאָן? זײַן בלײַבן אין סאַ—מאַ—לין האָט שוין מער קיין זין נישט.

פֿון טײַך ווייעט־אַרויף אַ ווינטל. עס שפּילט זיך שטיפֿעריש מיט דעם שוואַרצן טוך, וואָס דעקט־צו גאָלדען. דאָס קלענסטע פֿינ־גערל פֿון גאָלדעס רעכטן פֿוס איז אָפּגעדעקט, גבֿריאלן טוט אַ בלענד דער נאָגל פֿאַר די אויגן. גאָלדע! באַלד וועט די געלע סאַ—מאַ—לינער ערד אין גאַנצן גאָלדען צודעקן, די דאָזיקע סאַ—מאַ־לינער ערד... זי ציט צו זיך...

אויך אים, גבֿריאלן, וועט זי אַ מאָל צודעקן. ווי קאָן ער איצט אַוועק פֿון סאַ—מאַ—לין און איבערלאָזן גאָלדען? פֿאַר וואָס בלויז גאָלדען? ווער וועט היילן די ווונדן פֿון די סאַ—מאַ—לינער? אַז דער פֿרעמדער, פֿאַר זיי פֿאַרגוייִשטער דאָקטער, זיצט צווישן זיי, פֿילן זיי זיך זיכערער... ניין, פֿאַר אים, גבֿריאלן, איז נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג. זײַן גורל איז צונויפֿגעבונדן מיט דער סאַ—מאַ—לינער ערד... ער וואָלט וועלן, אַז גאָלדע זאָל דאָס וויסן. אָבער גאָלדע איז אַלע מאָל געווען אַ שווײַגנדיקע און איצט טראָגט זי אַוועק דעם סוד, זייער סוד, אין דער אייביקייט.

זיי מײַדן די לעצטע הײַזער. הינטער דער שטאָט ציט זיך די לוויה אויס ווי אַ לאַנגער שוואַרצער פֿלעק אויפֿן געלן שאָסיי. איצט זײַנען די הערצער פֿרײַער, אויפֿגעבונדענער. די זיפֿצן צעגייען זיך איבער די רײַזפֿעלדער פֿון כינע אומגעשטערט און קלינגען־אָפּ אין דעם מעטאַלענעם רויש פֿון די בלעטער אויף די ביימער. סאַ—

מאַ—לין האָט אַרויסגעטראָגן דעם ווייטיק פֿון די ענגע שטיבער און אים אויסגעווײנט פֿאַר די הימלען.

די פֿאַרלאָזענע, פֿון דער גאַנצער וועלט פֿאַרגעסענע מאַסע, קומט־צו אַלץ נענטער צום בית־עולם. דאָרשטיקע נאָך פֿרישע טרערן, נעמען זיי זיך טוליען צו די קאַלטע שטיינער.

אָבער די מצבֿות האָבן דאָס מאָל נישט געקאָנט שטילן זייער ווייטיק. זיי אַליין, די מצבֿות, האָבן געדאַרפֿט אַ טרייסט. דער טײַ־פֿון האָט אויסגעקרימט און צעהאַקט די שטיינער. זיי האָבן זיך געוואַלגערט איבער צעקאָפּעטע בערגלעך ערד. דאָס טויער, אויס־געריסן מיט די זאַווייאַסעס [196], איז ערגעץ פֿאַרטראָגן געוואָרן דורכן שטורעם. די סאַ—מאַ—לינער האָבן אין גאַנצן פֿאַרגעסן אין זיך און זיי האָבן גענומען וויינען אויף דעם חורבן, וואָס האָט געטראָפֿן זייערע אָבֿות אין די קבֿרים.

דאָס בערגל איבער ישׂראלטשע בלימעלעס קבֿר וואַקסט אַלץ העכער. יעדער איינער שיט־צו אַ לאָפּעטע געלן זאַמד, גרינגער צו מאַכן זיך דאָס געמיט. אין גבֿריאלן ברויזן־אויף נײַע קוואַלן פֿון ענערגיע. וואָס שטאַרקער די קלעפּ, אַלץ מעכטיקער איז דער כּוח, וואָס וואַקסט אין אים. קאַלט, מיט אַ פֿאַרשטיינערט האַרץ און פֿאַרביסענע ליפּן, מינטערט ער כאַשען.

— ליבע מענטשן, דערבאַרעמטס ענק! די ליכטיקע שײַן איז דאָך מיר מיט אַ מאָל צוגענומען געוואָרן. גרונם, ווו ביסטו, גרונם? דאָס זעעוודיקע אויג איז מיר אויסגעלאָשן געוואָרן. אַ פֿינצטערע נאַכט, מענטשן. טאַטע־קרוין! כ'האָב דיך געזען דאָס לעצטע מאָל אין קבֿר און מער זע איך דיך נישט. און ווער וועט ענק צוואָגן, מײַנע לעבעדיקע יתומים?

מען פֿירט כאַשען אַוועק פֿון פֿאָטערס קבֿר. זי ציט־אויס פֿאָרויס דאָס לענגלעכע, שלעכט דערנערטע פּנים און טאַפּט מיט די הענט שוין אין גאַנצן אַ בלינדע.

---

[196] שרויפֿן, האַקעס אויף וועלכע ס'הענגט די טיר.

שבֿען האָט דאָס אומגליק געטראָפֿן אין צווייען. זי שטייט בײַם פֿאָטערס קבֿר און לאָזט נישט אַראָפּ די אויגן פֿון גאָלדען, וואָס ליגט אַזאַ באַשיידענע אויף די פּאָר ברעטער און וואַרט, אַז מ׳זאָל איר רעכט טאָן [197]. שבֿע ווייס נישט אויף וואָס פֿריִער צו וויינען. אין דעם דאָזיקן קלעמעניש פֿאַלט זי אַוועק אין חלשות אויף די אָרעמס פֿון איר קוזין, דעם דאָקטער, גבֿריאל פּריווער.

נענטער צום פֿאַרקאַן צו לאָזט מען אַראָפּ בערטשיק „שמאַטע" אין קבֿר אַרײַן. עס פּאָרען זיך דאָ די דאָרפֿלויפֿערס און אַ פּאָר חבֿרים פֿון דער פֿאַרמאַכטער ביבליאָטעק. האַרשל שטעפּער בייגט זיך אײַן. ער בעט בערטשיקן מחילה צום לעצטן מאָל:

— פֿאַר די לייגעס דעמאָלט אין שול...

אַבֿרהמל „טריפֿענע יאַטקע" שרײַט־אַרײַן:

— ביסט געווען אַ גוטער ברודער בײַם לעבן, בערטשיק. לאָז זיך נישט אויף יענער וועלט. אומעטום זאָלסטו מאָנען יושר. אַ רוח אין דײַן...

פֿון פֿאַרקאַן אַראָפּ האָט די משוגענע צוועטל זיך הויך צע־לאַכט און צוגעפּאַטשט מיט די הענט.

די אַלטע זיסל, מיט עלנבויגנס צענומען ווי ברייטע פֿליגל, שטופּט זיך דורך צווישן די מאַנסלײַט.

— פּראָמיסיאָן, מענער, לאָזט מיך צו צו מײַן אַלטן. אַזאַ געשווינדן כאַפּ געקריגן. די פּילן נישט אויסגענומען...

איבער ישׂראלטשע בלימעלעס קבֿר טראָגן זיך געלע בלעטער. דער ווינט שפּילט זיך מיט די לאַנגע פּאָלעס פֿון די סאַ—מאַ—לינער און טראָגט־פֿונאַנדער איבער די צײַטיקע רײַזפֿעלדער זיי־ערע פֿעסטע ברוסטשטימען:

— יתּ—ג—ד—ל ו—י—ת—ק—דש.

פֿון קרענצל מענטשן שאַרט זיך אַרויס הערש לוסטיק. ער

[197] פּאַרן מקבר זײַן טאָן אַלץ וואָס דער דין און מנהג הייסן.

בייגט זיך איבערן קבֿר. יעדעס וואָרט זײַנס פֿאַלט ווי טראָפּנס טוי אויף די פֿאַרווייטיקטע הערצער פֿון די סאַ—מאַ—לינער:

— כ׳טו אײַך צו וויסן ר׳ ישׂראלטשע, אַז מ׳עט צוריק אויפֿבויען די שטאָט. איך, הערש לוסטיק, בין ערבֿ דערפֿאַר.

זײַן פּנים פֿלאַמט מיט גבֿורה אין דער רויט אויפֿגייענדיקער זון.

## שמואל זאַראַמב

### צו קיינעם נישט

אַזוי ווי אַ חיה באַהאַלט איך מיך מיט מײַן ברויט,
וואָס דו רײַסט מיר אַרויס פֿון די הענט.
איך טייל זיך מיט דיר,
מיט מײַן בעט,
מיט מײַן פֿרוי,
מיט מײַן קינד,
וואָס דו באַוואָפֿנסט מיט שטיינער קעגן מיר.
דו וואַרפֿסט מיך אום אויפֿן וועג,
בשעת איך גיי צו דיר...
צו אַ געשלײַדערטן שטיין,
וואָס וויינט דורך דער לופֿט,
איז געגליכן מײַן לעבן, וואָס איז אַ שרעק פֿאַר לײַט
און מיר אַליין...

וואַרשע 1929

## דבורה פאָגעל

### האַרבסטמאָטיוו

איצט וועט גאָר נישט מער קומען,
אויף גאָר נישט מער זאָל מען שוין וואַרטן,
און אַלצדינג ווערט אומנייטיק און פֿאַר קיינעמען.

איבער די אָוונטן וויקלט זיך אויף
אַ לאַנגער באַלן פֿון קאָסטבאַרן מעלאַנכאָליע־טוך,
געשטיקט מיט זאַכן פֿאַרלוירענע פֿון תמיד.

און גרויסע גראַנאַטענע נעכט זײַנען נאָך אויסגעזעצט
מיט ווײַסע שימערירנדיקע לבֿנות פֿון זאַכן אומבאַקאַנטע,
וואָס קענען נאָך אפֿשר קומען, אפֿשר...

אָבער אין גאַסן פֿאַרמעטענע, וואָס זײַנען שוין פֿאַר קיינעמען,
ווערן צו גאָרנישט, קיין מאָל נישט געוועזענע זאַכן:
פֿאַנטאָמען קאָלירטע אויף קוליסן פֿון גרויען וואַרטן.

פֿאַר די פֿענצטער שטייען ראָסטיקע קאַשטאַן־ביימער.
שמעקן מיט וואַקס. מיט דעם וואַקסערנעם רויט פֿון זאַכן
פֿאַרשפּילטע שוין פֿון אָנהייב, שוין פֿון תּמיד.

וואַרשע 1931

הירש גוטגעשטאַלט

## ווען גורלות וויגן זיך

פראַגמענטן

מיר, מיט אַלטן בלוט און פֿאַרזשאַווערטן גליד,
מיר, טויזנטקעפּיק, טויזנטיעריק מיליאָנען־שטויב,
מצורעים אין דער וועלט און אויסדערווײלטע.
איך נעם אויף זיך אײַער לאַסט,
אײַנגעשפּאַנט אין אײַער גורל
און וויל שפּילן דאָס ליד פֿון אײַער גערונענע בלוט,
בראַנדוווּנדיק אײַטערדיקן צער
אין יונגער אומרו פֿון אײַער אַלט געמיט —
ייִדן!

## מיר, פרעמדע

איבער לענדער פֿון גאַר דער וועלט
זײַנען מיר, ווי כמאַרעס פֿלעדערמײַז, געקומען
פֿאַרסמטע און מידע
פֿון הכנעה און אימאַזשינירטער אויסדערוויילטקייט.
מיט גאָט און גאָלד זיך ברויט אויסגעבעטלט
און זיך אומעטום, ווי ווערעמס אין שפּאַרעס, אַרײַנגעשפּאַרט.
זיך געפּרוכפּערט און געמערט
אין פֿוילנדיקער ענגשאַפֿט
און לײַזיקן דלות.
אין פֿרום־קאַטוילישן, געטלעכן שפּאַניע,
אין פּראָטעסטאַנטישן גערמאַניע,
אין שליאַכטישן פּוילן,
פֿאַרקנעכטעטן רײַסן
און אָרעמען ליטע —
האָבן מיר געפּאַכטעט גיטער,
אַרענדירט קרעטשמעס
און געפֿירט וואָכער.
אונדזערע ערי־מקלט
האָבן מיר זיך געקויפֿט
בײַ גערמאַנישע פֿירשטן,
גאַלישע מאַרקיזן
און לעכישע האַרן,
און געצאָלט מיט ווײַב, מיט לײַב, מיט קנס.
ווי שעפּסן האָבן מיר זיך צו איינאַנדער געטוליעט
אויף די ווײַטע עלנטע ראַנדן פֿון דײַנע שטעט, אייראָפּע.
ערגעץ אונטן, בײַם טיבער,
בײַם שטילן מײַן,
טונקעלער שפּרײַ

און גרויער ווײַסל —
כּדי נישט צו שטערן דײַן רו,
דעם פֿרידן פֿון דײַנע אויסגעכאַליעטע[1] ווײַבער.
מיר זײַנען אין בהלה געקומען,
אין פֿײַער פֿון אונדזערע אויסגעברענטע לײַבער
און אין שרעק אויפֿגעשטורעמטן געמיט
ניו־יאָרק.
אונדז האָט תּמיד באַגלייט דאָס שטיקנדיקע קטורת
פֿון אָפּגעסמאַליעטער אמונה...
מיר זײַנען געווען דײַן אײַטערדיקע ווונד, אייראָפּע.

## מיר און וועלטקריג

ווען אויף געהיימע קאָנווענטיקלען
האָבן קאַנצלערס, מלכים און פּרעזידענטן
אַכזריותדיק־פֿרעמד, קאַלט געוויגן און אויסגעחשבונט:
— ס׳לוינט!
און באַשלאָסן.
און איבער נאַקעטע, עלנטע אין מרחקים אויסגעצויגענע
שוואַרצע, פֿינצטערע דראָטנעצן —
ס׳האָבן גורלות זיך געוויגן,
און איז האַרבסטיק הודזשענדיק אומפֿאַרשטענדלעך געמורמלט:
— ס׳לוינט! —
און שוין.
זײַנען גורלות פֿון פֿעלקער און לענדער געווען געחתמעט.
אינעם ווירבלווינט, וואָס האָט מיט ווּט געוואָיעט,
פֿעלקער ווי שפּענער געשלײַדערט
און האָבן מיט שוואַרצער פּעסט אין דײַן לײַב געאײַטערט,
— אייראָפּע —

---

[1] קרענקלעך אויסגעהאָדעוועטע.

ס׳איז געווען געחתמעט אויך אונדזער גורל:
פֿון אונדז, די שטעטישע, אָנלאַנדיקע, באָדן־פֿרעמדע,
און ווען מיר זײַנען אויף פֿעלדער אַרויס,
און דעם ריח פֿון רויער ערד דערשמעקט,
(און ווי אויפֿגעאַקערט, האָבן מיר דיך, ערד, דערקענט),
האָבן מיר בײַ דיר געלערנט דעם קאַלטן רייץ פֿון גלאַנציקן וואָפֿן,
דעם קאַראַהאָד־אָטעם פֿון קאַנאָנען
און שפּיציק שאַרפֿן פֿײַף פֿון מיטראַליעזן — — —
מיר, אַלטע, שוואַכע און הכנעהדיקע,
אין אָטעם פֿאַרסמענדיקן רויך
האָבן מיר צוזאַמען מיט אײַך, מיליאָנען, בלוט געטרונקען
און ווי איר נישט געשוואָלן געוואָרן;
מיר זײַנען צוזאַמען מיט אײַך אויף פּגרים געשלאָפֿן,
פּגרים געאָטעמט,
און ווי איר נישט פֿאַרעיפּושט געוואָרן — — —
ווען אונדזערע טאַטעס,
אונדזערע אין היימען געבליבענע ווײַבער און קינדער,
אונדזערע שטילע און אײַנגעהויקערטע שטעטלעך און עלנטע שולן
זײַנען געוואָרן דער ציל פֿון אײַער גזלעוואַיע,
אונדזער האָב־און־גוטס
צום רויב פֿון אײַערע מאַראָדערן[2] —
אײַער ווילעיונגערישן שפּיל און שפּאָט.
איר האָט אין נאָמען פֿון מלוכה־נויטווענדיקייט
און לאַנד־פֿאַרטיידיקונג
אונדז ווי ווערעם פֿון אונדזערע היימען אַרויסגערויכערט.
און ווען איר און אײַערע רעזידענצן זײַנען געווען פֿון שׂונא
באַדראָעט

---

[2] די וואָס קומען אויף שלאַכטפֿעלדער נאָך דער שלאַכט צו רויבן בײַ די מתים אַלץ וואָס האָט אַ ווערט.

און פֿאָלק האָט אײַערע פּאַלאַצן געשטורעמט,
ברויט פֿאַרלאַנגט און פֿרידן באַגערט,
האָט איר אונדז אין גרויע שינעלן, פֿון אָקאָפּעס אַרויס,
גרוי און ערדיק,
איבער די רוישיקע, ווילד אויפֿגעברויזטע גאַסן אין רעזידענץ־
שטעט געפֿירט
און מיט בלאַנקע באַגנעטן שפּיזיק געטײַטלט אין אונדז:
— פֿאַררעטערס!
און מיר — — —
מיר האָבן צו מאָל נישט געוואָרפֿן אונדזערע ביקסן,
צו מאָל נישט צעבראָכן אונדזערע לאַנצעטן,
נישט אונטערגעצונדן צו מאָל אונדזערע פּאַלאַטקעס[3],
נאָר הינטיש און הכנעהדיק
דערפֿילט אײַך דינסט
און אײַערע באַפֿעלן געהערט —
מיר, די איינציקע און אויסדערוויילטע!
אין די טילן פֿון אײַערע אַרמייען, רויב־גיריקע,
אין שגעון בלוטיקע, און זנות־זאַטע,
האָבן זיך אונדזערע קרעמערס און ליפֿעראַנטן
פֿאַרבאָרגן נאָכגעשלעפּט,
מיט אײַך מסחר געפֿירט,
וואָכער געטריבן,
ווײַבער באַזאָרגט
און תּבֿואה געליפֿערט.
בעת איר האָט דעם לעצטן פֿלאָקן פֿון אונדזער האָב־און־גוטס
געפּלינדערט —
מיר האָבן אים בײַ אײַך אויסגענאַרט,
געלאָסן און שטיל אײַער בלוט־שגעון געלאָשן,

[3] פעלד־געצעלטן.

מיט זאַטע און קינדיש צאַרטע, קינדיש פֿאַרלעגענע רייד
איך איינגענומען —
מיר עלנטע, שווייגנדיקע
און הינטיש־הכנעהדיקע.

## מיר נאָכן קריג

דאָס גרויסע רויב איז געווען איינגעטיילט.
פֿעלקער באַפֿרידיקט און אין רו איינגעוויגט.
איבער וועלט האָט זיך ווילד און פֿרעך צעהודזשעט:
— זיג!
נאָר אין מאָסקווע און אין לענינגראַד,
אין ווין און אין בערלין
האָבן אין נעכט שטורקאַצן רויט און פֿלאַמיק געשיינט,
און פֿאָלק האָט שטורמיש געיובלט און פֿאַרלאַנגט:
— רעכט און ברויט!
און אַזוי פֿריידיק און שטאָלץ
האָט ס׳ערשטע מאָל אין וועלט,
איבער דראָטן האָפֿערדיק און ליכטיק,
שפּילעוודיק און צערטלדיק געזונגען:
— צו אַלעמען, אַלעמען!
פֿרידן וועט קומען אויף דער וועלט
דורך פֿלאַם און פֿייער,
דורך בראַך און בלוט.
און שטעט און לענדער האָבן פֿאַרבליפֿט געהערט,
געשטוינט און געשוויגן.
שווערד איז געווען אין שייד באַהאַלטן,
ביקס אין ערד מיט באַגנעט אַריינגעשטאָכן,
קאַנאָנען האָבן מיט פֿאַרשטאָפּטע מײַלער גערוט,
מאַשינען־געווער אָנגעאײַלט האָט לוסטיק געגלאַנצט —
עס איז געווען פֿרידן אויף דער וועלט און רו.

ניו־יאָרק האָט געקייבלט: צאָל!
פּאַריז האָט געיובלט: קאָנטריבוציע!
לאָנדאָן האָט געגאָדערט: מערק!
און איבער פֿאָלק און לאַנד איז געגאַנגען הויל,
איז געגאַנגען קלאָר,
ווי מאַרגנרויט אין קאַיאָר:
רעכט און ברויט און וועלט —
פֿאַר אונדז!
ס'האָט זיך געראַנגלט פּעטראָגראַד, געצווייפֿלט מאָסקווע —
איר זײַט דאָן צו הילף געקומען:
מיט ווראנגלס חיילות,
מיט דעניקינס באַנדעס,
פּעטלורעס רויבווערעם
און פּוילן־ריטערס.
אין פּראָסקוראָוו, מיר און בערדיטשעוו,
אין לעמבערג, פּינסק און ווילנע
זײַנען מיר דאָן נאַקעטע צו שאַנד אויף פּאַרקאַנעס און קלאָזעטן צוגענאָגלט געוואָרן,
און דערשיטערטע, מיט צונג צו גומען צוגעשוואָלענער געליימטע,
אַרײַנגעיאָמערט אין אונדזערע לײַבער אַרײַן;
זײַנען מיר אין וואָלין און פּאָדאָליע,
אין אַײער צו רעטונג גערופֿענער אוקראַינע
געשאָכטן געוואָרן פּאַשעסווײַז, ווי גענדז — — —
איר, האַרן פֿון קאַפּיטאַל און קולטור,
האָט דאָן פֿון ענגלאַנד לאָדונגען גאָלד געשיקט,
פֿון פֿראַנקרײַך טראַנספּאָרטן מיט וואָפֿן,
און אויף שיפֿן געפֿירט פֿון אַמעריקע ווייץ און קאָרן.
און די באַרעמהאַרציקע און צדקה־שענקענדיקע —
ברידער אונדזערע אין מערבֿ,
די הערן פֿון וואָלסטריט,

די דירעקטאָרן פֿון שטאָלטרעסט
און שׂררות פֿון נאַפֿט־קאָנצערנען —
ווען מיליאָנען זײַנען מיט פֿלאַם אויף וועלט אויפֿגעגאַנגען
און מיר זײַנען אויסגעגאַנגען —
צוזאַמען מיט אייראָפּע און וועלט־באַזיצערס
האָט איר אײַער באַזיץ געשיצט,
אײַער גיריקייט געשפּײַזט
און אונדזערע לײַבער צו רויב געשענקט —
וורענגל־באַנדעס,
דעניקין־האָרדעס,
פּעטלורע־ווערעם
און פּוילן־ריטערס.
איר האָט וועלט אויסגעלייזט
און לענדער און פֿעלקער־באַשטימונג געשטיצט.
עס האָט איבער וועלטשטעט געברומט
און ווי שטינקפֿליגן איבער קלאָזעטן געזשומט:
מיר זײַנען די וועלטצינדערס,
שׂריפֿה־שפּרייטערס.
און איר, אין ניו־יאָרק בראָדוויי, אין לאָנדאָנער סיטי, אין פּאַריז,
האָט זיך געשעמט מיט אונדז און באַמיט זיך און געפּלײַסט
דער וועלט אויסצוטענהן און דערווײַזן!
מיר זײַנען שטיל און שווײַגנדיק,
מיר זויגן דײַן קולטור, אייראָפּע, און טרינקען דײַן שטויב.
יאָ, מיר האָבן אין מזרח די וועלט געצונדן!
און אויב מיר זײַנען עס נישט געווען —
מיר וועלן עס זײַן —
נישט הײַנט, איז מאָרגן,
מיר — אָן ברויט און רעכט,
אָן הויז,
פֿאַרוואָרלאָזטע און אין שפּעט געלאָזטע,

אַנטאייגנטע און פֿאַרלײַזיקטע,
מיר װעלן,
מיר װילן
די צינדערס פֿון אײַער װעלט זײַן
און װעלטבראַנדונג ברענגען!
מיר — באַזיצלאָזע
און עלנט־אָרעמע,
מיר — מיליאָנען ייִדן.

װאַרשע 1931

## משה שימעל

# דאָס ראָד

כ׳האָב גאָר נישט פֿאַרלוירן, כ׳װעל גאָר נישט געפֿינען.
כ׳מוז אױפֿגײן און זינקען, כ׳מוז װיאָנען און גרינען.
כ׳מוז זינגען און שװײַגן, כ׳מוז װײנען און לאַכן,
באַצװוּנגען פֿון גאָט, װאָס טוט שרײַען אין זאַכן.

דער אָװנט באַרױשט מיט זײַן שטילקייט דעם בוים.
דער בוים פֿאַלט מיט שאָטן אױף שקיעה פֿון װאַסער.
פֿאַר װאָס איז מיך נעכטן באַפֿאַלן אַ טרױם,
װען כ׳האָב זיך פֿאַרקוקט אין דער רױטקייט פֿון װאַסער?

מען קען פֿון דעם ראָד נישט אַרױס, און דאָס ליד
װאַקסט אָן אַן אָנהייב, און ס׳װײסט נישט נאָך װאָס.
(פֿליג בײַ אַ שױב, װאָס װיל דורכברעכן גלאָז,
זשומעט און קלאַפּט ביז זי פֿאַלט אַװעק מיד).

1933

בינעם העלער

## מיין גאַנג

צי וועט אייביק שוין זײַן
מײַן גאַנג —
ווי אויף זאַמענהאָף[1]־גאַס —
אין געדראַנג
פֿון אַרבעטלאָזע,
וועכטערס
און פֿאַראומערטע ייִדן,
פֿאַרקלאַפּטע אין לאַנגע מלבושים,
ווי אין שוואַרצע אַרונות?
וועט אייביק שוין זײַן
מײַן גאַנג אַט אַזוי
און כּסדר, און שטענדיק
וועט אין רוקן —
ווי נאַכט —
מיר קילן טעראָר?
צי וועט זײַן
אויך דער סוף אַט אַזאַ,
און מיט שוואַרצע פּסוקים,
און מיט גרויסע שטיוול
וועלן קברנים טאַנצן,
וועלן קברנים טופּען,
פֿאַרטופּען
די ערד אויף מײַן קאָפּ?

---

[1] נאָמען פֿון אַ ייִדישער גאַס אין וואַרשע (פֿריִער דזשיקע), אויפֿן נאָמען פֿון באַרימטן עספּעראַנטאָ־שאַפֿער.

און איך
וועל אַנטקעגן נישט גיין —
יאָרן מײַנע
געמאָרדעטע
אין שטויביקן וואַרשטאָט ?
און איך אַליין
וועל קיין מאָל נישט זען :
מײַן היים —
אַ גייענדיקע
מיט שטיינער פֿון איר ברוק
צו שויבן פֿון די רײַכע אַלייען ?

צי וועט אייביק שוין זײַן
מײַן גאַנג אַט אַזאַ ? — — — —

וואַרשע 1936

יהודה ליס

## עס זיינען באַלאָדן די מאַמעס מיטן יידישן עלנט

עס זײַנען באַלאָדן די מאַמעס מיט יידישן עלנט פֿון שטובן,
מיט אומעט — אַ פּודיקער אומעט, וואָס גייט־אויף פֿון
נאַקעטע טישן ;
בײַ פֿענצטער פֿאַרפֿאָרט זיך אַ מאָרגן, אַ מאָרגן — אַ ליידיקער
וואָגן,
ווייקט זיך דער מאַמעשער צער אויף פֿײַכטער
צעקנאָדערטער קישן.
שפּרינגען אַנטקעגן מיט ווייטיק פֿאַרחלשטע ליפּן פֿון קינדער,
און שראַנקען, וואָס שרעקן פֿון פּוסטקייט, אַ ליידיקער טאָפּ.

„בישטאָ שוין אַווו הײַנט צו באָרגן". — קרימט טאָג אויס
זײַן פּנים צו מאַמען.

לאָדן זיך זאָרגן, ווי משׂא, אויף מאַמעס פֿאַרמאַטערטן קאָפּ.
שוואַרצלען זיך טריטן פֿון הונגער אויף שוועלן פֿון ייִדישע שטובן,
דערציילן דעם דרויסן, אין שטילן, פֿון אָרעמע טעג און פֿון וואָכן;
פּילט מאַמע, ווי שטוב ווערט צעפֿאַלן, ווי שיף בעתן שטורעם
אויף כוואַליעס,

און ס'לעשט אַ באַהאַלטענער פֿונק זיך פֿון ייִדישן אַלטן בטחון.
שטייט מאַמע אין פֿרײַטיק־פֿאַרנאַכטן מיט אָרעמען פּנים
צו ליכטער:

„ברויט פֿאַר די קינדער, אַ מלבוש, נישט אָנקומען זאָל מען
צו קיינעם".

שטייט מאַמע באַלאָדן מיט עלנט, מיט ייִדישן עלנט פֿון שטובן,
און ס'ציטערן פֿרײַטיק־צונאַכטן אויף לײדיקע טישן וואָס וויינען...

ווארשע 1932

יחיאל לערער

## תהילים־געזאַנגען

פראַגמענטן

זע נאָר, גאָט, ווי זיך געמערט
האָט מײַן קעגנער און מײַן פֿײַנט,
און מײַן אויג צו דיר נאָר טרערט,
צו דיר נאָר מײַן נשמה וויינט.

אַלע זאָגן: כ'בין פֿאַרפֿאַלן,
ס'וועט צו מיר קיין הילף ניט זײַן —
שטיי־אויף, גאָט, זײַ מײַן באַשיצער,
זײַ מײַן הילף, מײַן פֿעלדזנשטיין.

כ׳בין אַנטשלאָפֿן, מיד פֿון וואָגלען,
דאָך איך הער אַ שטים מיך וועקן.
— האָ, ווער איז עס? — דאָס איז גאָט!
שוין פֿאַרשוווּנדן מײַנע שרעקן.

און וויפֿל פֿאָלק איר זאָלט ניט זײַן —
פֿאַרוואָרצלט איז און שטאַרק מײַן גלויבן.
זעט איר דען נישט? גאָט מיט מיר
און זײַן הויך וועט אײַך צעשטויבן.

*

היט מיך, שיץ מיך, גרויסער גאָט,
פֿאַר דעם פֿאָלק דעם שלעכטן,
פֿאַר אַ פֿאַלשן בייזן פֿײַנט,
פֿאַר דעם אומגערעכטן.

זאָג מיר, ענטפֿער, גערעכטער גאָט,
וואָס האָסטו מיך פֿאַרלאָזן?
אַ פֿינצטערע נאַכט, דער פֿײַנט מיך יאָגט,
שטורעם־ווינטן בלאָזן.

שיק דײַן ליכט, דײַן אמת שיק
און לאָזן זיי מיך פֿירן
צו דײַן באַרג, דעם הייליקן,
צו דערקענונג־טירן.

בייג דיך נישט, מײַן לײַב, פֿאַר צער,
קלאָג נישט און נישט וויין.
גאָט וועט זײַן דײַן שוץ, דײַן רעטער,
וועט דײַן פֿעסטונג זײַן.

*

וי דעם וואָלף אַ שוואַכע שאָף,
אַזוי בין איך דער וועלט,
האָרן האָב איך פּיל און יעדער
טוט וואָס אים געפעלט.

מײַן לעבן גאַנץ איך וואַנדער נאָר
טריב פון לאַנד צו לאַנד,
אָן אַ וואָפן אויפן אַקסל,
אָן אַ שווערד אין האַנט.

אַרום מיר שאַלט דעם שונאס דראָען
וי אַ לייבגעבריל,
איך מוז שווײַגיק שטיין און וערלאָז,
טוט ער וואָס ער וויל.

*

שטענדיק ווינען צווישן שלאַנגען,
הערן נאָר זייער צישען[1],
פון אַ רווישיק טײַכל ווײַט,
פון אַ בוים אַ פרישן.

שטענדיק צאַפּלען וי אַ פישל
אין טויטשרעק, אין געפאַרן,
וי אַ גרעזעלע אין מדבר
אָן טוי, אָן רעגן דאַרן.

שטענדיק וועלקן אין דער פינצטער
אָן אַ האָפענונג־שטראַל —
אַ, גאָט פון פרייד, זאָל זײַן גענוג
דאָס טרויעריקע שיקזאַל!

1930

[1] צישען (אָנאָמאַטאָפּיי) קלאַנג צשששש...

# שטילקייט אין שטורעם

שטייט־אויף, אַלע קעמפּערס, וואָס קעמפּן מיט זיך, שטייט־אויף
צום קאַמף!
זאָל קיינעם דער אָפּגרונט פון טויט נישט דערשרעקן און פון
לעבן דער תּהום.
מיר צאַפּלען און גאַרן אַ באַגין, אַ גינגאָלדענעם — וואָס זשע,
אַז ס'איז פינצטער די נאַכט?
ווו צילט אונדזער וואַקלדיק, צאַפּלדיק שיפל אויף די שטילע,
אומענדלעכע ימען?
אונדזער באַרקע[1] איז טונקל און העל שײַנט דאָס אינדזל, וואָס
ווינקט אונדז צום סוף פון די טעג.
דאָרט ווערט אונדז אַ ברודער דער שטראַל פון באַגין, אַ
שוועסטער — די פּרימאַרגיקע בלויקייט.
און קיין שאָטן פון טרויער פאַרפינצטערט נישט קיין מאָל דאָס
גאָלדענע זאַמדל פון דעם אינדזל.
דאָך פאַר וואָס, ווען מיר זעען דאָס, פאַרטראַכט זיך דאָס אויג
און אין נעפּלען פאַרהילט זיך די וועלט?
מיר קריגן פון לעבן, אַ, זיסע מתּנות, אַ שאָד זיך צו שיידן.
עס ברענט אונדז דאָס לעבן מיט פלאַמענדיק פײַער, מיר
ווילן פאַרשווינדן,
עס צאַפּלט דער גײַסט צווישן וואָלקן און שטערן, צווייפל און
האָפענונג,
ווען וועט שוין דאָס איינע דעם גײַסט אונדז באַהערשן, אָ,
איינציקער גאָט!
מײַן פרײַנד האָט בײַ נאַכט זיך פאַרבלאָנדזשעט אין די
פינצטערע שאָטנס פון וואַלד.

*

[1] שיפל.

אײביקער וואַנדערער, די צײַט איז געקומען פֿאַר אַ שטענדיקער
היים זיך צו זאָרגן.

פֿאַרלאָז דײַנע וואָגלדיקע, וואַקלענדיקע וועגן, דײַן שטענדיק
זיך טוישנדיקן הימל,

דײַן שוועבנדיק ליד, רײַס־אַרויס זײַנע פֿליגל, צעשטרײַ עס
אויף אַלע פֿיר זײַטן,

דײַן פֿלאַטערדיק האַרץ רײַס־אַראָפּ זײַנע זעגלען, הער־אויף
שוין דײַן שפּיל מיט די פֿאַליעס,

און לאָקט אַ פֿונק גאָלד אויף די ווירבלדיקע פֿלאַכן — לאָז
נישט אין לויף דיך דערנאָך.

און הערסטו וואָס ווײַנען אָט דאָ פֿאַר דײַן פֿענצטער — פֿאַרווייך
נישט דײַן האַרץ צוליב דעם.

ווײַל אַ צײַט איז פֿאַראַנען אויף אַלץ אין דער וועלט, און
אויך אויף דעם וואָגלער אַ צײַט.

ווען בענקסטו נאָכן זינג פֿון פֿויגל באַגינען, בעט אים
אַרײַן אין דײַן צימער,

און שענק אים אַ קערנדל אָדער צוויי פֿאַר זײַן ליד און
שיק אים אַלס פֿרעמדן אַרויס.

ווען דו ליבסט אויך דעם רוף פֿון דער קוקו פֿרימאָרגנס,
בעט זי אַרײַן, אויב דו ווילסט,

נאָר שיק זי באַלד צוריק אויף איר אָרט אין די צווײַגן
און לאָז איר נישט רויבן דײַן טאָג.

ווען הערסט אויך דעם שנײַדנדיקן רוף פֿון דעם טויט,
נישט לאָז דיך פֿאַרצווייפֿלען פֿון אים,

מעגסט דײַן געהער אויף אַ רגע אים שענקען, אָבער קער
צו דײַן טאָגאַרבעט צוריק.

אַ צײַט איז פֿאַראַנען אויף אַלץ אין דער וועלט, אויך אויף
דעם וואַנדערער אַ צײַט.

אײביקער וואָגלער, די צײַט איז געקומען פֿאַר אַ שטענדיקער
היים זיך צו זאָרגן.

1932

מײַן פֿרײַנד האָט בײַ נאַכט זיך פֿאַרבאָרגן אין די פֿינצטערע
שאָטנס פֿון וואַלד.
קיין מענטשלעכע שטימע דערגרייכט נישט צו אים, קיין
פֿינקלדיק ליכטל פֿון דאָרף,
איבער אים איז אַן ענדלאָזער הימל פֿאַרשפּרייט, אַרום אים
אַן אומענדלעכער רוים
און די ערד אונטער אים איז מיט מאָך נאָר באַוואַקסן, פֿון
אַ וועג איז קיין צייכן נישטאָ.
ווי, וואָס די שײַן פֿון מײַן לײַכטנדיקער לאָמפּ קאָן צו זײַן
אויג נישט דערגרייכן!
ווי, וואָס דער קלאַפּ פֿון מײַן בענקענדיק האַרץ קאָן צו זײַן
אויער נישט דערגיין!
אַ פֿלאַמענדיק פֿײַערל קנאַקט אויפֿן קוימען, שפּיגלט זיך
רויט אין די אַפּלען,
לאַנגזאַם פֿאַרלעשט זיך דאָס פֿײַער אין קוימען, דער פֿלאַם
אין מײַן בליק בלײַבט נאָך איבער,
די לאָמפּ הייבט־אָן צאַנקען אין נאַכטיקער שטילקייט, און
איך בלײַב אַליין אין דער פֿינצטער,
פֿול ווערט מײַן האַרץ מיט צאַפּלדיקער בענקשאַפֿט, איך האָף
אַלץ, אַט קומט ער, מײַן פֿרײַנד,
אַ ווינטעלע רוישט און מײַן בלוט הייבט־אָן זידן, איך
לויף אין מײַן נאַכטקלייד אַרויס,
דאָס האָבן נאָר בלעטער גערוישט אין די צווײַגן, די נאַכט
האַלט אים ווײַטער פֿאַרבאָרגן,
אונדזער באַרקע צו לענקען[2] צו אַ פֿריידיקן סוף, דאָס איז
אונדזער ציל.
שטייט זשע אויף, אַלע קעמפֿערס, וואָס קעמפֿן מיט זיך,
שטייט־אויף צום קאַמף!

---

[2] אַפּווענדן, געבן אַ ריכטונג.

# ברונעם אין פעלד

## אין פּאָגראָם־טעג

1

נאַקעט אין די ווינטערנעכט
וויל איך שטיין און פֿרירן,
ווי אַ בעטלער קלאַפּן שטיל
אין די פֿענצטער, טירן.

און ווו עס לײַדט אַ ייִדיש האַרץ
פֿון אָרעם אָדער רײַך,
עפֿנט־אויף און לאָזט־אַרײַן,
כ׳בין אַ ברודער אײַך.

נאָר ווו דאָס האַרץ נישט ייִדיש שוין
פֿון אונדזער צער שוין ווײַט,
וואַרף איך מײַן פֿאַראַכטונג־בליק
און זײַן וווינונג מײַד.

2

איינעמס גלויבן איז די שווערד,
איינעמס איז דער ווײַן,
דאָך מײַן גלויבן אויף דער ערד
זאָל מײַן גאָט נאָך זײַן.

איינעם זאָל זײַן האָב־און־גוטס,
איינעם פֿרויען ווײַלן,
מײַן נשמה איז צעבראָכן,
גאָט נאָר קאָן זי היילן.

מײַן נשמה, ווי אַ גילגול,
וואַנדערט אין דעם לעבן,
און קיינער קאָן נישט, אויסער גאָט,
איר אַ תּיקון געבן.

3

אין דעם טויטן, פּוסטן מאַרק
אין יעדער מיטן נאַכט,
וואַנדער איך אין טיפֿן צער
פֿאַרזונקען און פֿאַרטראַכט.

אַלע פֿענצטער, אַלע טירן
פֿאַרהאַקט און צוגעמאַכט,
דורך די לאָדנס פֿאַלט קיין שטראַל,
מ׳שלאָפֿט — דאָך איינער וואַכט.

אַלע ווײַלע ווענדט ער שטיל
זײַן טרערנבליק צום הימל,
שטערן ווינקען הויך און איינזאַם,
אַרום ליגט אַלץ אין דרימל.

1933

ישראל ראַבאָן

## יידן - פּרעסערס

זעקס מענטשן מיט שפּיציקע וואָנסעס ווי שפּיזן,
מיט ברייטע פּיסקעס, גרייט צום פּרעס,
מיט רויטע פֿויסטן, גראָבע ווי בײַ ריזן,
מיט פֿעטע בײַכער ווי קאָלבאַסן,
מיט באַקנבערד ווי לאָמפּאָסן —

טאַנצן אַ ראָד אַרום אַ מת.
טאַנצן און טאַנצן און ווערן נישט מיד,
פּאַטשן מיט הענט און זינגען מיט חוזק אַ ליד:

— אײַ, ווײַ, צימעס, פֿיש!
מאַזל טאָפּ, אַ גוטע טיש!
אַ פֿײַנע שנאַפּסע באַזשע דײַ [1]!
אײַ ווײַ, אײַ ווײַ!

דער מת — אַ ייִדל, קליין ווי אַ הערינג,
מיט פּאות דינע, ווי וואָנסעס פֿון קעץ;
ער ליגט אויף אַ רויטן קופּערנעם ראָנדל
און פּרעגלט זיך אין חזיר־פֿעטס.

אַ גויע מיט אַ לאַנגן קאָלטן,
מיט אַ נאָז, אַ רויטע פֿון שפּירט,
די האַלקע [2] פֿאַרשאַרצט ביז צום בויך,
דאָס פּנים פֿאַרסמאַליעט פֿון פֿלאַם און רויך,
שאַרט מיט אַ גאָפּל אין ראָנדל
און דרייט דאָס ייִדל און דרייט
און שרײַט:
— פּרעגל דיך, פּרעגל דיך, זשיד!

קוויקעט און קוואַקעט דאָס פֿעטס אויפֿן פֿײַער.
די גויִם שלינגען די פּאַרע מיט אַפּעטיט אײַן.
אין די פֿיר ווינקלען פֿון צימער שטייען פֿיר שטשורעס
און רײַבן מיט נאַסע נעז פֿיר ריבאַײַזנס כריין.

---

[1] גיב גאָט אַ פֿײַנעם שנאַפּס! — [2] אונטערקלייד.

אַהרן צייטלין

## אַ נסיעה

ווײַב, לאָמיר פּאַקן די טשעמאָדאַנען
און לאָמיר אַוועקפֿאָרן פֿון דאַנען.
אַ שטאָט איז וואַרשע אַ פּאַרשיווע —
מיר וועלן ניט זיצן נאָך איר קיין שבֿעה.
אויך זי וועט אונדז, כ'לעבן, לײַכט פֿאַרגעסן.
צום טײַוול, מ'ווערט דאָך דאָ פֿאַרזעסן.
ווּהין זשע זאָלן מיר זיך קערן?
וואַרט, אָט וועל איך די זאַך באַקלערן.
פּאַריז איז מיר צו קלוג און טומאהדיק.
ירושלים? שיין, נאָר אומעטיק.
בערלין — דאָס ווייסטו דאָך — איז וועלפֿיש.
לאָנדאָן — אַן אַלטער, פֿוילער וואַלפֿיש.
קיין ניו־יאָרק וויל גאָט נאָך אַלץ נישט קומען
און מאָסקווע האָט ליטוואַקאָוו פֿאַרנומען.
די שווייץ — אַ האָטעל. האָלאַנד — צו פֿרידלעך.
אין תּל־אָבֿיבֿ — באַלעבאַטישע ייִדלעך.
נאָר פֿאָרן מוז מען... איז לאָמיר פֿאָרן
און לאָמיר דעריאָגן די ערשטע יאָרן.
זיי מוזן נאָך ערגעץ אויף וועגן וואָגלען.
זיי טראָגן גליק אין לעדערנע לאָגלען.
זיי מוזן נאָך ערגעץ אויף וועגן וואַנדלען.
זיי זײַנען געפֿאָרן מיט ווינטן האַנדלען.
מיטן אַלטן גן־עדן פֿון אָדם־חוה
און מיטן עק פֿון דער גאָלדענער פּאַווע.
לאָמיר פֿאָרן — געשווינד, געשווינדער!
לאָמיר דעריאָגן — און ווערן קינדער,

1933

משה שימעל

## אויף אַ הילצערנער באַנק

דאָ, אויף דער הילצערנער באַנק,
וועלן מיר וואַרטן אויפֿן זונפֿאַרגאַנג,
ווי מיט יאָרן טויזנטער צוריק מיר האָבן געוואַרט.

ער וועט קומען, ער האָט אונדז נאָך קיין מאָל נישט אָפּגענאַרט.
מיר האָבן אַדורכגעמאַכט אַזוי פֿיל מײַלן...

איצט כוואַליעט זיך דער אָוונט איבער אונדז מיט שטויבן גאָלד —
איצט וועלן מיר זיך שטיל דערציילן,
שטיל און שיין,
וועגן זיך, וואָס מיר האָבן געוואָלט,
און וועגן דעם, וואָס ס'וועט נישט זײַן.
גרויס איז די מי.
דערלאַנג מיר, טײַערע, די הענט אין אָוונטגלי,
דערלייז, פֿאַרגיב מיר און פֿאַרשטיי — — —

ווײַל גיין מיט אויגן אָפֿענע טוט וויי...

וואַרשע 1936

חיים סעמיאַטיצקי

## וויגליד

שלאָף, מײַן קינד, מײַן טײַערס, דו,
ס׳וועט דײַן טאַטע מער נישט האַנדלען
מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען.
אַליע־לו, ליו־ליו.

אויפֿן וועג האָט מען אים צעשלאָגן,
ווען ער איז אין דאָרף געפֿאָרן
קויפֿן אַ קערבעלע און קאָרן, —
אַ פֿאַרבלוטיקטן געבראַכט צו טראָגן.

די זון לאַכט נאָך אויף דײַן וויג,
נאָר איך מאַך טיר און לאָדן צו.
פֿאַר שרעק איז אַנטלאָפֿן די ווײַסע ציג —
אַליע־ליו, ליו־ליו.

וויינסט ? ס׳איז דיר שווער צו שלאָפֿן
אויף דעם קישעלע פֿון האַרטן שטרוי,
די פֿעדערן זײַנען נישט אַליין אַנטלאָפֿן —
בייזע הענט האָבן עס געמאַכט אַזוי.

רויִק גייט פֿון פֿעלד די קו,
דאָס שעפּסעלע מעקעט פֿריילעך אין אָונטרויט.
דיר וועל איך הײַנט שוין געבן עסן אויפֿן לויט [1].
אַליע־ליו, ליו־ליו.

---

[1] (אַזוי וויניק) קוים 13 גראַם (1 קילאָ האָט 78 לויט).

װײן נישט, דער טאַטע איז נישט אַװעקגעפֿאָרן װײַט,
װאָס ר׳האָט זיך געזעגנט אַזױ שטאַרק.
ער איז נאָר מיט אַ ביסל סחורה אַרױס
צום הײַנטיקן שטעטלשן מאַרק.

שלאָף, מײַן קינד, מײַן טײַערס, אין רו,
מ׳לאָזט דײַן טאַטן מער נישט האַנדלען
מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען.
אַליע־ליו, ליו־ליו.

װאַרשע 1938

נחום באָמזע

## תּפֿילה פֿון מײַן מאַמען פֿאַר נאַכט

האַר, זאָל דײַן ליכט זײַן בלױז פֿאַרן טאָג
און די פֿינצטערניש פֿאַר דער נאַכט;
און זאָל מײַן קלײד, די אָרעמע טראַכט,
ליגן רױק אױפֿן בענקל איבער דער נאַכט.

זאָלן אין קלױסטער שטיל זײַן די גלעקער,
מײַן שכן איװאַן זאָל זײ נישט צעװיגן;
און זאָל דער װינט בײַ נאַכט נישט װעקן
די קלײנע קינדער אין די װיגן.

לאָז שלאָפֿן די הון אױף דער לײטער, די פֿערד אין שטאַלן
אין מיטן דער נאַכט — —
נעם־אַװעק דעם שטײן פֿון װעג, ס׳זאָל נישט פֿאַלן
דער גנבֿ אין מיטן דער נאַכט.

לאָז שטיל זײַן דער הימל איבער דער נאַכט —
פֿאַרהאַלט די בליצן, שטיל־אײַן די דונערן,
זיי זאָלן נישט איבערשרעקן די געווינערין,
נישט פֿאַר קיינעם געדאַכט.

די יונגע פֿייגל פֿאַרהיט פֿון שרעק
אין ווילדן וואַלד אויף אַ הויכן בוים.
לאָז די וואַסערן נישט אַרויס פֿון ברעג
בײַ נאַכט, אין זייער ווילדן שוים.

און מיך אַליין באַשיץ פֿאַר וואַסער, פֿאַרן בליץ,
פֿאַרן פֿײַער איבער מײַן דאַך.
און לאָז מײַן קלייד, די אָרעמע טראַכט,
ליגן רויִק אויפֿן בענקל איבער דער נאַכט...

1938

חיים סעמיאַטיצקי

## וויין נישט, קינד

וויין נישט, קינד,
דער האַרבסט וועט לאַנג נישט וווינען אין אונדזער לאַנד,
ער איז ווי אַן אָרעמאַן וואָס איז בלינד,
דער ווינט פֿירט אים בײַ דער האַנט.
שענק דעם האַרבסט ווי אַ גוטע מטבע אַוועק
דעם טרויער.
וועט ער ווייַנען פֿאַר פֿרייד,
ביז ער וועט צוקומען צום ווינטערדיקן פֿראָסטיקן טויער.
דער זומער האָט ליכטיקע אויגן,

בײַ טאָג די זון און בײַ נאַכט די לבֿנה.
דער ווינטער — אַ הדרת־פּנימדיקער זקן
מיט אַ ווײַסער באָרד איבער די קני אויסגעצויגן.
טאָ גיב דעם בלינדן האַרבסט דײַן טרויער אַ מתּנה.

1938

## א. וואָגלער

# קאָשמאַר

דורך דער געגנט רײַט דער שוואַרצער רויבער — דער ראָב,
דער טאָג זוכט שוץ אין די ברוינע אויגן פֿון שאָף;
דער דיכטער וויל פֿאַרהיטן די תּפֿילה — זײַן גוטס־און־האָב —
און פֿאַרשליסט זיך אין זײַן בלויען פּאַלאַץ: דעם שלאָף.

איבער אים דער טויט — אַ שוואַרצער אָדלער — שוועבט,
און אויף דער רויטער רויז, זײַן יוגנט — פּחדים, שפּינען הענגען,
נאָר די טויב — זײַן וואָרקענדיק געזאַנג — זי לעבט
און פֿון זײַן האַרץ — איר נעסט — זי פֿליט־אַרויס אַ טרייסט
אים ברענגען.

צו דער זון פֿליט דאָס איינזאַמע ליד פֿון פּאָעט,
און דער אָדלער איבער איר האָט אויסגעשפּרייט
די נאַכט, זײַן פֿליגל, נאָר די טויב האָט נישט קיין חטא
און די תּמימות — איר וואָפֿן — צום געראַנגל איז גרייט...

דער אָדלער איז נישט גובֿר זײַן קרבן און זוכט זײַן רויב,
דעם מולד — זײַן רויטן שנאָבל — שאַרפֿט ער אָן די פּאַזורעס,
די כמאַרעס — —
און פֿאַרן דיכטער אַ שלעכטן גרוס עס ברענגט די טויב —
די זון, זײַן שוועסטער אין געפֿאַר איז...

ווילנע 1939

מרדכי געבירטיג

# ס׳ברענט!

ס׳ברענט! ברידערלעך, ס׳ברענט!
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל, נעבעך, ברענט!
בייזע ווינטן מיט ירגזון
רײַסן, ברעכן און צעבלאָזן
שטאַרקער נאָך די ווילדע פֿלאַמען,
אַלץ אַרום שוין ברענט.

ANDANTE
אוי ·· ברענט עס לעך-דער-ברי ברענט עס
- ,- ברענט בעך-נע טל-שטע רעם-אָ דזער-אונ
זן-בלאָ-צע און כן-ברע סן-רײַ זון-רג - י מיט טן-ווינ זע-ביי
ברענט שוין רום-אַ אַלץ ·· מען-פֿלאַ די - נאָך קער-שטאַר
MODERATO
הענט טע-לייג - פֿאַר מיט זיך זוי-אַ קוקט און שטייט איר און
- ברענט טל-שטע דזער-אונ זיך זוי-אַ קוקט און שטייט איר און

און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
מיט פֿאַרלייגטע הענט,
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך —
אונדזער שטעטל ברענט...
ס׳ברענט! ברידערלעך, ס׳ברענט!
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל, נעבעך, ברענט!
ס׳האָבן שוין די פֿײַער־צונגען
דאָס גאַנצע שטעטל אײַנגעשלונגען —
און די בייזע ווינטן הודזשען,
אונדזער שטעטל ברענט!

צוזינג:
און איר שטייט — — —

ס׳ברענט! ברידערלעך, ס׳ברענט!
אוי, עס קען חלילה קומען דער מאָמענט:
אונדזער שטאָט מיט אונדז צוזאַמען
זאָל אויף אַש אַוועק אין פֿלאַמען,
בלײַבן זאָל — ווי נאָך אַ שלאַכט —
נאָר פוסטע, שוואַרצע ווענט!

צוזינג:
און איר שטייט — — —

ס׳ברענט! ברידערלעך, ס׳ברענט!
די הילף איז נאָר אין אײַך אַליין געווענדט.
נעמט די כּלים, לעשט דאָס פֿײַער,
לעשט מיט אײַער אייגן בלוט,
באַווײַזט, אַז איר דאָס קענט.
שטייט ניט, ברידער, אָט אַזוי זיך
מיט פֿאַרלייגטע הענט.
שטייט ניט, ברידער, לעשט דאָס פֿײַער —
אונדזער שטעטל ברענט!

משה שימעל

## עס קומען לויטערע טעג

וויין ניט, יינגעלע, וויש־אָפּ דײַנע אויגן —
עס וועט נאָך זײַן גוט.
מיר וועלן פֿאַרהיילן די ווונדן,
וואָס טריפֿן מיט בלוט.
מיר שטייען אַליין אויף דער גאָרער וועלט
קעגן זון וואָס פֿאַרגייט,
אַליין, אַליין.
אַליין מיט אונדזער פּײַן.
אַליין מיט אונדזער אָרעמקייט.
אַליין — אַליין.

מיר מוזן געפֿינען אַליין
אַ טרייסט פֿאַר דיר
און אַ טרייסט פֿאַר מיר,
און אַליין פֿאַרקלעפּן די ווענט,
און אַליין פֿאַרריכטן די טיר.
זאָלן זיי סטראַשען מיט מעסערס,
זאָלן זיי שלאָגן און רויבן!
מיר׳ן פֿאַרריכטן די טישן,
מיר וועלן אַרײַנשטעלן שויבן,
איין מאָל און צוויי מאָל און דרײַ מאָל,
ביז אין דעם לעצטן מאָל, דעם געגאַרטן —
מיר האָבן געדולד, מיר קענען וואַרטן.

די לבֿנה גייט־אויף איבערן שטעטל,
ווי דאָס פּנים פֿון אַ בייזן גוי,
מיר שאַרן־צונויף די פּעדערן,
מיר שאַרן־צונויף דאָס שטרוי.
וויין ניט, ייִנגעלע, ווישׁ־אָפּ דײַנע אויגן,
זײַ שטיל, וויין ניט, וויין ניט, ייִנגעלע.

וויין ניט, וויין ניט, ייִנגעלע,
מיר וועלן פֿאַרריכטן דעם טיש,
און די בענק און דעם דיל,
מיר וועלן אויפֿשטעלן די שטוב,
וואָס זיי האָבן פֿאַרברענט —
עס וועלן נאָך גלײַען אין זון
די געקאַלעכטע ווענט.

וויין ניט, ייִנגעלע,
ווישׁ־אויס דײַנע טרערן —
עס וועט נאָך זײַן גוט.
וויין ניט, וויין ניט, ייִנגעלע!
וויין ניט, וויין ניט, ייִנגעלע —
עס קומען לויטערע טעג,
עס קומען לויטערע טעג.

יעקב גלאַטשטיין

## אַ גוטע נאַכט, וועלט!

אַ גוטע נאַכט, ברייטע וועלט,
גרויסע, שטינקענדיקע וועלט.
נישט דו, נאָר איך פֿאַרהאַק דעם טויער.
מיט דעם לאַנגן כאַלאַט,
מיט דער פֿײַערדיקער, געלער לאַט,
מיט דעם שטאָלצן טראָט,
אויף מײַן אייגענעם געבאָט —
גיי איך צוריק אין געטאָ.
וויש־אָפּ, צעטרעט אַלע געשמדטע שפּורן.
כ׳וואַלגער זיך אין דײַן מיסט,
לויב, לויב, לויב,
צעהויקערט יידיש לעבן.
חרם, וועלט, אויף דײַנע טריפֿענע קולטורן.
כאָטש אַלץ איז פֿאַרוויסט,
שטויב איך זיך אין דײַן שטויב,
טרויעריק יידיש לעבן.

חזירישע דאַטש, עיפּושדיקע ליאַך [1],
עמלק גנבֿ, לאַנד פֿון זויפֿן און פֿרעסן.
שלאַברע [2] דעמאָקראַטיע, מיט דײַנע קאַלטע
סימפּאַטיע־קאָמפּרעסן.
אַ גוטע נאַכט, עלעקטריש צעחוצפּהטע וועלט.
צוריק צו מײַן קעראָסין, חלבֿנעם שאָטן,
אייביקן אָקטאָבער, דריבנע שטערן,

---

[1] פּאָליאַק. — [2] צעקראַכענע.

צו מײַנע קרומע גאַסן, הויקערדיקן לאַמטערן,
מײַנע שמות, מײַן סוואַרבע[3],
מײַנע גמראס, צו די האַרבע
סוגיות, צום ליכטיקן עבֿרי־טײַטש,
צום דין, צום טיפֿן מיין, צום חובֿ, צום גערעכט,
וועלט, איך שפּאַן מיט פֿרייד צום שטילן געטאָ־לעכט[4].

אַ גוטע נאַכט. כ׳גיב דיר וועלט, צו שטײַער
אַלע מײַנע באַפֿרײַער.
נעם־צו די יעזוסמאַרקסעס, ווערג זיך מיט זייער מוט!
קראַפּיר איבער אַ טראָפּן פֿון אונדזער געטויפֿט בלוט.
און איך האָב האָפֿן, אַז כאָטש ער זאַמט זיך,
גייט־אויף טאָג־אײַן טאָג־אויס מײַן וואַרטן.
ס׳וועלן נאָך רוישן גרינע בלעטער
אויף אונדזער בוים דעם פֿאַרקוואַרטן[5].
איך דאַרף קיין טרייסט נישט.
איך גיי צוריק צו די ד׳ אַמות,
פֿון וואַגנערס געצמוזיק צו ניגון, ברומען.
כ׳קוש דיך, פֿאַרקאָלטנט יידיש לעבן.
ס׳ווײנט אין מיר די פֿרייד פֿון קומען.

ניו־יאָרק 1938

---

[3] עשרים וּאַרבע. — [4] ליכט. — [5] פּאַרדאַרטן.

אַהרן צייטלין

## ווער איז אונדז שולדיק?

ווער איז אונדז שולדיק, וואָס מיר קומען־אום,
וואָס מיר קענען פֿון אונדזער לעבן גאָר נישט מאַכן!
אַן אויג וועט נאָך אין יאָרן הונדערטער אַרום
זיך אָנטרינקען מיט זון און קינדער וועלן לאַכן.

און ס׳וועלן זיך נאָך ווײַזן הענט וואָס שענקען
אָנשטאָט די הענט וואָס הייבן די באַגנעטן,
און אויפֿשטיין וועלן — גרויס אין זייער גאָר נישט מער
געדענקען —
נישט־הײַנטיקע, בוקאָלישע[1] פּאָעטן.
דער וואָס קומט־אום איז שולדיק. אונטערגאַנג איז שולד.
און שולד איז שטראָף. און שטראָף וועט אונדז נישט מײַדן.
עס איז די מאָס פֿאַרפֿולט.
און וואָס אַ האַנט פֿאַרזייט — דאָס מוז זי שנײַדן.

אונדז וועלן גאַנץ אויסוווערגן. מיר וועלן ליגן אונטער אַש
און ס׳גרינע דאָרף וועט ירשענען די טויטע כּרכן.
אַ יונגער רעגן וועט די ערד, די אַלטע, וואַשן
און זאַכן וועלן ריידן נײַע שפּראַכן —
און גאָט וועט נידערן, און קינדער וועלן לאַכן.

וואַרשע 1933

---

[1] דאָרפֿישע, אידילישע.

# צו דער כאראקטעריסטיק

## ערבן חורבן



בלעטער פון געשיכטע, שפראכפארשונג, קרימיק און זכרונות

מ. בורשטין

## ווי אַזוי איך האָב אָנגעהויבן שרייבן*

איך וויל נישט ריידן וועגן דעם, וואָס איך שרײַב און ווי אַזוי איך שרײַב. וועגן דעם האָבן דאָ גערעדט קריטיקערס, וואָס זײַנען דערצו באַרופֿן. איך וויל נאָר זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם ווי אַזוי איך האָב אָנגעהויבן צו שרײַבן.

דער צופֿאַל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל זייער יונג נאָך אָפּגעריסן ווערן פֿון מײַן היים און אַרײַנפֿאַלן אין אַ גאַנץ נײַער און פֿאַר מיר פֿרעמדער וועלט. די היים האָט פֿאַר מיר באַטײַט נישט בלויז טאַטע־מאַמע און פֿאַמיליע, נאָר אַ סבֿיבֿה מיט אַ באַשטימטן, אייגנאַרטיקן לעבן־שטייגער, מיט פֿעסטע טראַדיציאָנעלע פֿאָרמען.

דאָס לעבן צווישן מענטשן, וואָס זײַנען ווײַט פֿון ייִדן, אָפֿט מאָל אָפּגעפֿרעמדט, פֿײַנטלעך צו זייער שטאַם, האָט מיר געבראַכט פֿיל שמערצלעכע אַנטוישונגען. מײַן חובֿ איז געווען דאַנקבאַר צו זײַן די דאָזיקע מענטשן. איך האָב פֿון זיי פֿיל גענאָסן. איך האָב אָבער געפֿילט, אַז עס רײַסן זיך איבער די פֿעדעם, וואָס פֿאַרבינדן מיך מיט מײַן היים, מיט ייִדן בכלל. דאָס זאָג איך איצט.

דעמאָלט אָבער האָב איך זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון פֿון דעם, וואָס אין מיר קומט־פֿאָר. איך האָב פֿאַרקערט צווישן אינטעלעקטועלע, וואָס האָבן געהאַט אַ נאָמען אין לאַנד. אויסערלעך איז אַלץ געווען גוט.

---

* דאָס איז געווען אַ רעדע, וואָס מ. בורשטין האָט געהאַלטן אויפֿן אָוונט, וואָס איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן לכבוד דעם דערשײַנען פֿון זײַן בוך גורל, אָנהייב 1936, אין וואַרשע. אינעם אָוונט האָבן זיך באַטייליקט: נ. מייזיל, נ. פּריִלוצקי, ל. פינקעלשטיין, אלחנן צייטלין, ב. שעפֿנער. די אַרטיסטן א. מאָרעווסקי און א. סאַמבערג האָבן רעציטירט פראַגמענטן פון פלוינע און גורל.

ס'איז מיר אָבער געווען זייער שלעכט, ווײַל הינטער מיר איז געווען אַ ייִדישע פֿאַרגאַנגענהייט. איך האָב זי פֿאַרראָטן.

ווידער איז אין מײַן לעבן געשען אַ צופֿאַל. מײַנע נאָענטסטע האָבן אויסעמיגרירט און זיך באַזעצט אין אַ ווײַט לאַנד. איך האָב נישט געוואָלט און נישט געקענט זיך שיידן מיט פּוילן און איך בין דאָ געבליבן אַליין.

בילדער פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט זײַנען אויפֿגעשווומען אין מײַן זכּרון, זכרונות פֿון דער קינדהייט און מײַן שטעטל. וואָס מער איך בין אײַנגעוואָקסן אין דער פֿרעמדער סבֿיבֿה אַלץ שטאַרקער האָט עס מיך געצויגן צוריק אַהיים. כ'האָב געפֿילט, אַז כ'דאַרף עפּעס טאָן פֿאַר זיך, מײַן לעבן זאָל זײַן אויפֿריכטיק און באַקומען אַ זין. דעמאָלט — דאָס איז געווען די צײַט פֿון דער אַזוי גערופֿענער „גראַבשטשיזנע"[1],— איז צו מײַנע אויערן דערגאַנגען אַ דערשטיקטער ווײ פֿון מײַן שטעטל. איך האָב דאָרט שוין קיינעם נישט געהאַט אַחוץ די מויערן פֿון די שטיינער, וואָס זײַנען געווען אײַנגעהאַקט אין מײַן האַרץ.

אָפּט מאָל און שטילערהייט, ווי איך וואָלט זיך פֿאַר וועמען אויסבאַהאַלטן — פֿאַר וועמען ווייס איך עד היום נישט — האָב איך זיך אַרויסגעגנבֿעט פֿון דער גרויסער שטאָט און צוגעפֿאָרן אין דער אַלטער היים. דאָס, וואָס ס'איז פֿאַרבליבן אין מײַן זכּרון פֿון דער קינדהייט און נאָך וועלכן כ'האָב אַזוי שטאַרק געבענקט, האָב איך דאָרטן מער נישט געפֿונען. די אַלטע לעבן־פֿאָרמען זײַנען צעשטערט געוואָרן. קיין נײַע זײַנען נישט אויפֿגעקומען. שיפֿלות, הכנעה און געבראָכנקייט האָבן באַהערשט דאָס ייִדישע לעבן און איבער דעם אַלעם האָט זיך געטראָגן די שרעק פֿאַר דעם אומבאַקאַנטן און פֿרעמדן מאָרגן.

איך האָב בײדע וועלטן פֿאַרלוירן.

---

[1] אַזוי האָט מען אַ נאָמען געגעבן יענע יאָרן אין פּוילן, ווען גראַבסקי איז געווען פֿינאַנץ־מיניסטער און ער האָט געריסן הויכע שטײַערן אָן רחמנות.

איין מאָל, אין עפּעס אַן אומעטיקן פֿאַרנאַכט, האָט דאָס געמיט באַזונדערס שווער געדריקט. איך האָב נישט געוווּסט, וואָס מיר איז און וואָס מיר פֿעלט. איך האָב זיך נישט אָפּגעגעבן דערפֿון קיין חשבון, און עפּעס אָנגעוואָרפֿן אויף פּאַפּיר. דאָס, וואָס כ׳האָב אָנגעשריבן, האָט מיך פֿאַראינטערעסירט. ס׳איז מיר פֿאָרגעקומען ניי און דאָך באַקאַנט. שפּעטער האָב איך די זאַך איבערגעלייענט. דאָס איז געווען דאָס צווייטע קאַפּיטל פֿון איבער די חורבֿות פּלוינע מיטן קעפּל שלום ושלוה, די ערשטע זאַך, וואָס כ׳האָב אויפֿגעשריבן. ס׳איז פֿאַר מיר געווען אַ שטאַרקע איבערלעבעניש. אַ נייע וועלט האָט זיך פֿאַר מיר אַנטפּלעקט און איך האָב קלאָר געזען אַן אויסוועג אין מײַן לאַגע.

זאָל מיר דערלויבט זײַן צו דערציילן אַ קוריאָז וועגן מײַן שטימונג אין יענער צײַט. די נאַכט, ווען כ׳האָב אויפֿגעשריבן דאָס קאַפּיטל שלום ושלוה, איז פֿאַר מיר געווען אַ נאַכט פֿון קאָשמאַרן. פֿאַר מײַנע אויגן האָט געשוועבט די געשטאַלט פֿונעם העלד, וועלכן כ׳האָב באַשריבן. דאָס איז געווען אַ פֿעטער מײַנער, אַ חסידישער ייִד, מיט בלויע, פֿאַרחלומטע אויגן. ער איז אויף אַ טראַגישן אופֿן אומגעקומען בשעת דער מלחמה. באַשרײַב — האָט ער מיר געזאָגט — באַשרײַב אַלץ, וואָס געשעט מיט אונדז, ווי אַזוי מיר ווערן פֿאַרפֿײַניקט.

איך האָב געשריבן נישט מחמת אײַבערגלויבן. דאָס שרײַבן האָט באַרויִקט מײַן געוויסן און פֿאַרשאַפֿט מיר פֿרייד. אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען איבער די חורבֿות פּלוינע.

פּלוינע איז געווען אַ חובֿ, וואָס איך האָב אָפּגעצאָלט מײַן אַלטער היים. און גורל? גורל איז אַן אָפּשפּיגלונג פֿון דער פֿרעמדער סבֿיבֿה, אין וועלכער איך האָב געלעבט. נישט קיין פֿאַראַכטונג פֿיל איך צו די דאָזיקע מענטשן. ס׳איז גיכער מיטלייד. זיי זײַנען טראַגיש אין זייער גורל. אַן אידעע, אַ גרויסע אילוזיע איז צערונען געוואָרן, און זיי לעבן־איבער די גרעסטע אַנטוישונג, וואָס אַ קאָלעקטיוו קאָן איבערלעבן.

פלוינע און גורל זײַנען בײדע זײַטן פֿון דעם זעלביקן מעדאַל. ווען איך האָב געשריבן גורל, האָבן זיך אַרײַנגעריסן טענער פֿון פלוינע. די ייִדישע אַסימילירטע אינטעליגענץ און דאָס פֿאָלקסטום זײַנען איצט גלײַך. עס האָט זיי אויסגעגלײַכט די ייִדישע טראַגישע ווירקלעכקייט. איין גורל שוועבט איבער אַלע.

נאָך פלוינע און גורל פֿיל איך זיך ווי אַ מענטש, וואָס האָט אָפּגעצאָלט זײַנע פּערזענלעכע חובֿות. איצט האָב איך פֿרײַע הענט.

שלמה שווייצער

# דאָס יידישע קולטור־לעבן אין פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות *

דער קולטורעלער פונאַנדערבלי פונעם פּוילישן ייִדנטום צווישן ביידע וועלט־מלחמות איז נישט אָפּצוטיילן פון די טיפע געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע אַנט־וויקלונגען, וואָס זײַנען אָנגעגאַנגען אין זײַנע טיפענישן. די דאָזיקע אַנטוויקלונ־גען האָבן זיך נאָך אָנגעהויבן בײַם סוף פונעם פריערדיקן יאָרהונדערט און האָבן אַרומגענומען דעם גאַנצן ייִדישן מאַסיוו אין מזרח־אייראָפּע. אָבער ערשט אין פּוילן פון צווישן ביידע וועלט־מלחמות האָבן זיי, דער עיקר צוליב דעם פּאַרנעם און דער קאָמפּאַקטקייט פון דעם דאָרטיקן ייִדישן ישוב, אָבער אויך ווי אַ רעזולטאַט פון אַלגעמיינע אַנטוויקלונגען אין לאַנד, באַקומען זייער בולטסטן אויסדרוק און זײַנען געוואָרן דער סטימול צו דער ברייט־פאַרצווײַגטער אַקטי־וויטעט אויסצובררייטערן און צו פאַרטיפן דאָס גײַסטיקע לעבן פון די ייִדישע מאַסן.

מיטן אײַנברעכן זיך פון דעם אַלטן סאָציאַל־עקאָנאָמישן שטייגער פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין פּוילן האָט זיך אויך בהדרגהדיק אײַנגעבראָכן דער אַלטער גײַסטיקער שטייגער, וואָס איז געווען אײַנגעפונדעוועט אין אָפּהיטן מצוות און אין תורה לערנען, אין רעליגיע און געוווינהייטן. די דאָזיקע

---

* פון ספר השנה, יאָרבוך, דורך דער וועלט־פעדעראַציע פון פּוילישע ייִדן, באַנד 2, רעד׳ אַריה טאַרטאַקאָווער, תל־אָביב 1967, זז׳ 112—209.

אַנטוויקלונג האָט נישט אויסגעמיטן אויך דאָס חסידות, וואָס איז בשעתו געווען אַן עכטע פֿאָלקס־באַוועגונג און האָט אין די מאַסן אַרײַנגעשטראָמט נײַע לעבעדיקע, זאַפּטיקע כּוחות.

די נײַע טענדענצן, וואָס האָבן זיך זינט דער צווייטער העלפֿט פֿונעם פֿריִערדיקן יאָרהונדערט גענומען אַנטוויקלען אין פֿאָלק, דער עיקר צווישן די אויפֿגעקלערטע שיכטן, זײַנען אין אַ גרויסער מאָס געווען באַפֿאַרבט מיט וועלטלעכקייט. אַזאַ איז טאַקע געווען די השכּלה־באַוועגונג. אָבער די השכּלה, די אויפֿקלערונג, האָט צווישן די מאַסן פֿון מזרח־אייראָפּע געטראָגן אַן אַנדער כאַראַקטער ווי אין מערב־אייראָפּע, וווּ איר טײַטש און גורל איז געווען אַסימילאַציע. דאָ, אין פּוילן, אַזוי ווי אין אַנדערע מזרח־אייראָפּעיִשע קאָמפּאַקטע ייִדישע ישובֿים, האָט די השכּלה געבראַכט צו דער אויפֿלעבונג פֿון אַ מאָדערנער ייִדישער און אַ מאָדערנער העברעיִשער ליטעראַטור און צום ייִדישן נאַציאָנאַלן רענעסאַנס בכלל.

די מאָדערנע באַוועגונגען (סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע), וואָס האָבן אויפֿגעשפּראָצט צווישן די ייִדישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע — און בעיקר אין פּוילן אין סוף פֿון 19טן און אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט, האָבן דירעקט צי אומדירעקט געצויגן זייער יניקה פֿון דער השכּלה און אַפֿילו פֿונעם חסידות, האָבן איבערגענומען פֿון זיי דאָס, וואָס איז אין זיי ביידע געווען עכט פֿאָלקסטימלעך און עכט ייִדיש.

...אויף דער ייִדישער ליטעראַטור האָט זיך גענומען דערציִען דער ייִדישער מאַסנמענטש נאָך דעם ווי ער האָט אויפֿגעהערט צו לעבן אויסשליסלעך אין תּחום פֿון דער אמונה, פֿון חוקים און מצוות, פֿון בית־מדרש און שטיבל, פֿון איר האָט ער אין אַ גרויסער מאָס געשעפּט זײַן נײַע אידייען־וועלט, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין אויספֿורעמען. די ייִדישע ליטעראַטור האָט אויסגעברייטערט זײַנע האָריזאָנטן, אויפֿגעוועקט און אַנטוויקלט אין אים דאָס באַדערפֿעניש גײַסטיק אויסצולעבן זיך, אויפֿצונעמען נײַע געדאַנקען.

ווי פֿאַרשיידנאַרטיק עס זײַנען געווען די מאָטיוון, וואָס די ייִדישע ליטעראַטור אין פּוילן האָט אַרויסגעבראַכט אין די 25 יאָר פֿון דער ערשטער וועלטמלחמה ביז דער חורבן־תּקופֿה, איז זייער אויסגאַנגפּונקט בדרך כּלל דאָך געווען אַ געמיינזאַמער. כמעט אַלע האָבן זיי אַרויסגעשפּראָצט פֿון די קערנדלעך, וואָס פּרץ האָט בשעתו פֿאַרזייט. „די וועלט מיט ייִדישע אויגן געזען", „די וועלט זען און די ייִדישע נשמה אין איר אַנטדעקן" — האָט געהייסן פּרצעס דעוויז, וואָס האָט באַטײַט, ווי יעקב גלאַטשטיין דריקט זיך אויס, אַרײַנגיין „אין די מאַרשירנדיקע רייען פֿון דער וועלט ווי באַוווּסטזיניקע ייִדן".

...שטאָף האָט דעם ייִדישן דיכטער און פּראָזאַיִקער אין פּוילן נישט געפֿעלט, נישט אין אַלגעמיינעם, נישט אין ייִדישן לעבן. די כסדרדיקע קריזיסן, די סאָ־

ציאַלע און פּאָליטישע קאַמפן, די ייִדישע רעכטלאָזיקייט, אָרעמקייט און נויט האָט זיי ממש געצוווּנגען אויפצונעמען די פּראָבלעמען און זיי אַרויסברענגען אין זייערע שאַפונגען.

דער ייִדישער שרײַבער אינעם צווישנמלחמהדיקן פּוילן איז נישט געווען אָפּצוטיילן פון דעם דאָרטיקן ייִדישן מאַסן־לעבן. ער האָט טיף געשטעקט אין אים, האָט עס מיטגעלעבט און מיטגעווירקט.

...אין אַזאַ אַטמאָספער פון אינטענסיווקייט האָט דער ייִדישער שרײַבער נישט געקענט פאַרמאָגן קיין לאַנגן אָטעם. אים האָט אינטערעסירט דאָס לויפנדיקע לעבן מיט זײַן אומרו, מיט זײַן אימפּעט, מיט זײַנע ברענענדיקע פּראָבלעמען. די מאָטיוון, וואָס דער ייִדישער שרײַבער האָט אַרויסגעבראַכט, זײַנען געווען די געפילן און איבערלעבענישן פון דעם ייִדישן פאָלקסמענטשן אין פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות. געווען זײַנען זיי פאַרשיידענע, אָפט מאָל קעגנזעצלעכע. פון איין זײַט — דאָס געפיל פון דורותדיקער פאַרוואָרצלטקייט אין דער ערד פונעם לאַנד, פון דער אַנדערער זײַט — דאָס געפיל, אַז אַלץ ברעכט זיך אײַן, אַז די צוקונפט איז אַן אויסזיכטלאָזע. אַן עקשנותדיק קלאַמערן זיך אינעם אָרט און אַ ווילן נישט לאָזן זיך אויסוואָרצלען, אָבער אין דער זעלביקער צײַט — בהלה און עמיגראַציע־שטימונגען. דער באַוווּסטזײַן פון דעם ייִדן, וואָס קעמפט פאַר זײַנע רעכט ווי אַ גלײַכער בירגער פונעם לאַנד און צו גלײַך דער באַוווּסטזײַן פון זײַן אַנדערשקייט, פון זײַן שטאָלצקייט, וואָס טרײַבט אים צו זען זײַן צוקונפט אונטער אַנדערע, נישט־פּוילישע הימלען, ראָמאַנטישע בענקשאַפט נאָך דער פאַרגאַנגענהייט און שטרעבן צו באַנײַען דאָס לעבן און זײַנע פאָרמען. דאָס איז געווען די טראַגיק פונעם ייִדישן מענטשן אינעם צווישנמלחמהדיקן פּוילן, זיין צעשפּאָלטנקייט, און דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אין איר איז געשילדערט געוואָרן אי די טראַדיציאָנעלע היימישקייט, די פּאַטריאַרכאַלישקייט, די פאָלקסטימלעכקייט, די אידילישקייט פון אַמאָל (זשיטניצקי, פּערלע, גילבערט, אולינאָווער), אי די צוגעבונדנקייט צו דער ערד, צו דער לאַנדשאַפט (קולבאַק, רחל קאָרן, ירחמיאל גרין, מ. בורשטין, בער האָראָוויץ), אי דער צעפאַלונג־פּראָצעס פונעם טראַדיציאָנעלן ייִדישן לעבן, פון דעם אַלטן לעבן־שטייגער, אי די געפאַרן, וואָס דראָען דעם ייִדישן קיבוץ (וואַרשאַווסקי, האָראָנטשיק, ראַשקין, בורשטין, טיילווײַז אויך פּערלע און מאַסטבוים).

Joseph Lifshitz Fund



ביז איצט דערשינען פֿאַר דער ביבליאָטעק
**מוסטערווערק פֿון דער יידישער ליטעראַטור**
אונטער דער רעדאַקציע פֿון שמואל ראָזשאַנסקי

1) **שלמה עטינגער — אויסגעקליבענע שריפֿטן**
2טע אויפֿלאַגע (312 זײַטן)

2) מאַרק וואַרשאַווסקי — **יידישע פֿאָלקסלידער**, 2טע אויפֿלאַגע (216 זײַטן)

3) ה. ד. נאָמבערג — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**
2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)

4) מענדעלע מוכר־ספֿרים — **מסעות בנימין השלישי**
2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)

5) לייב נײַדוס — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (208 זײַטן)

6) יעקבֿ דינעזאָן — **יאָסעלע, קריזיס**, 3טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)

7) משה בראָדערזאָן — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (272 זײַטן)

8) אליהו בחור — **בבֿא־בוך** 2טע אויפֿלאַגע (256 זײַטן)

9) דוד פּינסקי — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, 2טע אויפֿלאַגע (352 זײַטן)

10) שמעון פֿרוג — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (216 זײַטן)

11) י. ל. פּרץ — **אין 19טן יאָרהונדערט**, 2טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)

12) י. ל. פּרץ — **אין 20סטן יאָרהונדערט**, 2טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)

13) מאָריס ראָזענפֿעלד — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** 2טע אויפֿלאַגע
(240 זײַטן)

14) **דוד האָפּשטיין, איזי כאַריק, איציק פֿעפֿער — שריפֿטן** (272 זײַטן)

15) מרדכי ספּעקטאָר — **דער יידישער מוזשיק, ראָמאַן** (272 זײַטן)

16) ה. לייוויק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (352 זײַטן)

17) **שלום עליכם — מנחם־מענדל**, 2טע אויפֿלאַגע (272 זײַטן)

18) אבֿרהם גאָלדפֿאַדען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן**, 2טע אויפֿלאַגע
(256 זײַטן)

19) י. י. שוואַרץ — **קענטאָקי**, א. ראַבאָי — **הער גאָלדענבאַרג**
(פּיאָנערן אין אַמעריקע), 2טע אויפֿלאַגע (312 זײַטן)

20) חיים־נחמן ביאַליק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (384 זײַטן)

21) ש. אַנ־סקי — אויסגעקליבענע שריפֿטן (296 זײַטן)
22) מענדעלע מוכר־ספֿרים — פֿישקע דער קרומער (256 זײַטן)
23) יוסף אָפּאַטאָשו — אין פּוילישע וועלדער (416 זײַטן)
24) זלמן רייזען — אויסגעקליבענע שריפֿטן (304 זײַטן)
25) יהואָש — אויסגעקליבענע שריפֿטן (320 זײַטן)
26) גליקל האַמיל — זכרונות (352 זײַטן)
27) שלום עליכם — טבֿיה דער מילכיקער 2טע אויפֿלאַגע (288 זײַטן)
28) אבֿרהם רייזען — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 2טע אויפֿלאַגע (320 זײַטן)
29) אַנטאָלאָגיע — די פֿרוי אין דער ייִדישער פּאָעזיע (416 זײַטן)
30) ר׳ נחמן בראַצלעווער — סיפּורי־מעשׂיות (224 זײַטן)
31) מרדכי אַלפּערסאָן — אין אַרגענטינע (320 זײַטן)
32) פּרץ הירשביין — אויסגעקליבענע שריפֿטן (336 זײַטן)
33) אַנטאָלאָגיע — ייִדיש אין ליד (264 זײַטן)
34) מנחם באָריישאָ — דער פֿרעמדער, זאַול רימער (320 זײַטן)
35) אַנטאָלאָגיע — ווען אַ פֿאָלק דערוואַכט (464 זײַטן)
36) אַנטאָלאָגיע — נוסח השׂכּלה (272 זײַטן)
37) ז. סעגאַלאָוויטש — לידער, דערציילונגען, זכרונות (352 זײַטן)
38) מעשׂה־בוך, צוגעגרייט פֿון יעקבֿ מייטליס (368 זײַטן)
39) אונטער אָקופּאַציע: עוזר וואַרשאַווסקי / שמוגלערס. (328 זײַטן)
40) ערבֿ חורבן: מיכאל בורשטין / בײַ די טײַכן פֿון מאַזאָוויע און לידער פֿון 14 ייִדישע פּאָעטן.

בקרוב דערשײַנען אָט די 2 ביכער:

41) חורבן: אַנטאָלאָגיע / פּאָעזיע, פּראָזע.
42) אויפֿשטאַנד: אַנטאָלאָגיע / פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע.

אין 1970 וועלן דערשײַנען אָט די 4 ביכער:

43) איציק מאַנגער / לידער, פּראָזע, עסייען
44) דוד בערגעלסאָן / דערציילונגען
45) משה נאַדיר / הומאָר, קריטיק, פּאָלעמיק
46) אַנטאָלאָגיע / דאָס קינד אין דער ייִדישער פּאָעזיע און פּראָזע

MICHOEL BURSHTIN

# Entre los ríos de Mazovia

Y

## 14 POETAS ANTES DEL HOLOCAUSTO

•

Director: SAMUEL ROLLANSKY

1970

ATENEO LITERARIO EN EL INSTITUTO CIENTIFICO JUDIO

Pasteur 633-3º Buenos Aires